לייב ראָכמאַן

# דער מבול

(דערציילונגען)



ירושלים תשל״ח, 1978

דעם אָנדענק פון

מיין מאַמען

רבקה בלומע הי״ד

וואָס האָט אַלע האָפענונגען

געלייגט אויף מיר

ל ײ ב ל

# אינהאַלט


| | |
|---|---|
| די דין-תורה | 9 |
| דער היצעל | 54 |
| ליכטער אין דער נאַכט | 68 |
| דער רעגן-בויגן | 85 |
| אַרויס פון טאָל | 101 |
| דאָס ראָד | 119 |
| דער פחד | 133 |
| די לוויה | 152 |
| מיר גייען צום כותל מערבי | 160 |
| הויך איבערן פעלד | 171 |
| דער מבול | 184 |

# די דין-תורה

א

זי איז געפאָרן, די דעלעגאַציע, אין אַ לאַנגן, שמאָלן טונעל. פון ביידע זייטן הויך־אייזיקע, בלויע, שנייווענט. די קרעפטיקע פיס פונעם פערד האָבן כסדר זיך אַריינגעשטעקט און אַרויסגעצויגן פון דעם טיף־צעריבענעם אָנשיט. פון זיין מויל האָט געזעצט אַ זיך וויקלענדיקע פּאַרע; זי איז צעפלאָסן אין ליכטיקע צאָפּנס; געבליבן הענגען, ווי אַ שיטערע באָרד. די האָר — שטייף־גלאַנציק. די נאָזלעכער האָבן קוים אַריינגעשנאַפּט. דער שליטן האָט שווער זיך אַריינגעשניטן אין דעם פאַרנאַכט.

ביידע זייטן וועג — הויך, פאַרשטעלט. אויך דער הימל גאָר אויבן — מיטן פּנים אויסגעדרייט — אַרויף.

די עלטסטע פון יודענראַט, איינגעטוליעטע, ווי האַלב־דרימלענדיק, האָבן זיך געוויגט. ערשט נישט לאַנג זענען זיי אַרויסגעפאָרן פון דער דרום־מיזרחדיקער פאַרשטאָט. הינטער זיי האָבן נאָכגעלאָנצט נידעריק — די שטאָכייטן פון די ווילייעס און איינגעפרוירענע פּרוכטסעדער. רעכטס, טיף אין אַ ווייסן גאָרטן, צווישן דינע צווייגן — דאָס הויז פון אַלטן דאָקטער הובערט; לינקס — דער הויך־קיילעכיקער, העל־ברוינער קוימען פון רוצקיס מעטאַל־פאַבריק — מיט די ציגלנע האַלעס. זייט זייער געבוירן — בלאָזט ער אויס, דער קוימען, דריי מאָל די שעהען פון טאָג: ביי זיין אָנקומען, ווען ער איז הויך, און ביים סוף, ווען ער פאַרגייט. ער הייבט זיך, דער צעצויגענער פייף, איבער דער גאַנצער שטאָט, בלייבט לאַנג אין איר.

וואָס אַ מאָל איז דאָס בלוי־דורכזיכטיקע אייז פון די הויכע ווענט געוואָרן טונקעלער; ענגער איינגעצויגן. פון אויבן האָט פאַמעלעך געפּרישטשעט אַ ווייסער שניי, איינגעפרוירן אין דער לופט — ביז אַראָפּ — ווי אַ דין־שטייענדיקער רעגן. עס האָט זיך געדאַכט, זיי פאָרן צווישן הענגענדיקע שנירלעך, שאָרן זיי אַוועק פון פאַר זיך.

אין זמנים כתיקונם, וואָלט דער פּרעזעס, משה קראַמאַזש, איצט געדאַוונט מנחה, עס איז שוין צייט. עס האָט שטאַרק געוואָלט זיך זאָגן תפילת הדרך. ער האָט געוווּסט, ווו עס איז מיזרח. שוין לאַנג אָבער, ווי ער האָט דערפון זיך אָפּגעוויינט. די ווערטער, ווי אָפּגעבראָכענע, דערגייען נישט, בלייבן שוועבן איבער אים.

משה קראַמאַזש האָט געטראַכט: אַ מאָל זענען אין אַזאַ שליחות געפאָרן די זקנים פון שטאָט. היינט זיצן מיט אים הוילע מגולחים; ייִנגלעך נאָך, וואָס זענען איבער נאַכט אַלט געוואָרן. בלויז דער פּראָסט שטייפט איין וויס זייערע פּנימער. נאָך קיין מאָל זענען ייִדישע מנהיגים נישט געווען פון זייער ס׳גאָל. אויך ער אַליין איז יונג; זיין פּנים — פאַרשטאַרט; זיינע באַקן און וואָנצעלע — ברעכן זיך פרעמד; די גלעזלעך פון זיינע ברילן — קיל באַהויכט. ער האָט זיי אַ וויש געטאָן ווי פאַרטרערטע.

ער איז איצט געזעסן, קראַמאַזש — פּאָרויס, טיף־אַריינגעלאָזט אין אַ הייזאַק. עס האָט אים אַרומגענומען — ווי אַ הייטל אָפּגעטיילט — דער ווינט. אין דער אַנדערער שורה, הינטער אים — אויך אין שטרויגעזעסן, אַרומגעבעט, ווי געשיצט זיך הינטער זיינע פּלייצעס — זיינע צוויי געהילפן. זייט עטלעכע יאָר איז זייער עדה פאַרמאַכט אין געטאָ, איבערגעצויגן, ווי אין אַ לויז־קאַלטן בויך. אַלץ בצימצומדיק, נישט צו רירן זיך. פיר מויערן הייבן זיך אַרום.

רעכטס — מאיר שלום בריקס — קראַמאַזשעס בעל־יועץ. זיינע צוויי אויערן, ווי פלאַטשיקע טעלער — תמיד איינגעהאָרכט אין מרחקים. אַ מיטלוווּקסיקער. זיין געזעצטקייט, אַרויף איז אויף אים שוין אין געטאָ. פריער איז ער געווען ווייך, זיין גוף. איצט איז אַ שטעכיקע איינגעוואָרצלטקייט אים אַרויס אויפן פּנים. זי לייגט דאָס אויף זיינע באַקן דעם גראַנאַטענעם שאָטן.

לינקס פון אים, מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק איבערן שטערן אַרויס — דער אָנפירער פון דער ייִדישער געטאָ־מיליץ, ליפּשיצקי. דער דאַשעק מיטן מעשענעם ליכט אַרום איז פון זיין פּאָליציי־היטל. עס זיצט אויף אים חשיבותדיק, האַלבקיילעכיק, ווי אַ רעגן־שירעם. דאָס ראַזיקע פּנים — לענגלעך, אַרומגענומען פונעם שאַרף פון זיינע קינבאַקן. דער פּראָסט גלעטיקט בלוילעך זיי אויס; די גאָמבע האַרט. אַלץ ציט אים אויף אַרייַן. כסדר, ווידער אַ מאָל, טוליעט ער זיך איין אין דער וואַרעמקייט פון זיין וואָלענער וועש. זי גלעט זיין לייב.

ביידע זענען זיי שמאָל־אָפּגעצויגן, גלאַטיק. פון הינטער זייער פּלייצע שלעפּט גאָר נישט זיך נאָך; ברייטערט זיי נישט אויס. אָן עבר בלויז ווי אַ קורצער שאָטן, הענגט זיי אַראָפּ פון קאָרק.

פון צייט צו צייט האָבן אין דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט די פּרנסים זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט. זייערע קינבאַקן אונטער דער הויט האָבן זיך באַוועגט. זייערע מחשבות אינעווייניק — ווי זיי וואָלטן שווער אויפגעטאָיעט; זיי מוזן דין אויפפּלאַצן און ערשט דער נאָך קומען זיי אַרויס. פון מאָל צו מאָל האָט מאיר שלום געשטעקט פאָרויס זיין גוף; געוואָלט אונטערזאָגן קראַמאַזשן. באַלד אָבער האָט ער פאַמעלעך זיך צוריקגעצויגן. ער ווייסט, נאָך קיין מאָל האָבן יידן זיך נישט געפונען אין אַזאַ מצב. אין זייערע הענט ליגט ער, דער גורל, פון די קליינע געטאָס אַרום. זיינע אויגן געלאָפן זענען פון הינטער קראַמאַזשעס פּלייצע — צו ליפּטשינסקין ביי דער זייט.

פון צייט צו צייט האָבן בריקס און ליפּטשינסקי זיך דערפילט אויסגעוויילט. אויך איצט, אין אָט דער מינוט, זענען זיי אין דעם סוד; זיי פאָרן מיט קראַמאַזשן. אַ חוץ זיי, ווייסט כמעט קיינער נישט וועגן דער גזירה.

משה קראַמאַזש, מיט אַן אָפּגעדעקט אויער, האָט זיך איינגעהערט; זיינע פאַרמאַכטע אויגן — געווענדט אויף הינטן. פון זייערע ווערטער איז צו אים דער־גאַנגען — בעיקר די וואַרעמע פאַרע.

צו מאָל האָט דער הויכער אייזונעל זיך צעעפנט ווי אַ פּעכער; זיך צענומען; די ווענט זענען פלוצעם אָפּגעפאַלן. פון ווי־ווייט האָט אַ ווייסקייט זיי אַנטקעגנ־געהעלט. דער שליטן האָט איצט זיך גערוקט ווי אַן אַקסן — אויף פאַרהאַרטע־וועטע שניי־רעלסן. דער פּראַסטיקער ווינט, וואָס האָט גענומען הייבן זיך פון דער ערד — האָט שטאַרקער אין איר זיך איינגעקלאַמערט; זיך צעלייגט — אַראָפּ־נידערנדיק אויך אויף די צעוואָרפענעביימער; ווי מיט בייטשן האָט ער זיי פאַר־בייגעפייפט.

אין דער פּלוצעמדיקער צעליכטיקטקייט, האָט דער דרויסן אומענדלעך זיך צע־צויגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַנדער ליכט קומט אָן. זיי רוקן איצט זיך שנעל אויף פאָרויס, ווי אין קפיצת הדרך. און אפשר לויפט דאָס פערד כסדר אויף איין אָרט? די ערד רוקט זיך אויף צוריק אונטער זיינע געשטרעקטע פיס.

אַ ווײַלע האָט דער שניי, ווי אַ פאַרהאַנג, פאַרשטעלט פאַר זיי דעם וועג; זיך געשיט זיי אַנטקעגן אין פּנים; געקלאַפּט ווי מיט געוואָרפענע פלאַכטעס. זייערע אויגן — ווי בלויז פון שטעכיק־בליציקע ווייסלען. נאָך אַ רגע, ווערן זיי פאַרזינקען אין דער העלקייט; פאַרשטעקט אין איר ביז איבערן האַלדז. בלויז שאַרפע צווייגן, דאַר־צעפינקלטע, שטרעקן זיך אַרויס, ווי הענט פון פאַרשלונגענע אין בעפּלען.

די עלטסטע פון יודענראַט האָבן טיפער זיך איינגעטוליעט; די ווייסקייט גע־לאָזט בלאָזן אויף זיך: וואָס געדיכטער זאָל זי איבערדעקן. די קעלט און דער סוד

האָבן זיי צוזאַמענגענומען. פון אַלץ זענען זיי איצט אָפּגעטיילט; אויף ווי־ווייט זענען זיי. פון דער שיטערער פּאַרשנייעטקייט האָבן צו זיי דורכגעקוקט פון עבר שוואַרצע לעכער; אויפגעלויכטן ווי אויגן. ביימער און צווייגן האָבן זיך דערנענטערט. געווען איז דאָס ערשט נעכטן, אָט אין די מקומות. פון אונטער יאָרן אָפּער טויכט ער אויף, אַ גרין־ווייסער, דער קאַליעוואַלד. צווישן די הויכע סאָסנעס דאָ איז זי פּאַרביי, זייער יוגנט. פון הינטער יעדן בוים קוקט זי דורך.

נישט איין מאָל זענען זיי דעם שמאָלן שאָסיי דאָ, צווישן די ווענט פון טונקעלע וועלדער, דורכגעפאָרן אין דאַראָזשקעס. אין דעם פּאָכמורנעם פאַרנאַכט האָבן פון ברוק ווייך אָפּגעעכאָט די גומענע רעדער; וואָס טיפער זיך געצויגן אין די וואַלקענעס. צעצונדענע האָבן איבער זיי זיך געריבן דונערן; אויפגעלויכטן איבער זייערע קעפּ; אַ שווייגן האָט אין זיי גענידערט. צי האָט מען שוין דעמאָלט, נאָך פאַר אַלעם — זיי געוואָרנט? גאָר נישט האָבן זיי פאַרנומען, נאָר פאַרגעסן. דעריבער אפשר די שווייגעניש?!

איצט פאָרן זיי ווידער. דער צופאַלנדיקער פאַרנאַכט פאַרקלעמט, ווי דעמאָלט, זיי מיט רייפן. ער שרייט, דער ווינט; רייסט זיך אונטער זייערע מלבושים; מיט אייזן־נאָדלען קילט ער די לייבער. אויבן פאַלן צו, מיט זייערע פּיסלעך, צו די דורכציטערנדיקע דראָטן — פאַרווייסטע פייגל; טוליען זיך איין. זייער שליטן גליטשט זיך ווי אַ שיף איבערן ים, פירט זיי אַליין. זי שפרייט, די וועלט, אונטער אונדז ווייסע תכריכים. זי הייבט זיך, די ווייסקייט, ווי אַן אַראָפּהאַנג, אויף הינטער זיך; ווידער וויל מען זיי אַריינשאָקלען אין געטאָ.

מיט אַ מאָל האָט ער דערזען, משה קראַמאַזש, אַז אָט אין דער אויפגעלויכטנקייט ליגן זיי איצט, אויף ווי־ווייט, צעוואָרפענע, די געטאָס, צווישן די פאַרשנייטע פעלדער פון אייראָפּע, ווי ריזיקע לוויה־שטיבער. לאַנגע וועגן, ווי טונעלן, פירן פון איינעם אין אַנדערן. זיי זאַמלען אַלע איין אין זיך, שווילן אויף מיט אונדז, ווי מיט טויטע קינדער.

ער האָט זיך דערפילט אָפּגעריסן, אַזוי ווייט, אַליין. ער האָט אים אַרויסגעוואָרפן, זייער געטאָ. שוין קיין מאָל וועט ער אין אים זיך נישט אומקערן, און אפשר, אין דעם פאַרנאַכט גייען אויף קולות, אַן אַליאַרם; אַלע לויפן דאָרט; טאַפּן ווי בלינדע די מויערן? קאָנען זיי נישט דורכברעכן!

ער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, משה קראַמאַזש, אַז דאָרט, אין געטאָ, איז אויפגעקומען שוין אַ נייער דור, וואָס האָט קיין מאָל נישט געזען די פעלדער; עס בליקן פון זיי אַרויס, ווי פון אַ גילגול, די אויגן פון זייערע זיידעס. אויך די עלטערן האָבן זי שוין פאַרגעסן, די פרישקייט. אַלץ זענען זיי דאָרט מקבל באהבה, ווי דאָס

וואָלט זיי געקומען. זיי האָבן זיך צוגעוווינט אַרומצודרייען טיף אין די פיר מויערן. איצט לאָזט פון אויבן זיך אַראָפּ די נאַכט, זי פאַרקלאַפּט זיך איבער זיי ווי אַ שוואַרצער צודעק.

ב

דען דאָרט אין געטאָ האָבן וועגן זייער נסיעה געוווּסט בלויז צוויי מענטשן. איינער פון זיי — דער וויצעפּרעזעס, לעאָן, דער מיט די פלאַקסהאָר און הויך־ברייטן געשטעל. קראַמאַזש איז פאַרזאָרגט: דאָס געטאָ איז הפקר. ער ווייסט, אַז לעאָן באַהאַלט איצט זיך אין זיין חדר ווי אין אַ שטייג; אַ פּחד פאַרשטאָפּט זיינע שפּאַרעס. ער שטאַמלט פון דאָרט היקענדיק אַרויס, ווי אַן איבערגעשראָקענע געשוואָלענע חיה.

אַזוי, כלפּי פּנים, איז ער אַ תקיף, לעאָן, אַ גבר. ווען ער איז דאָ, קראַמאַזש, פירט ער די שטאָט ביד חזקה. ער גייט איבערן געטאָ מיט אַ פול עכאָדיק קול, ווי ער וואָלט צו עפּעס זיך געגרייט. זיינע קליינע גרויע אויגן לויפן אין אים אַרום, ווי צעלאָזטער מעטאַל; מוטנע שימערירן זיי אַרויס. די שמאָל־העלע ברעמען איבער זיי אויפגעהויבן — טונקעלער, געדיכטער. אויך די האָר הייבן נאָדלדיק זיך אַרויף, און ער איז העכער, זיכערער ביי זיך. אַזוי מיט זיין לאַנגן מאַנטל, וואָס גרייכט אים איבער די גלאַנציקע שטיוול אַראָפּ, און אינעם הויכן פוטער־קאָלנער — פאַרהעקלט ביז אונטער דער גאָמבע — דרייט ער זיך איבער די גאַסן; אַ ראָזיקייט לויפט אויף איבער זיין הויט, און ער קוקט פון אַלע זייטן; ער וויל, אַז מען זאָל אים זען; וויסן, אַז ער, און נישט קיין אַנדערער, איז דאָ דער מושל.

ער איז צופרידן, לעאָן, יעדן טאָג, באַלד אין דער פרי — ווען קראַמאַזש שטעלט זיך פאַר די דייטשן; וואָס אַלע מאָל, ווען דער יודענראַט ווערט אַרויסגע־רופן — טרעפט ער זיך מיט זיי. ער פאַרקריכט, לעאָן, אין זיין באַהעלטעניש ביז קראַמאַזש לאָזט זיך אין וועג — מיט זיין ברוסט אַרויסגערוקט אויף פאָרויס. ער איז גרייט, משה קראַמאַזש, צו דער רגע וואָס דערנענטערט זיך — זי מוז קומען.

אין שטאָט זאָגט מען, אַז איידער ער גייט, קראַמאַזש, פאַרלייגט ער פאָרנט, אונטער די האָר פון קאָפּ, ווי זיינע אורזיידעס, די שתדלנים — אַ קליינעם של־ראש, וועלכן מען זעט פון אונטער דער טשופּרינע נישט אַרויס; זיין לייב ציט ער ענג איין מיט ווייסער לייוונט. ער געזעגנט זיך אָפּ מיט ווייב און קינדער און שטעלט זיך צו דער שליחות.

קראַמאַזש ווייסט, אַז ער איז איצט פאַרדאַגהט, לעאָן; זיין געשטאַלט — קלע־נער; די אויגן קריכן אים אַריין אין דער אַרומיקער אויסגעבעטקייט; אַ רויטקייט,

ווי אַ שפּאַלט — פאַרשליסט זיי. אויך זיינע קורצע ווייס־בלאָנדע האָר זענען שטעכיקער, ווי אַריינגעוואַקסן. זייער העלקייט פאַרלירט דעם קאָליר. אויך זיין קול ווערט איצט אָפּגעהאַקט, ווי אַרויסגעוויקלט פון פאַרהוילענע פעסער.

ער איז אומרואיק: גראָד איצט, ווען ער האָט געדאַרפט זיין מיט זיי, האָט אַ פאַרבלענדעניש אים פאַרלאָקט. זיי האָבן נישט אין ווען זיך אָנצוהענגען. דער וועג אויף צוריק — פאַרשיט, ווייט אויסגעצויגן.

ג

אַ חוץ לעאָנען, ווייסט אין געטאָ וועגן דער נסיעה ש., דער יונגער העברעיש־לערער. קראַמאַזש גיט אים איבער די קורות־הימים. יעדע נאַכט פאָרן שלאָפן זיצט ער מיט אים אויפן בוידעם־שטיבל. ביי אַ טריפנדיק ליכט פאַרצייכענען זיי די פאַרלויפעניש פון טאָג. זיי ווייסן, זיי זענען ווייט און עס טרעפן מיט זיי די פּסוקים, פאַר וועלכע געשראָקן האָבן זיך דורות. זיי רופן פון דער טיפעניש פון די טעג. קראַמאַזש רעדט שטיל. ער ענטפערט אים איבער — נישט בלויז די גזירות, נייערט אויך די שענדונג; דאָס אַראָפּקייקלען אונדז אין תהום. קיינער פאַרנעמט פון דאָרט נישט אונדזער קול. ש. בייגט זיך אונטערן לאַסט, און באַשרייבט אַלץ מיט אַ גענדזענער פעדער. ער שפּירט, אַז קראַמאַזש טוט אַרויף אויף זיינע פּלייצעס דעם שווערן יאָך. דאָס באַשריבענע וויקלען זיי אַרום. זיי באַגראָבן עס אין דער ערד, כדי עס זאָל שטיין פיל טעג.

ש. האָט אין דעם פאַרנאַכט נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. ווי אַ סם איז די גזירה אים זיך צעגאַנגען אין די ביינער. ער האָט געשפּרייזט אַהין און צוריק איבער די גאַסן; געטראָטן איבער פאַרמאַכטע הייף, הינטער ווענט און אַרויס־געררוקטע דעכער. פון אַלע זייטן האָבן צו אים זיך אַראָפּגעשטעקט שפּיציקע אייזצאַפּנס; קופּעס שניי פון ביימער, פון איבער הייזער. פאַרדערעט־איינגעוויקלטע מענטשן האָבן צו אים פאַרעדיק אַריבערגערעדט. ש. האָט געפילט, די קעל איז אים פאַרקלעפּט; פאַרחתמעט, ווי אַ רערל פון אינעווייניק. אומעטום אין געטאָ איז געדיכט, ווי די הייזער וואָלטן צוליב דער ענגשאַפט אין זיי — אויפגעפּלאַצט. אַלע, אָפּגעדעקטע, זענען געבליבן אין דרויסן. דאָ ראַיען זיי אויף די הייף און געסלעך, ווערן צו אורבאַשעפעניש.

ער איז אַרויף אויף דער צעמענטענער בריק. זי הייבט זיך איבערן סרעברנאַ־טייך — צעטיילט אין צווייען דאָס געטאָ. ער איז שטיין געבליבן ביים אָנלען, אָנגעשפּאַרט די הענט, און מיט זיינע אויגן אַרומגענומען די ברייטקייטן. פוןביידע

זייטן, בידעריק, פּאַרטוליעטע אין דער ווייסקייט — שפּרייטן זיך די משכנות ישראל. זיי ליגן פּאַר אים. עס רוען אין זיי די יידן צו זייערע שבטים. אויף ווי ווייט — בראשיתדיק; פּריש דער שניי, ווי קיין פוס וואָלט אים נישט באַטראָטן. בלויז פון דער ווייטנס סקריפּען צו מאָל־אויף טריט פון קליינע מענטשעלעך. די לופט זעצט אים אַראָפּ, בידעריק, דעם שניי, ווי פּלוצעם, אין דעם איינעם אויגנבליק, וואָלט דאָס אַלץ דאָ געשען.

מיט אַ מאָל האָט ער דערזען דעם טייך אונטער זיך. ער ליגט אין זיין קאָרעטע — אַ פאַרהאַלטענער אויף איין אָרט. ער שטייט, ווי ער וואָלט זיך פאַרנומען, און עמעצער האָט אין מיטן זיין לויף — אים איינגעגליווערט. ער וויל — נאָר קאָן נישט ווייטער. אַ בלייאיקייט זיצט אויף אים, שווערט אים אַראָפּ. ערגעץ, אונטערן צודעק, ראַנגלט זיך זיין אָטעם.

אויף ש.ינס פּיס האָבן זיך נישט אָפּגעריסן. זיי זענען צוגעפּרוירן. פּלוצעם איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אַלץ אַרום ווערט פאַרהאַלטן; זי רוקט מער זיך נישט, די צייט. זי בלייבט אויף איין אָרט. ווי דער פּסק זאָל נישט אויספאַלן, ווערט אַלץ אָפּגעשטעלט. אונדזערע פּיס וואַקסן אַריין; עמעצער אינעווייניק פאַרקלאַמערט זיי. מיר זענען פאַרזעצט אויף נישט רירן זיך.

ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט אין די ווייטקייטן, געוואָלט דערלאַנגען. ער דאָ ווייסט שוין אַלץ, נאָר ער גרייכט אין ערגעץ נישט. ווי אונטערגעהאַקטע פאַלן זיינע הענט צוריק. קראַמאַזש דרייט איצט זיך אין אַ זאַוויערוכע; אַלץ קערט זיך איבער. ער בלאָנדזשעט אַרום און אַרום. די ערד, ווי אַ קעסלגרוב, ציט אים אַראָפּ.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז לעצטנס האָט ער אין אַ נאַכט געזען טאַקע אַזאַ חלום: אַ זאַוויערוכע מישט זיי אויס, דעם הימל מיט דער ערד. די פעלדער פול זענען מיט בערגלעך. שפּיציקע איברים גרייכן אַרויס, ווערן אָפּגעשווענקט. איבער דער נאַסקייט שפּרייזט אַ נאַקעטע זיין מאַמע, בלויז מיט איר שייטל אויפן קאָפּ. זי האַלט זיך אָן אין אַ האַנט מיט פינגער, ווי אין פאַרוויענגלטע געוויקסן. פון איר אינעוויי־ניק איז ער אַרויסגעקומען. איצט פאַרשווינדט זי, און ער ווייסט נישט ווו צו גיין.

ער האָט זיך אָנגעהאַלטן ווייטער. די בריק אונטער אים האָט זיך געוואַקלט; געצירט ווי אַ הויכע אייזקריע. דאָס בילד פאַרפּלייצט אים נאָך; וויקלט אים אַרום — אונטער זיינע פאַרמאַכטע וויעס.

ער איז אַראָפּ, ווי אַ שיכור, און ווייטער זיך געלאָזט טראָגן. ער האָט קוים באַרירט דעם האַרטן שניי. די זוילן אונטער אים האָבן געסקריפּעט. מיט איבער־געצויגענע אויערן האָט ער געטאַפּט די געזעצטע לופט; אַראָפּגעשלונגען די נאַסקייט.

עס איז געווען די שעה פון נאָך דער אַרבעט. ש. האָט געהערט טריט קלאַפּן אָפּ. פון אַלע זייטן האָבן זיי איצט געשטראָמט פון די דייטשע פּלאַצוווקעס, די געטאָ־איינוווינער; זיך אומגעקערט אין די היימען. ווי אַ וווייסער וואַלד האָבן זיי פּאָרויס באַוועגט די פיס; צוליבן פראָסט — אַראָפּגערוקט די היטלען; די הענט באַהאַלטן. ביי קיינעם האָט מען זיי נישט אַרויסגעזען. פון אונטער די דאַשקעס האָבן בלויז זיך געבלענדט ווייס — זייערע אַפּלען.

ער האָט זיך איינגעהערט אין טריטריטעם. אַ געהיימע האַנט, ווי זי וואָלט זיי באַפוילן — דיריגירט מיט זיי. זי פאַרציט עס די ווייסקייט; באַשמירט מיט אַ פּענדזל זייערע בגדים — אויך זייערע בערד און אַפּלען.

ער האָט געזען, זיי מאַרשירן איצט יעדער ווי מיט אַ קאַיוטע איבערן קאָפּ. זי זיצט הויך, אַראָפּגעלאָזט ביז איבער זייערע אַקסלען. זיי קוקן פון איר, פאַרשטעלטע — דורך פאַרווייסטע ברילן. זיי איילן אַלע, ווי אין אַ שליחות; פאַרשווונדן אין די פאַרשנייעטע טירלעך און אַריינגענג.

ש. האָט צעעפנט די אויגן, ווי ער וואָלט אָפּגענומען די דעפּילאַדע: זיי זעען בלויז פאַר זיך. ביידע זייטן פּנים — פאַרשטעלט מיט שוואַרץ־לייוונטענע ווענטלעך. אין פראָנט פאַר זיי וויקלען זיך אַרויף זייערע שאָטנס; פאַרשטעלן ווי ווענט זייער ראיה. נאָר איין וועג האָבן זיי — פאָרויס. זיי ווערן פון אים צוגעצויגן.

ער האָט געוווסט, אַז אין אַלע שטובן גרייט מען ערשט נאַכטמאָל. ער ציט עס אַזוי די פיס. פון ווי־ווייט שלאָגט איצט די געקומענע — דער ריח פון געקעכטס. ער דערגייט אין זייערע נאָזלעכער. די גומענס ווערן צוגעצויגן, גאַרן אים אַנטקעגן; קאָנען זיך נישט דערוואַרטן די מינוט.

ער האָט ווייטער געדרייט זיך ווי אַ געפּענטעטער. אויך זיין מאָגן איז ליידיק. די פאַרע הילט אים אַרום דאָס פּנים. ער ציט זי מסירת־נפשדיק אַריין.

ער האָט געפילט: אַ מידקייט גיסט אין אים זיך אַראָפּ; פילט אָן דורכזעאיק זיינע קני. ער האָט אַריינגעקוקט טיף אין די אויפגעלענטע טירן. זיינע נאָזלעכער, דורך די געעפנטע שפּאַרעס, שמעקן זיך אָן מיט די שיטערע ריחות, זיי לויפן אים אין מויל. ער האָט געטראַכט, אַז ווי די פּשוטע פון זיי, איז אים געבליבן בלויז איין יש: די אָדערן אינעם גוף. אין זיי רינט עס איצט קאַלט אַראָפּ. ער האָט נישט געוווסט צי דאָס איז די פאַרע, וואָס לייגט אים זיך אונטער דער צונג, צי גאָר דער ווייסער נעפּל, וואָס צעגייט. ווי מיט אַ רייף קלאַמערט עס אַרום זיין בויך.

ש. האָט זיך אָפּגעקערט, אַוועק מיטן שפּייעכץ אין מויל, זיך געשלייכט ביי די ווענט. זיינע איברים זענען אים נאָכגעהאָנגען.

ער איז אַריין אין רבינס גאָס. אויך דאָ האָט אַלץ זיך איינגעשטילט. די המונים האָבן אָפּגעליידיקט דעם דרויסן. זיי זיצן איצט אין די שטובן; די טירן פֿאַרהאַקט. מען הערט דורך די טירן ווי צונגען און מיילער שמאַטשקען, באַלעקן זיך מיטן ביסן. זייערע בייכער קאָכן. אויך אין זיך האָט ער פֿאַרנומען אַ צוריקגרילץ פֿון ליידיקייט, וואָס ענטפֿערט די געדעמפּטע קולות פֿון יענער זייט וואַנט. ער איז געשטאַנען. אין ווינקלען האָבן פֿון צייט צו צייט פֿאַרבייגעשלייכט ווייכע טריט. ער האָט זיך איינגעהערט; געוווּסט, אַז דאָס זענען געוועזענע גימנאַזיע־שילער. אין דער פֿאַרנאַכט־שעה פֿון נאָך דער אַרבעט, זאַמלען זיי זיך אין פֿאַרבאָרגענע בוידעם־צימערלעך; שאַרן זיך אויפֿן טראָטואַר צו צוויי און דריי און פֿאַרשווינדן אין טויערן. ער האָט זיך אויסגעדרייט; באַוויזן צו דערזען זייערע באַוועגנדיקע זיך שאָטנס. אָט שטעלט ער אַרויף אויף זיי דעם פֿוס. ער האָט געוווּסט אַז דאָס איז אַ מחנה פֿאַרשלייערטע בני הנביאים, געבוירן פֿאַר דער צייט.

עס איז אים אַנטקעגנגעקומען דער פֿאָטער פֿון זיין חבר הערשל. אַ הויכער, פֿאַרוויקלט אין אַ קאָלדרע. ווי אַ טונקל־אָפּגעפֿליקטער טלית האָט זי אים אַרומגענומען, דעם קאָפּ; זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער פּלייצע. פֿון אויבן, פֿון זיין איינגעפֿאַלן פּנים, האָט מען אַרויסגעזען בלויז די לויזע אָנבאַרדיקע באַקן. פֿון דער מיט האָט ווי אַ באַזונדער איבר זיך אַרויסגעהויבן די דיקע, ווי געשוואָלענע, נאָז. ער איז פֿאַמעלעך, טריט ביי טריט, געגאַנגען פֿון דער אַרבעט. זיינע אַרויסגעזעצטע אויגן — בולט ווי אָפּגעשונדן אַרום. מיט אַ ווונק, ער זאָל נישט דאַרפֿן עפֿענען דאָס מויל — האָט ער אים געהייסן נאָכגיין. ש. איז אַריבערגעטראָטן די שוועל. ער האָט געפֿילט, אַ וואַרעמע געשלאָסנקייט לאָזט פֿון אַלע זייטן אויף אים זיך אַראָפּ, נעמט אים אַרום. אויך הערשלס פֿאָטער, אַרויסגעוויקלט פֿון דער פֿאַטשיילע, טוליעט זיך צו דער וואַרעמקייט פֿון זיין שטוב; לאָזט פֿון איר זיך אַרומהילען. פֿלעקן, ווי פֿון אויפֿגעלאָפּענער מילך, שלאָגן אים אַרויס אויפֿן פּנים.

הערשל אַליין איז געזעסן אין ווינקל, מיט די קניען אויפֿן ליימיק אָפּגעווייסטן אייוועלע. זיינע אַפּלען — רויט פֿונעם פֿלאָם. אויך די רערן קנאַקנדיק, רויט. זיינע קינבאַקן — צעגליט. אויך ער זעט אויס ווי אַ יונגער נביא מיט אָפּגעהאַקטע שטראַלן. ער קאָן פֿון דאַנען זיך נישט אָפּרייסן. ש. האָט זיך דערנענטערט. ער האָט געפּרוווּט רעדן צו אים, נאָר הערשל האָט אים אָנגעקוקט, נישט געענטפֿערט. מיט אַן אויער איינגעהערט אין דרויסן, ווי פֿון דאָרט, פֿון חלל, וואָלטן אָנגעקומען ווייטע אָפּקלאַנגען. ער האָט געוווּסט אַז הערשל רעדט נישט ווען ער קומט צוריק פֿון דער אַרבעט. אָנהייב מלחמה, אין אַ פֿאַרמאַכטער ווינטער־נאַכט, ווען דער דרויסן האָט גערוישט מיטן עכאָ פֿון שיכורע געזאַנגען, האָט ער אים געזאָגט אַז

קיין זאַך וועט נישט פּועלן; עס איז צוגעחתמעט. פון אומעטום וועט מען אונדז אויפּברענגען.

זייט דעמאָלט איז ער, הערשל, פאַרשוויגן אין די פאַרנאַכטן.

זיי זענעןביידע איצט געזעסן אַרום אייוועלע. אויף די ווענט האָבן געדראָפּעט זיך רויטלעכע שאָטנס; זיך געוויקלט אַרום זיי — לאַנגע, ציטעריקע, אַרומגענומען די שטוב, זי ווי אָנגעצונדן. אַלע מאָל באַלויכטן אַן אַנדער בעט — אַן אַנדער פּאָרטרעט פון אַ קרוב. ש. האָט געזען, תמיד קוקט פון אויבן אַראָפּ אַן אַנדער אויגן־אַפּל. עס האָט אים געדאַכט, אויך איצט הערט מען פון ווי־ווייט דעם שיכורן עכאָ פון העלדזער, דעם ריטמישן שטיוולגאַנג. דאָס געזאַנג שטייגט אויף פון דער ערד. זי איז פון אינעווייניק באַפּרוכפּערט. זיי לויפן, די דייטשן, אויף איר, מיט קיילעכיקע בייכער. אויף די שלעסער פון זייערע לעדערנע פּאַסקעס איז אויסגע־קריצט מיט מעשענע אותיות:

״גאָט מיט אונדז!״

הערשלס פאָטער האָט איצט מיט אַ לעפל, פון אַ הייסן טעלער אַרויס, אָנגע־קאָרמעט זיין יינגעלע. דאָס קינד האָט צעעפנט דאָס מויל, גיריק געשלונגען. ער האָט מיטן צינגל געלעקט אין דעם בין־השמשות.

ש. האָט געוואָ״לט אַוועק. עס איז אים אַ שאָד געווען אויפצושטיין. דער אַרומיקער זשאַר האָט אים שווער געמאַכט די איברים. ער האָט געוווסט, אַז הערשל לאַדעוועט אָפּ קוילן פון וואַגאָנעס ביי דער ראַמפּע. אפשר רעדט ער נישט, ווייל דער שוואַרצ־לעכער שטויב פּילט אָן שטיקנדיק זיין האַלדז, ער רינט אין אים. ער האָט זיך דערמאָנט, ער האָט איין מאָל געטראָפן הערשלען לויפן אַ היים מיט די קוילן אַרום לייב; אַ סלינע איז אים גערונען פון מויל. ער גנבעט זיי פון די אָפענע וואַגאָנעס. נישט איין מאָל שויך, פאַרנאַכט, אויפן וואַגאָן, האָט מען עמעצן געכאַפּט מיט די קוילן געוויקלט אַרום זיך. אַ רויטע קלעפּיקייט האָט וואַרעם איינגעזאַפּט זיך אין דעם שוואַרצן שטויב; זיך געבלעזלט פאַר זיין בליק. אַזוי איז ער נאָך דעם געלאָפן אין דער ווינטערדיקער שקיעה. אפשר, אויך איצט שאָטנט זי זיך טונקלדיק פאַר זיינע אויגן.

ש. איז אַרויס. ער שטייט, דער טאָג, און וויל נישט אַוועק. ער האָט געטראַכט וועגן די קינדער דאָ, וועגן הערשלס קליינעם ברודערל. זיי זענען די איינציקע וואָס זעען גאָט. ער קוקט צו זיי אָפּער פון אונטער אַלע פאַרנאַכטן. באַלד וועט זי צופאַלן, די פינצטערניש. דער אויסגעשטערנטער הימל וועט זיך טונקלען; אַ דעק וועט דורך אים זיך דורכלאָזן — אַראָפּנידערן. די מאַמעס וועלן זייערע קינדערלעך פאַרמאַכן אין די שטובן; לייגן זיי שלאָפן. די נאַכט וועט זיי פאַרשפּינען, אַריינגע־

מען אין זיך, ווי אין אַ נעץ. שפּעטער, איידער זיי וועלן אויפוואַקסן, וועט אַלץ איינדאַרן, אויסטריקענען צוזאַמען מיט דער זרע פון זייערע עלטערן.

ש.ינען איז באַפאַלן אַ בהלה; פאַר וואָס אַנטרינען זיי נישט? ! אַלע שלאָפן זיי מיט בלאָנעס פאַר זייערע אויגן, ווי שוין צובאַהאָפטן צו דער ערד; קאָנען זיך נישט אָפּרייסן. אין איינעם אַ טאָג, איידער עס ווערט צו שפּעט — דאַרף ער אויפשאַלן, דער שופר, וועקן די געטאָס. אַ יללה דאַרף אויפגיין פון איין עק ביזן צווייטן:

— תרועה!

## ד

אין געטאָ האָבן אין דעם פאַרנאַכט זיך אויך געדרייט די פרנסים פון די קליינע שטעטלעך. טאַקע אויף זיי האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט, דער גזר. זיי האָבן דאָ זיך פאַרזאַמלט, צו הערן דעם פּסק־דין. אַלע האָבן זיי געמיינט, אַז צוליב זיי ציט זיך אַזוי לאַנג דער פאַרנאַכט; די צייט איז אָפּגעשטעלט.

עס וואַרטן דאָ: דער ראש פון די יידן אין סטאַנסלאָוואָוו — צפון פון נאָוואָמינצק — מענדל, דער מיט די גרויע שתי שערות, פריש ווי אַ חתימת זקן. זיין גאָמבע — לאַנג און שפּיציק. ער איז, מענדל, העכער און געבויגענער פון די עלטסטע פון די יידן אין דער קרייזשטאָט. זיין לאַנגע קאַפּאָטע ציט אים נאָך מער אויס. אירע פּאָלעס — צעעפנט, ווי פליגל. אין זיין מויל פעלט עפּעס. ליידיק איז די צעעפנט־קייט, פאַרוווּנדערט. זייט ער איז אין דער שליחות געקומען — שווייגט ער, ווי איך אַ תענית־חלום. ער האָט אים אויף זיך מקבל געווען. ער מיידט אויס אויך זיינע מחותנים, כאָטש זיי זענען דאָ אין שטאָט פון די שליחי־ציבור.

מיט מענדלען געקומען איז דער וויצע־פּרעזעס, חייקל — אַ ייד פון מיטעלן עלטער, מיט אַ הויכער פּלייצע; אַ פּיקח, וואָס טראָגט כסדר אויף זיך דעם עול פון זיין חכמה. קליינע האַלב־קיילעכיקע ברילן, ווי האַרטע פאָרהאַנגלעך, פאַרשטעלן זיינע אויגן. ער באַהאַלט זיין בליק אויף הינטערן סיגאַרעטן־רויך. כסדר שלענגלט ער זיך אַרויף. מען ווייסט נישט, צי טוט ער דאָס נאָר פאַר פרעמדע, און צי זיין געבויגנקייט אַ סימן איז פון נע ונד. זיינע האָר — פון אַ נזיר. אפשערן וועט ער זיי ערשט ווען שלאָגן דערויף וועט די צייט.

זי ציילט, זייער קהילה, צוויי הונדערט משפחות, כן ירבו — אנשים, נשים וטף. זיי האָבן זיי געשיקט, כאָטש אַליין האָבן זיי נאָך וועגן דעם נישט געהערט. בלויז דער ועד הקהילה ווייסט וועגן דער גזירה. ליידיק איז דאָס שטעטל. מענטשן אַנען און ווייסן נישט וואָס.

דאָ דרייען זיי זיך ביידע ווי אורחים. די טירן פון אַלע געוועלבער — פאַרמאַכט.

אין געטאָ זענען זיי צו דירות. די גלעזערנע טירן פאַרנט — פאַרשטעלט הינטערן גלאָז מיט פאָרהענגלעך.

חייקל גלייבט, אַז נישט אויף אייביק וועלן פרעמדע געוועלטיקן איבער אונדז. דאָס האָט בלויז אויף אַ ווײַלע גאָט פאַרבאָרגן זיין פּנים. ער לעבט אויף דאָ, אין נאָוואָמינצקער געטאָ. ער קאָן נישט געבנוג זיך אָפּוונדערן. פרעמדע זעט מען נישט. מיר זענען בלויז צווישן אייגענע.

די עלטסטע פון סטאַנסלאָוואָוער יודענראַט האָבן אויסגעמאָסטן דעם פּלאַץ. זיי האָבן דערזען, אַז דאָ איז ער אַראָפּגעלאָזט, נידעריקער ווי ביי זיי. דער שניי איז איינגעקוועטשט אונטער די שטיוול. אַ צעטראָטענער, ליגט ער אויסגעצויגן, מיטן פּנים אַראָפּ. בלויז איבער די דעכער און ביימער שפּרייט זיך אַ ווייסער און הויכער דאַך. איבער אים הויערט לויז דער הימל, ווי אַ געשטרעקטע ווענטקע, גרייט פון דאַנען אַרויסצוכאַפּן. די פעלדער, ווייט אַרום — לייכטן צעעפנטע נישט אַריין. די וועגט פאַרשטעלן. אויך זייערע אָפּשטראַלן — דרינגען נישט דורך.

מיט די שטיוול האָבן זיי געקלאַפּט אונטער זיך. אַ דינקייט האָט לייכט אָפּגעענט־פערט. אונטן איז נישט אַלץ פאַרמאַכט; שטייף־איינגעפרוירן — צוזאַמענגעדריקט. נישטאָ קיין אָפּהאַלט; די טיפקייט דעקט נישט צו. שאָטנס קאָנען אַריין. זי זעט אויס, די ערד דאָ, זי ליגט אונטערן שניי, ווי אַ דיל איבער אַ קעלער־חלל. ער ציט זיך אַזוי איבערן גאַנצן ערדפּלאַץ. אומעטום שטעלן זייערע טריט זיך איבערן קעלער. דער אייבערשטער שיכט ציט זיך איבער אַ דין־געדעקטער ליידיקייט.

זיי האָבן דערשפּירט אַז אין סטאַנסלאָוואָו איז די שניי־אַנגעדראָלנקייט וואַרע־מער. די דיקערע ערד — פאַרציט איבער זיך אַ פּוכן איבערבעט. די זוכער ווערן צוריק אַרויפדערלאַנגט. זייערע שטיוול — ווי אויף ספּרענזשינעס, זיי פאַרזינקען נישט. זיי טרעטן אויף סטאַפּעס פון די אייגענע שאָטנס. די גרויסע טעלערקעפּ בלייבן פייכט־דורכזעאיקע פון אויבן. אויך דער אָטעם פון די באַהאַלטענע אונטן רייסט זיך נישט דורך. ער צעלאָזט נישט, ווי אַ פּאַרע, די הויכע אָנגעשיטקייט איבער זיך.

איין מחנה, די פון אויבן, דערנענטערט זיך נישט צו דער מחנה פון אונטן — אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

מענדל און חייקל האָבן מורא געהאַט, אַז אין דער איצטיקער שעה קאָנען זיי זיך נאָך אָנטרעפן אויפן צווייטן צד. איבער־נאַכט זענען יענע געוואָרן צו זייערע מאָנער. אַ מאָל, אין נאָרמאַלע צייטן, האָט דאָברע געהערט צו זייער קהילה; געפרעגט ביי זיי אַן עצה. זי איז פיל קלענער. איצט ליגט דווקא אין דעם איר כּוח. איר שוואַכקייט איז איר טענה.

דאָברע, זייער שכנותדיק שטעטל אין צפון — האָט געשיקט ווי אַ שליח דעם רב, וואָס קלאָר זענען פאַר אים די וועגן פון דער הלכה. געקומען איז די צייט, ער זאָל איינשטעלן זיך פאַר זיין עדה. די סטאַנסלאַוואָווער געוווסט האָבן, ווי ווייט זיין נאָמען גרייכט ווי אַ בורר. אַנטקעגן אים — בלייבן זיי מיט אויפגעריסענע מיילער.

דער דאָברער רב האָט איצט פאַר קיינעם זיך נישט געוויזן. ער איז געזעסן אין אַ זייטיקער שטוב — אָפּגעזונדערט, ביים טיש; געבעטן, אַז מען זאָל קיינעם צו אים נישט אַריינלאָזן. געוויקלט אין אַ זיידענעם כאַלאַט, האָט ער געפּרוווט מעיין־זיין אין דעם ספרים־באַרג פאַר זיך. זיין נישט־לאַנגע שוואַרצלעכע באָרד געגלעט האָט די שווערע בלעטער; געווישט זיך איבערן שטויב פון יורה־דעה און די אַנדערע פּוסקים. געפילט האָט ער זיך, דער רב, דאָס ערשטע מאָל פאַר־בלאָנדזשעט. זיינע אויגן לויפן איבער די שורות, און אַלץ בלייבט פון דרויסן, ווי אָפּגעבליאַקעוועט. ער באַנעמט גאָרנישט. עס איז אים נישט נוגע. זיי זענען אַלט, די ספרים, שוין הונדערטער יאָר. אַלץ איז דאָ אין זיי. דורות בערד האָבן אין זיי זיך געטונקען; זייערע ראַנד־טיפקייטן פאַרפלעקט מיט ברוינעם טאַבאַק, און — פאַר אים שליסן זיי זיך. זיין קאָפּ איז מיד, איינצושלאָפן.

פון רמב״ם האָבן פאַר אים אַרויסגעשיינט די ווערטער: אם אומרים להם גויים תנו לנו אחד מכם ואם לאו נהרוג כולכם — יהרגו כולם ואל ימסרו נפש אחת מישראל. אַוודאי און אַוודאי טאָר מען נישט מקריב זיין אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן; אויסשטעלן, חלילה, זי אויף פאַרלענד.

דער רב האָט נישט געקאָנט דערגיין צום נימשל. אינו דומה. ער האָט זיך פאַרטראַכט; זיך אָנגעטראָפן אויף האָר פאַרשטעקט צווישן די בלעטער. זיי זענען פון לומדישע בערד; פון פאַרצייטישע בני־תורה. גלעטנדיק האָבן זיי זיי דאָ גונז־געוועהן; געלאָזט נאָך זיך שפּורן. מסתמא זענען זיי געשטאָרבן אַלע אויף די בעטן.

ער האָט יעדע איינע פון די האָר גענומען, געריבן צווישן די פינגער: גרויע, שוואַרצע און געלע; טייל נאָך זאַפטיקע, פרישע. זיי לעבן אין זיין האַנט. ווידער זענען זיי גרייט צו מחלוקת לשם שמים. ער האָט ווייטער געקוקט אין יורה־דעה און מגן־אברהם; געוואָלט אויפבליצן פונעם באַריר; אותיות מחכימות. דערמאָנט האָט ער זיך, דער רב, אַז אַ מאָל, אין גער, געוועזן איז ער פון די שאַרפע יונגע לייט; מיט הערנער געלאָפן איבער די אומענדלעכקייטן; אַ חריף שאין כמוהו. איצט, ווען אַ גאַנץ לעבן האָט מען אים צוגעגרייט צו דער מינוט — איז אַלץ אין אים ווייס, אָפּגעמעקט. ער קאָן נישט. עס לויפט דורך דער שעת מיבחן. די יאָרן אויף

זיין שטול האָבן אים שווער געמאַכט. און אפשר איז ער נישט פאַר אַזאַ צייט! ער האָט זיך אויפגעשטעלט; יעדע האָר צוריקגעלייגט אויף איר אָרט. עס האָט אים געדאַכט, זיי בריען אים צווישן די פינגער; ער איז זיי נישט ראוי, ער איז זיי מחלל ווי אַן אָפּגעדעקט איבר פון אַמאָליקע יידן. ער ווייסט אפילו נישט צי מען מעג. ווי צו פאַרריכטן, האָט ער אויסגעריסן אַ האָר פון זיין באָרד און אויך זי גאַנץ־געוועזן צווישן די בלעטער. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן, צי דאָס איז פאַר אַ זכרון. זי איז פאַר אים געלעגן, די אויסגעריסענע האָר, ווי אַן אָקאָרשט געשאָכטן עוף, עס צאַפּלט נאָך. ער האָט גיך אַרויפגעטאָן אַ טיכל אויף די בלעטער — אין דער מיט — פוןביידע זייטן; געשטאַנען ווי איבער אַ טייל פון זיך. פּלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט אין דער באָרד פון זיין ידיד, דעם טריסקער רבין, ר׳ וועלוועלע. ער איז נישט געווען עלטער פון אים. ערשט נישט לאַנג האָבן די דייטשן ביי אים, ווי ביי רבי ישמעאל כהן גדול, אָפּגעשניטן דעם קאָפּ מיט דער באָרד און פאות. אויף דריי טעג האָבן זיי אים, דעם קאָפּ, מיטן שטריימל פון אויבן, אַריינגעשטעלט אין ברייטן פענצטער פון אַ קראָם וואָס גייט אַרויס אין מאַרק. דער דאָברער רב איז צוגעגליווערט געוואָרן צום אָרט; פאַרמאַכט די אויגן, נישט געוואָלט זען. ער איז צו צום פענצטער, געשטאַנען פאַרן ראָם און אַרויסגעקרעכצט. ער האָט אַרויסגעקוקט ווי בלויז מיט די ווייסלען. אויך דער הימל פאַר אים האָט איצט זיך געוויקלט מיט די וואָלקענעס — אַ ליידיקער, ווי נאָך ככלות הכל. דער רב האָט איינגעטונקען די הענט אין דעם אייז פון די שויבן; געוואָלט מתפלל־זיין, נאָר — עס איז הסתרת הפנים. זיינע פינגער האָבן אָפּגעפּויקט אין אינעווייניקסטן ברעטל.

מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט, דער רב: עס קאָן נישט זיין; ס׳איז נישט פאַרפאַלן! עס איז געווענדט אין אונדז אַליין. עפּעס רירט זיך. עס איז נישט נאָך אַלעם. פאַמעלעך, שווער, האָט ער געעפנט דאָס פענצטער; געלאָזט זיך אַרומוויקלען פונעם קאַלטן ווינט. ער האָט אויסגעשטרעקט די ווייסלעכע האַנט; מיט דער דלאָניע אָנגענומען פיל שניי; געלאָזט עס ליגן אויף איר. צווישן די פינגער האָט ער עס צעריבן; געגאַרט מיט דער פייכטקייט זיך אָנצוטרינקען, עס זאָל אין אים צערינען. ער האָט זיך איבערגעווישט די אויגן מיט די שלייפן. אַ לויטערע פרישקייט האָט דעם רב געגרייכט ביזן האַרץ אַראָפּ.

אין אַ רגע אַרום האָט ער באַנומען דעם נס. עס איז אים קלאָר געוואָרן אַז עס איז איצט אַ שעת חסד. ווידער פילט זיך אָן די וועלט מיט גענאָד. די השגחה פאַרלאָזט אונדז נישט. זי ציט זיך, שפּרייט זיך איבערן געטאָ. מיר דאַרפן זי

אַנטקעגנקומען. קיינער קאָן פון אונדז די דערקוויקנדיקייט, דעם מן, נישט פאַר־מיידן. אויך נישט די וואָס קומען אויף אונדזער לעבן. ער האָט דערזען בולט אונדזער גאַנג אין מידבר.

ער האָט איינגענעצט זיינע ליפּן. ער האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל די ווייסקייט דערשפּירן. זאָל די איצטיקע שעה זיך אַזוי ציען, נישט לעשן זיך; צופאַלן זאָל נאָך נישט די נאַכט; בלייבן זאָלן מיר אויסגעשטעלט בלויז אויף אונדזער וואַרטן, אויף אונדזער דויער. דעם רבס ליפּן האָבן געפּרעפּלט:

השיבנו ה׳ אליך ונשובה. איך וויל צו דיר, טאַטע זיסער!

דער צווייטער דעלעגאַט פון דאָברע איז דער עלטסטער פון די יידן דאָרט, אברהמל, דער גרינער. אברהמל — אַ הויכער, פעסטער, אַ גלות, וואָס שמט אַלע יאָרן פאַר אַ להכעיסניק — האָט פון דער ערשטער רגע אָן פאַרלוירן די טריט אונטער זיך. ער האָט דערשפּירט, ער טרינקט זיך, עס פאַרגיסט אים. ס׳איז דער סוף פון אַלץ. אין זיין ייאוש געלאָפן איז ער צום רבי, ער זאָל מיטפּאָרן. אפשר וועט ער העלפן. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון די ימים־נוראים.

אברהמל האָט זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די זייטיקע קעשענעס פון זיין קורטקע. ווי אַ באַלאַגערטער, האָט ער דערזען די שטאָט צום ערשטן מאָל. די איינגעאַנגענע הויט אויף אים — גרוי; די נעפּלען ציען זיך איין, שטיקן.

געזעסן איז ער די גאַנצע צייט אין קיך; כסדר געמישט זיין אַקטנטאַש. מיט אַ ליידיקער גאָמבע, האָט ער נישט דערוועגט אַריינצוגיין דאָרט ווו עס ליגן צעעפנט די ספרים און די בלעטער מישן זיך. געשפּירט האָט ער, אַז דער רב אינעווייניק, איבער דער וואַנט, פאַרלירט וואָס אַ מאָל מער פון זיין בטחון. יעדער מיש פון די בלעטער — וועקט אַן אומרו.

ווען ער האָט פון צייט צו צייט אַריינגעטראָגן אין דער ספרים־שטוב אַ גלעזל טיי, האָט ער געזען: דער רב הייבט די אויגן נישט אויף; די ווייסלען ביי אים — איבערגעדרייט. ווי נישט שפּירנדיק, נעמט ער צו דאָס גלאָז; ער זופּט טיף, אַ פאַרשוויגענער. אברהמל האָט מורא געקריגן, אַז אין די ספרים איז אַלץ שוין געחתמעט. דער רב ווייסט, און דעריבער זיין געבויגנקייט ביז אַראָפּ, דער ערד.

אויך פון דרום נאָוואָמינצק זענען געקומען שליחים. דאָ, איןביידע שכנותדיקע שטעטלעך — לאַטאָוויטש און שעניצע — וווינען די יידן אַרום מאַרק. דריי זייטן פון געטאָ גייען צו אים אַרויס מיט נידעריקע הייזלעך. זיי שטייען אין פראָנט —

מיט אַראָפּגעלאָזטע דעכער־דאַשקעס — צום אויסברוקירטן, פּירקאַנטיקן פּלאַץ; הענגען שפּיציק איבער די קעפּ פון די דורכגייער. היינט, ווען עס קומען קיין יאַרידן נישט פאָר, שטייט ער אַ ליידיקער, דער גרויסער מאַרק; די פּוסטקייט וואַרט מיט וואָס זיך אָנצופילן. די שטיינער, אויף ווי־ווייט — גרוי־אויסגעריבענע שאַרבנ־דלעך — בריען די טריט; עס רייבן פון זיי זיך אַרויס פונקען.

פון לאַטאָוויטש אַהערגעקומען איז הערמאַן כהן — אַן אַסימילירטער ייד, אַ יוריסט פון דייטשלאַנד. אַ שמאָלער און הויכער, אין אַ ציכטיקן אָנצוג, מיט אַ ווייס טיכעלע אונטערן לאַץ, האָט הערמאַן כהן, ווי אַ פּליט, דאָ זיך באַוויזן אָנהייב מלחמה. נישט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער — אַן אומגעבויגענער, אויסגעגלייכ־טער; די אָפּגעטראָגענע הויזן — געקאַנטיקט. זיינע אָנקאָלירקע האָר — איינגע־לאָשן, מיט אַ לענגלעך־דורכזעאיקן שרינט, ווי אַ סטעזשקע, וואָס פירט אין דער געזעצטקייט. אין זיין שלייף אויפן ווייסן קאָלנער, אויבן, און אין די שפּיצן פון די זיך־שפּיגלנדיקע שיך, אונטן, האָט ער פּלוצעם אויפגעטויכט אַהער, ווי אַ גראַף, אַ שיף־ליגנדיקער אין אַ טרומנע. ער שמעקט מיט פּאַרלאָזטע גערטנער, פּאַרוואַקסענע.

די יידישע קהילה דאָ האָט אין הערמאַנען זיך אָנגעכאַפּט, ווי אין אַ פּלוצעם־אַראָפּגעקומענעם שליח. ער קאָן די דייטשע קאָדעקסן און זיין כתב איז אַ געציקל־טער. מיט אַ קורצער, ברייט־אָפּגעהאַקטער פּען, האָט ער, ווי געדרוקט, אויס־געווירעוועט, מיט גאָטישע אותיות, די געטאָ־באַריכטן פאַר דער מאַכט.

אויך איצט, אין דער ענגשאַפט, ווען עס איז באו מים עד נפש, האָט מען אים געשיקט; אולי ירחם; אפשר וועט דווקא אים זיך איינגעבן צו בייגן דעם באַפעל.

ער האָט דאָ אין געטאָ זיך געדרייט, הערמאַן, צווישן אַזוי פיל יידן. ער איז איינער פון זיי. ער האָט דערשמעקט די סכנה. פון דאַנען קאָן מען מער נישט אַרויס.

באַגלייט אים, אַלס יועץ אין פּוילישן געזעץ, האָט יוסטינאַ, אַן עלטער מיידל, וואָס האָט געלערנט אין דער הויפּטשטאָט. יוסטינאַ קאָן די געשיכטע פון לאַטאָוויטש. יידן האָבן דאָ געבויט די ערשטע הייזער, געפלאַסטערט די ערשטע וועגן. זי איז די איינציקע פרוי אין יודענראַט. אירע בלאָנדע האָר — קאָרבירט ווי זילבער־שופן, און אירע פאַרגרעסערטע אויגן — ווי ביי אַ ליגנדיקער. אונטער זייערע אָנראַמיקע בינאָקל־שויבן, שאָרעווען זיי תמיד ווי צוויי דורכלויפיקע וואַסערלעך. איר מויל ציט זיך אויס און שרומפּט זיך איין, ווי אָנצוטרינקען זיך מיט לופט. אויך איר גוף — ווי ביי אַ פיש — אונטן וואָס אַ מאָל שמעלער.

פון זייער צרתה, שעניצע, געקומען איז דער ראש הקהל, ר׳ אַלטער יאַבלאָנקע. מען האָט אים אויסגעוויילט — אי אין זיין אייגענעם זכות: אַ תקיף, פול מיט ישוב הדעת; ווי דער ראש הקהל, זענען זיינע געדיכטע ברעמען אויף אַלץ מגן; אי אין זכות פון זיינע אבות: פון דור־צו־דור זענען זיינע עלטערן שעניצער. ווען נאָוואָמינצק איז נאָך געווען אַ דערפל, איז שעניצע שוין געווען אַן עיר־ואם. אַזוי איז געשריבן אין די אַלטע ספרים: מינצק הסמוכה לשניצה. זי האָט אויך אַ פינקס, שעניצע, אין וועלכן פוילן ווערט אָנגערופן "פה־לין" — דאָ זאָלסטו נעכ־טיקן. נאָך ר׳ אַלטערס עלטערן האָבן אין דעם קאַנט איינגעפירט די מסורה פון וואַלד־מיסחר. טונקעלע ציען דאָ זיך די וועלדער; הילן איין אויף ווי־ווייט אַרום מיט שאָטנס דעם געגנט. צוליב זיי געמערט האָט זיך דאָ דער שבט וואַלד־יידן; די קהילה פילט זיך פאַרוואָרצלט אין דער דאָזיקער ערד.

ער איז אויך, ר׳ אַלטער, דער איידעם פון דאָזאָר מיט דער לאַנגער, גרייז־גרויער באָרד, וואָס שפּאַלט ווי אַ לולב זיך אין צווייען, ר׳ דוד יאַבלאָנקע. וואָליק, ווי די געוויקסן, פאַרפלעכטן זיי מיט זיך, די יידישע בערד, דעם גאַנצן קאַנט. זיי פאַרשפּינען אים צוזאַמען מיט די געדיכט־באַבלעטערטע צווייגן און הויכע גראָזן. אַליין איז ער נאָך געפאָרן צום אַלטן פאַריסאָווער, ר׳ דוד. אַלע יאָרן, זינט זיין שטעטל געהערט צו דער אויפגעקומענער האַרינטע, מינצק, האָט ער פאַרטראָטן שעניצע אין דער היגער געמינע. ווען ר׳ דוד האָט נאָר זיך באַוויזן אויף די נאָוואָמינצקער גאַסן — געוווסט האָט מען, אַז עס הענגט שוין ווידער אַ גזירה אויפן כלל, און ווי דער ועד ארבע הארצות, קומען די פרנסי הציבור זיך צוזאַמען אַרום די טישן פון דער קהילה.

אַ מאָל, ווען די וועלט איז נאָך געווען אַ וועלט, פלעגט שעניצע פירן אירע מתים קיין סאַראָצין, וואָס רופט זיך אויפן נאָמען פון דאָרטיקן רבס קונטרוס "שערי ציון". שוין לאַנג אָבער, זייט די דאָרטיקע יידן האָבן פאַרלאָזט דעם מקום, איז סאַראָצין צו אַ דאָרף. אַריבערגעקליבן האָבן זיי זיך קיין שעניצע. איבערגעלאָזט אַליין, אין טאָליקן פעלד, דעם בית החיים — הפקר, אָן אַ גדר. די מצבות, צוקאָפּנס די מתים — נידעריקע. וואָס אַ מאָל זינקען זיי טיפער אין די הויכע גראָזן. אויך די מתים נידערן אַראָפּ אין דער ערד. די בערגלעך — צעטראָטן צווישן די פיל גוישע דערפער און וועגן וואָס רינגלען זיי אַרום.

איצט, זינט צוויי דורות, איז שעניצע איינגעוואָרצלט אין מינצק. אַהער ברענגט זי אירע מתים. אויב דער אַלטער רב, ר׳ אליעזר פלטיאל, רוט אין מיטן פעלד, אויפן בית הקברות פון סאַראָצין, ווו ער האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות — איז

זיין זון, דער שעניצער רב, מיטן לאַנגען נאָמען, ר׳ יוסף יונה גבריאל — באַהאַלטן שוין — אין דער ערד פון נאָוואָמינצקער בית־עלמין. אויבנאָן, אויף מיזרח — מיטן פּנים קיין ירושלים.

אויך ער, ר׳ אַלטער יאַבלאָנקע, איז פון תמיד אַ וואַלד־סוחר. אין שעניצע געהאַלטן האָט ער אַ האָלץ־טאַרטאַק. אויסגעשניטן האָט ער אין וואַלד דיביימער; געוווינט — צו זייער טעמפּן שווערן פאַל. פון דאַנען געפירט האָט ער זיי אויס־געצויגענע צו זיך. דאָ שניידן מאַשינען זיך אין אין זייער אינגעווייד. די אַרומיקע וועלדער, וועלכע פאַרלירן ביסלעכווייז דעם שאָטן פון פאַר זייערע אויגן, דערזען, אין זייער הויכקייט, אויף די שפּיצן פינגער, ווי אין דעם ווייטן טאַרטאַק שינדט מען ביי די ליגנדיקע דעמבעס די קאָרע; מען ציט זיי אָפּ. זיי פאַרכליניען זיך מיט ריח פון דער גיסנדיקער זיך זשיוויצע פון ווייסן געהילץ, וואָס דערגייט, מיט אַ זיסער שאַרפקייט, און אַליין גאַרן זיי זיך צו צעעפענען פאַר די זונשטראַלן.

אויך נאָוואָמינצק האָט אין אַלע אירע שטאָט־זייטן געהאַט ברייטע טויערן, דורך וועלכע מען האָט זיי אַריינגעפירט — לאַנגע, ר׳ אַלטערס צעזעגטע ברעטער. מען האָט זיי צעלייגט אין די האָלץ־סקלאַדעס. מיט זייערע טערפּקע־ריחות האָבן זיי אַרומגעוויקלט, אויף ווי־ווייט, די פּנימער.

אַזוי — אַ גאַנצע וואָך. קומט אָבער שבת, איז ער אַן אַנדערער מענטש, ר׳ אַלטער. אין דער זיידענער קאַפּאָטע, און אין נעלקענעם שטריימל, זעט ער אויס העכער, יונגער. די נשמה־יתירה צעגייט אים זיך אין גוף. זיינע ניגונים — פון אַ מאָל, פון אַ וועלט — כולו שבת. אויף זיין פּנים זיצן איצט, ווי צוויי פאַר ברילן — טאָפּלטע אויגן. איין פאָר, די אייבערשטע, זעען ווי שויבן, ווייט דעם דרויסן, וואָס וויל זיך אַריינרייסן און קאָן נישט; דער שבת שפּרייט זיך אומעטום, און לאָזט נישט. נאָר פרעמדע גייען אין דעם אינדערוואָכן. מיר שפּרייזן אין אַ לויטערקייט. די אַנדערע פּאָר אויגן, די אינעווייניקסטע, זעען אין דער מחשבה, וואָס קיין פרעמדער קאָן אין איר נישט אַריינקומען. זי האַלט אים אָפּגעזונדערט. כי במנוחתו לא ישכנו ערלים.

איצט, כאָטש ער איז אַ יורד, איז זיין גאַנג אַלץ אַ האַרטנעקיקער. יעדער טריט ר׳ אַלטערס, זאָגט וועך שעניצע איז. אָן איר האָט אויך מינצק נישט קיין אחיזה. אַ ברייטלעכער, מיט אַ קורץ בערדל, און אַ ריפּסן שניפּסל, האָבן זיינע פּויסטן אונטן זיך געביילט, זיך צעעפנט.

איין זאַך איז ר׳ אַלטערן איצט קלאָר: דער וואַלד־מיטחר האָט יידן נישט געמאַכט שלאָגן קיין וואָרצלען אונטער זיך, נאָר ווי די ביימער — זיי אויסגע־

וואָרצלט; דורכגעלאָפן ווי אַ וואַסער איבער אַ פעלדזיקן פלאַך אויבן, און זיך נישט איינגעזאַפּט.

וועד עס איז זיין געהילף, האָט מען נישט געוווּסט.

ש. האָט געזען די דעלעגאַציעס און געטראַכט, אַז זיי, די שטעטלעך, שטייען שוין מיט אַ טריט ווייטער ווי מיר; זיי דערנענטערן זיך די ערשטע. מיר — נאָך זיי. ער ווייסט נישט פאַר וועמען צו בעטן. אַלע זענען מיר איין צד; קהילות־קדושות, וואָס צאַפּלען אַרויף און אַראָפּ. די וועלט אויף איין וואָגשאָל, און מיר אויף דער אַנדערער.

ה

די פרנסים פון דאָברע, דער רב און אברהמל דער גרינער, זענען אַוועק אויפן בית־עלמין. כאָטש ער איז נישט זייערער — קיין דאָברער ליגט מען דאָ נישט — וועלן זיי איינרייסן. די מתים זאָלן פאַר זיי זיך מיען. ש. האָט געוואָלט זיין מיט זיי; ער האָט זיך געכאַפּט, ער אַליין דאַרף זיין אויפן בית עלמין. קיין סך וועט ער אים שוין נישט זען.

ער איז געגאַנגען הינטער זיי; ביז איבער די קני געטאָפּטשעט — וואָס ווייטער מער אין שניי, געשטעקט די פיס אין דער ווייסער אומענדלעכקייט. וואָס אַ מאָל האָבן די דאָברער מער זיך דערווייטערט; זייערע טריט — גיכע און ברייטע. דער רב — פאָרויס, אין דער לופט זיין שטעקן מיטן ביינערנעם הענטל. דער שטעקן — ווי ער וואָלט אַליין געהאָפּסלט אין דער ווייסקייט; געמאַכט אַ וועג. ש. האָט נישט געקאָנט זיי נאָכגיין. ער איז געווען צופרידן, וואָס זיי זעען אים נישט; ער לאָזט זיי זיין מיט זיך. פון מאָל צו מאָל זענען זיי אים פאַרלוירן געוואָרן; אויסגעמישט מיט די קליידער אין דער ווייסקייט. ווידער זענען זיי אויסגעוואַקסן, נידעריקע, ווי מילבן, ביי דער ערד. ער האָט דערכאַפּט, שוואַרץ־געפלעקטע פינטעלעך. ער האָט געפּרוּווט איינקאָרטשען זיין גוף; זיך אָפּהאַלטן, בלייבן אַליין. דער קאָפּ ביי אים — לויז־אָנגעדראָלן. זיי האָבן איצט זיך געהויבן, די דאָברער, גרויסע, ווי אויפ־געטוליעטע שניימענטשן, אין דער ווינטערדיקער שקיעה. אין דער צעליכטיקט־קייט — האָט פון דער ווייטנס זיך געראָטלט איבער די צעוואָרפענעביימער. דער מערב האָט געפלאַמט איבערן פעלד. ער האָט מיט די אויגן נישט געקאָנט קוקן. דער וועג האָט פאַר אים זיך אויסגעשפּרייט אַ באַלויכטענער; געהויבן אים זיך אַנטקעגן.

נישט ווייט האָט דער בית־עולם זיך אָנגערוקט; אונטער אַ פאַרשנייעטן פּלויט איז ער געזונקען אין דער אָנגעדראָלנקייט. הויכע, האָבן אַריבערגעקוקט די מצבות. פון ווי־ווייט האָט אַ שניידיקער ווינט אַנטקעגנגעפּינקלט, אָן אָפּענער, געזעצט אין די שלייפן. אין דער שיטערער פרישטשעדיקייט האָט אַ ווײַלע אויסגעזען, די מצבות ציטערן דיך, ווי בלעטער; באַוועגן זיך. ווידער זענען פאַרויס, בולט אויס־געוואַקסן די דאָבערער. אַ גרויסע קראָ, ווייס־פאַרשנייעט, איז זיי אַנטקעגנגעפלויגן. אין חלל איבער די קעפּ, און אפשר איבערן געטאָ — הענגט אַ פויגל אומבאַוועגלעך; קוקט אַראָפּ, זיך נישט רירנדיק — אַ ווייסער פּינטל אין דער לופט. זיי זענען שווער געטראָטן. מיט דער ווייסקייט אין דער מיט, האָבן זיי אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געטראָגן אַ מת, זיך דערנענטערט מיט אים צום טויער פון בית־החיים. גיך איז ער זיי נאָך, געשטעלט טריט זיי אָנצויאָגן. זיי זענען אַריבער דאָס אַריינפיר־הויז.

ער האָט זיי נישט געזען. ער איז געגאַנגען דורך דער לענג פונעם שטיבל־טויער. אַ שינדלדאַך, שוועד אָנגעלייגט, ציט זיך איבער אים. אַ האַרטע ערדישקייט אונטער די טריט. פוןביידע זייטן טונקעלן דורכגאַנג — דיק־אָנגעשוואָלענע, הילצערנע טירן. לינקס, פאַרויס — אָן אָפּענע ברעטלדיקע טיר. ער האָט זיך דערנענטערט ווי צוגעצויגן. דאָס איז געווען אַ טונקעלע קאַמער. זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ זיצנדיקער אויף אַ באַנק, יידענע, פאַרוויקלט אין אַ קאָלדרע. מיט אַ דיך שפּעלטל אין די אויגן האָט זי געבליקט. אירע ליפּן — ווי זי וואָלט לייכט געפּרעפּלט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אויף האָלצטישן און נידעריקע בענק זענען געלעגן עטלעכע מתים. פון זייער איבערגעדעקטקייט האָבן צו אים אַרויס־געסטאַרטשעט עקן פון פיס מיט גראָבע פינגער אַרויף. לעבן דער יידענע, אויף דער באַנק — עטלעכע צעפּליקטע "מענה לשונס". צוליב דער געפרוירנקייט פון זיינע שפּיצן פינגער, קאָן ער זיי נישט נעמען, די ספרימלעך; די יידענע האָט אָנגעהויבן רעדן צו אים. ער האָט געהערט, אַז דאָס מיידל דאָ איז געשטאָרבן פון טיפוס. זי איז אַ שטאָטישע. בעת דער טהרה איז דאָס געגאָסענע וואַסער געבליבן גלאָזיק־געפרוירן אַרום איר לייב. זי האָט געוויזן: די צוויי מתים, די יונגע, זענען נישט קיין היגע. די זשאַנדאַרן האָבן זיי געטראָפן נאָענט אויפן וועג. איינער פון זיי, אָט דער, לינקס, האָט אין הויף פון דער זשאַנדאַרמעריע, מיט אַ מעסער זיך אַליין איבערגעשניטן דעם האַלדז; די חברה־קדישא האָט אויך צונויפגעזאַמלט דעם שניי, וואָס האָט רויט געסטאַיעט.

הינטער אים, אין פעדערהויז, האָבן זיך געהערט טעמפּע טריט. זיי האָבן אָפּגעקלאַפּט אין דער געפרוירענער ערד. די טיר האָט זיך געעפנט און עס זענען

אַריין די צוויי חברה־קדישא לייט, חיימטשע קאָפּ און מאיר זושעס. זיי האָבן אים דערקענט. זיי האָבן זיך געקלאָגט אַז דאָס קאַלטע וואַסער שניידט אונטער די נעגל. עס גליווערט. נאָך אַ נס וואָס דער זעלבסטמערדער דאַרף נישט קיין טהרה. ער האָט געפילט, אַזביידע ווילן זיי איצט נושא־חן זיין. יעדער פון זיי וויל ווערן גבאי פון דער חברה. דער דראָבנער מאיר זושעס, דער מיטן געלן בערדל, איז אַ מלמד; הייבט אָן מיט יינגלעך גמרא. דערפון איז זיין הייזעריקלעך קול. ער האַלט זיך פאַר מער למדן. דער גראָבער שוסטער ווידער, חיימטשע קאָפּ, דער מיטן געזונטן גוף וואָס אַ ברייט ווייס בערדל רינגלט אַרום זיין קיילעכדיק פּנים — קאָן, נישט געקוקט אויף זיין דיקקייט — מיטן גוף אַראָפּ אויך אין ענגסטן קבר, דאָרט ווו מאיר זושעס קאָן זיך נישט אַריינשטופּן. ער נעמט יעדן מת אויף איין פינגערל. ער איז געשיקטער. זיין הויט איז אַ לעדער. מיטן רויטן פּנים גייט ער אַראָפּ אין דער קאָכעדיקסטער מקווה. די וואַסער־היץ שניידט אונטער דעם גוף ווי אַ חלף; עס שוימט זיך ווי זייפן־בלאָזן אַרום זיינע ווייסע האָרעלעך פון גוף. מיט די הענט שאַרט ער כסדר, חיימטשע, אין ביידע זייטן דאָס וואַסער.

זיי האָבן זיך געקלאָגט אַז עס זענען נישטאָ קיין תכריכים; נאַקעטע קאָן מען נישט קובר זיין. זייער לייב ווערט פאַרשיט מיט ערד — אָן חציצה.

ש. האָט זיך דערמאָנט אַז דער שטאָט־פּינקס געפינט זיך ביי חיימטשען. עס איז אים דורך אַ מחשבה, אַז מען דאַרף אים באַגראָבן צוזאַמען מיט די רשימות פון געטאָ. שוין אָנהייב מלחמה האָט יואלטשע, דער גבאי פון בית־המדרש אין מאַרק, קובר געווען ערגעץ די קופּערנע מנורות און לאָמפּן, די הענגלייכטער, דעם האַנטפּאַס, די שעפּ און אַלע מעש־כלים. זיי ליגן דאָרט אין דער ערד ביזן הייני־טיקן טאָג.

ש. האָט דערזען די בלוילעכע אָפּגעדעקטע פיס פון דעם מיידל. זיי גרייכן, שטעקן זיך, צו אים. ער האָט דערפילט אַז עס איז אַ גרויסע עת צרה ליעקב. מיט אַ טאָג פריער האָט זי זיכער נישט געאָנט וואָס עס דערוואַרט איר גוף; אַז שוין קומט דער סוף. ווען זי וואָלט זיך דערוווסט — וואָלט זי צעעפנט אירע אויגן. ערשט נישט לאַנג אויפגעבליט — איצט וועלקט זי שוין.

ער האָט אָפּגעווענדט זיין פּנים: געטראַכט, אַז ער ווערט אַהער באַזאָרגן זיינע העמדער, אַרומצוויקלען זיי, די מתים. ער ווייסט נישט צי זיי פּאַסן. אפשר זענען זיי צו קורץ. מען ווערט אַרויסזען דאָס אונטערלייב. די פיס פאַרשטעקט ווערן וועלן אין ערד. זיי זענען אויך בלוי, די העמדער — נישט ווייס, ריין. געזעסן זענען זיי אויף זיין לייב.

מיט אַ מאָל איז אים דורך אַ גרויל: זיינע העמדער וועלן ליגן אין קבר, צופרעסן

לייבער פון מתים! ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן אַז כאָטש זיי, זיינע לייב־העמדלעך — וועלן קומען צו קבר־ישראל.

עס איז אים איצט באַפאַלן אַ שטאַרקער ווילן נאָך עפּעס פון זיך דאָ איבער־צולאָזן, קובר זיין צופוסנס זיין פאָטער. ער האָט נישט געוווּסט — וואָס. עס איז אים דורך אַ מחשבה, אַז זיינע רייד. זיי זענען איבעריק. לאַנג וועט ער זיי סיי ווי נישט דאַרפן.

אין דער שטילקייט האָט ער דערפילט, אַז זיי, זיינע ווערטער, באַפאַלט אַ מורא. זיי לאָזן זיך אַראָפּ באַהאַלטן זיך אין אים.

ש. האָט זיך נאָך איינגעקוקט אין די מתים; געזען אַז זייערע לענדן פון אונטן זענען אַלע ברייטלעך, אונטערלענענדיק, ווי צוגעגרייט פון פריער, אָנגעברייט פאַרן קבר.

ש. איז אַריין אין בית עולם. אַ בלענדיק ליכט האָט פאַר אים זיך צעעפנט. ער האָט זיך פאַרנומען לינקס, צו זיין פאָטערס קבר. שוין אַכצן יאָר ווי ער רוט דאָ. אויך זיינע צוויי זין, ש.ינס עלטערע ברידער, ליגן אויסגעצויגן פון ביידע זייטן. ער האָט זיך נישט צוגעגלייבט. פון דעם זעלביקן מאַרך אין רוקנביין דאָ זענען זיי ביידע און אויך ער געגאָסן. איצט זענען זיי אַראָפּגעלאָזט אונטער דער טיפער דעק און ער אַליין איז נאָך אויבן, ווי מען וואָלט אין אים פאַרגעסן. ער האָט געפילט, אַז ער גייט גיך. זיינע פיס שטעקן זיך אַריין און אַרויס אין שניי, לאָזן טיפע לעכער נאָך זיך. ער האָט נישט געוווּסט, צי ער זינקט אין קברים.

אין דער שניי־בלויקייט איז דער בית־עולם איצט פאַר אים געלעגן אַ צעשטראַל־טער — אין דער ברייט. מיט זיינע מצבות האָט ער זיך געצויגן אויף אַראָפּ, ווי שורות זעלנער וואָס שטייען. ער אַליין גייט זיי ביי דער זייט פאַרויס. יעדע שורה מצבות לאָזט אים זייטיק פאַרביי. זיי, ווי זיי וואָלטן זיך צוריקגערוקט, בלייבן הינטער זיך מיט די "פּ.נ."ס און מיט די פינגער פון כהנים־הענט, וואָס רייסן זיך אַרויף. זיינע אויגן — זילבערדיק פאַרטרערט. וואָס ווייטער ער מאַרשירט — זענען די מצבות נידעריקער, טיפער פאַרבעט, אַריינגעלאָזט אין דער פולכנער ווייסקייט. אַ נעפּל, ווי אַ ריזיקע דעקע, שפּרייט זיך, לאָזט זיך אַראָפּ איבער זיי, דעקט איבער דאָס פעלד, לייגט זיך ווי־ווייט נידעריק, ווי אַ טלית פאַרשפּרייט איבער קעפּ.

עס האָט אים געדאַכט: פון דער ווייט, פון הינטער די מצבות, קוקט עמעצער צום אים, ער בליקט אים נאָך. צוויי אויגן — צווישן גרויע שטיינער־קאַנטן, אָפּגעהאַקטע. אַ ווייסער שטערן, ווי אַ מאַרמאָר־פּאַס, וואָס בלאַסט אין שטענדיק ווען ער דרייט זיך אויס. ער איז נידעריק. ווען ער קוקט זיך אַרום, הייבן זיך —

פון טיף אונטן ביזן הימל אויבן — הויכע טונקעלע ברילן־ווענט. זיי צעטיילן דאָס פעלד אויף שורות — אָפּגעהאַקט איינע פון דער אַנדערער. קוים ער זעט דורך. פון אַלע זייטן האַרט ביים שניי הערן אים אונטער אויערן.

ש.ינס טריט זענען אַריין טיפער. די פולכנעקייט אונטער אים כוואַליעט זיך ווי אַ פּיאַנע, ווייס, אין אַ פאַרהוילעניש. ער האָט געהיפּערט אין ליים. דיקע ברילעס האָבן אונטן זיך באַהאָפטן צו זיינע שיך. ער טראָגט זי מיט זיך, די ערד. ער שעפּט זי געדיכט, ווי טראָפּנס פון אַ ים.

צווישן אַלטן און נייעם בית־עולם־טייל זענען איבער אים אויסגעוואַקסן אַראָפּ־געהאָנגענע צווייגן, פאַרשנייטע. זיי האָבן אַראָפּגעשווערט איבער זיין קאָפּ. פון אַלע זייטן אויבן — זיך געשטרעקט צו אים. ער איז געגאַנגען אין צווישן. ווען ער האָט זיי אָוועקגעשאַרט, זענען אויף אים געפאַלן ווייך־סאַמעטענע ווייסע שטיקער, לויזע, האָבן איבער אים געפּרישטשעט. זיי זענען זיך אים צעגאַנגען איבערן האַלדז. זיין אָפּגעדעקט אויער, וואָס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט, האָט פאַרנומען טעמפּע קלעפּ. זיי האָבן דורכגעדרונגען די ווייכקייט. די צווייגן־געמויזעכצן טיילן פונאַנדער צווישן אים און זיי. זיי זענען דורכגעזאַפּט מיט פייכטקייט. צו מאָל, רוקט ער זיך צווישן זיי נאָענט, ווי צווישן אָפּגעשניטענע אָרעמס, וואָס פאַרלייגן זיך אים אונטערן קאָפּ. ווען ער האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט, האָט אַ שטיק אָפענע לופט, ווי אַ העל־צעגאַנגענער באַרג, פאַרפולט דעם אַנטקעגן. ווידער מצבות, אַרומגעבעטע, וואָס זינקען. ער האָט דערזען, אַן איבערגעבויגענעם, דעם קברן, ר׳ לייזער, מיט זיין גרוי־ברוינלעכער באָרד. ער וויסט זיך אַריין, אַ ממשותדיקער, אין דער ליידיקייט פון אַרום. אויך אונטער דעם שניי זענען פאַראַן ברוינע ערד־גרודעס. ער שטייט מיט די פיס אין אַ לאָך וואָס ווערט אָנגעשנייעט. ער איז ווי איינגעוואַקסן. מיט אַ קילאָף אין האַנט האַקט ער אינעווייניק. עס פאַלן אין דרויסן האַרטע שטיקער. ביי יעדן זעץ אינעם גרוב שפּריצן אַרויס, שפּרינגען אָפּ, ווייסע פונקען.

ער — איז שטיינגעבליבן, כדי נישט איבערצורייסן. ער האָט זייטיק געקוקט אויפן באַגרעבער; אויפן קילאָף, וואָס הייבט זיך אַרויף און לאָזט זיך אַראָפּ מיט זיין אייזערנעם שפּיץ. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז מעשה בראשית. ער האָט דערקענט, אַז דאָס אייזערנע הענטל בריט ר׳ לייזערס פינגער. ער שטייט, דער זקן, אין אַ קבר און שיט אַרויס זאַמד־שטיקער, געלע. די ערד איז פאַרעקשנט, צוזאַמענגעקלעפּט. זי גיט נישט נאָך. אויבן פאַרוויקלען שמאַטעס ר׳ לייזערס הענט. זיינע פיס זענען ווי פאַרוואָרצלט. ער אָטעמט פאַרעדיק־שווער אַריין.

ר׳ לייזער, ווי ער וואָלט פאַרנומען זיין שטיין דאָ, האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן

דעם קאָפּ. זיין באָרד — דורכגעווייקט. ער האָט צו אים אַ שאָקל געטאָן. אין דער הייך האָט ער פאַרקרייציקט זיינע הענט; נאָך אַ ווײַלע אָפּגעקלאַפּט זיי אַרום גוף. באַלד האָט ער ווידער זיך אַראָפּגעבויגן, אויפגעהויבן דעם קילאָף און ווייטער געהאַקט טיף אין דער האַרטקייט. זיין רידעל האָט מיטן שפּיץ קוים זיך אַריינגע־שניטן, אַרויסגעשיט שטיקער. זיינע פינגער האָבן אַרומגעקלאַמערט דעם אייזן.

ש. האָט זיך דערנענטערט, אַריינגעקוקט אין ליידיקן קבר. די ערד — אינעווייניק אַ פאַרשטייפטע — האָט מיט שאַרפע פאַסן געגלאַנצט אַרום און אַרום.

נאָך דעם האָט ער געטראַכט, אַז ער, דער קברן, וואָס האָט געבראַכט צו קבורה שוין אַ האַלבע שטאָט מיט יידן, וועט אפשר אַליין צו קבר ישראל נישט קומען. אויף זיינע פאַרטרוקנטע ליפּן פּילט מען נישט קיין זאַמד וואָס האַלט זיך. אַלץ פאַלט אָפּ. אויך אים וויל די ערד דאָ נישט; אַרויסוואַרפן גרייט זי זיך זיין געביין. ער האָט באַנומען אַז דער בית־עולם איז נישט אונדזער לעצטער מקום־מנוחה!

ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק. ער האָט געוואָלט אַרומנעמען וואָס מער. דאָס איז טאַקע אפשר זיין לעצטער באַזוך דאָ. ער האָט זיך געטאַפּט דעם גוף. ער האָט געפילט די ליידיקייט פון יעדן פינטל אין זיך. עס איז ווייך, נאָכגיביק פאַר אַ קויל־שפּיצל. מיר זענען זי׳ס. ווי מיט אַ קלין וועט די שפּיציקייט זיין גוף צופּעסטיקן צו דער ערד.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, אַ חסד שוין פון נאָך אַלעם גייט אויף; פון אונטן, אומעטום, שטרעקט זיך אַ געגנאָד. אַלע קברים פאַרשפּרייט אַ ווייסקייט. זיי, אינעווייניק, ווילן מער זיך נישט באַוועגן, נאָר זינקען וואָס טיפער אונטן.

פון דער ווייטנס — די הויכע, פּירקאָנטיק־שפּיציקע, מאַרמאָר־קאָלאָנעס אויף די קברים פון די שטאָט־גבירים — סאַנע יאַנקל און זיין צעבאַלעוועטן זון, שלאַמעק עדעלשטיין. אָפּגעגראָדזשעט זענען זיי אַרום מיט אייזערנע שטאַכיטן. צוליבן שניי־אָנשיט דערקאָנט מען נישט די שוואַרצקייט פון די וואָס אַ מאָל שמעלער זיך־הייבנדיקע קאָלאָנעס. זיי רייסן זיך ווי הויכע פינגער צום הימל. אַ ווייסקייט, דורכ־געפינטלט מיט שוואַרץ, נעמט זיי אַרום. אויף די אינעווייניקסטע קברים זענען אויסגעצויגן לאַנגע שטיינער. מענטשן אין תכריכים קלאַמערן זיך מיט די פּנימער אַראָפּ. פונעם קבר פון זייערס אַ יונג־פאַרשטאָרבענער שוועסטער, הייבט זיך אַרויס, ווי אַ הויכע אָפּגעהאַקטע האַנט, אַ ווייסער מאַרמאָר. אויף זיין גלאַטיקייט אויבן — ווי אַ ווייס קאָפּל אָנגעוואַקסן — אַ שניי־קופּקעלע. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אונטער דער שטיינער־שווערקייט וועלן די מענטשן אויפשטיין תחית־המתים.

ש. האָט זיך פאַרנומען צו דער שורה פון די מיידלעך, פריש געשטאָרבן שוין אין געטאָ. ער איז געווען זייער חבר. עס האָט אים געדאַכט, די קברים קוועלן אַריבער די ברעגעס; אַ שוימיקייט שוועבקט אונטער זיינע פיס; ער טאָפּטשעט אין איר. אַ טייך פון דאַנען וועט אַרויסשטראָמען; זיך צעלאָזן; אַלץ אַרום וועט פאַרגאָסן ווערן. אויך ער וועט אָפּשווימען.

ער איז געשטאַנען איבערן קבר פון קראַמאַזשעס ברודערן־טאָכטער, עפּאַ. שוין אין דער יוגנט צוגעפאַלן איז איר עלטער. ערשט נישט לאַנג איז ער נאָכגעגאַנגען איר לוויה. געווען איז דאָס דעם לעצטן פרילינג, ווען זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואַרעמע מלבושים; מיט אַן אָנזאָג זיך באַוויזן אין גאַס. אין איין רגע, איידער מען האָט זיך געכאַפּט, איז זי מער נישט געווען. די געטאָגאַסן זענען געבליבן ליידיק. געשטאָרבן איז זי אין טיפוס־שפּיטאָל. געווען דאָ פריער איז דאָס גערער שטיבל. ער געדענקט, ווען מען איז אַריין אינעווייניק, האָט חיימטשע קאָפּ אַרויסגעצויגן אַ ווייס פעדערל, געשטעקט עס אונטער אירע אויפגעשפּיצטע נאָזלעכער, געוואָרן איז זי, עפּאַ, פלוצעם צו אַ טייל פון די בלאָס־איינגעקאָלעכטע ווענט אַרום; אירע אויגן און האָלדז — פון אַ פאַרגלייזטער ליאַלקע; קאָנסט זי באַוועגן ווי דו ווילסט. איר בעט געשטאַנען איז ביים פענצטער, אויפן אָרט ווו לאַנג פלעגן ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש, דאַוונען, געוויקלט אין שווערע טליתים, אַלטע חסידים, מיט רויטלעכע פאַרמעט־פּנימער. אין חלל געהאָנגען זענען נאָך ניגונים; געגליוווערט האָט דער דינער געקלאַנג פון עטרות און זילבערטאַצן; אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין דער לופט ווייסן זיך נאָך אָפּ פינגער, וואָס האָבן אָקאָרשט באַרירט סאַמעטענע ספר־תורה־מענטעלעך. איצט איז זי דאָ געלעגן, שוין אַן איבערגעדעקטע אין דער לענג, ווי אַ בעלקע — אַרויס פון וואַנט ביז דעם מיטן צימער. באַלד זענען אַריין די חברה־ווייבער מיט איר זיך מטפל צו זיין. אין דרויסן, פון יענער זייט וואַנט, געהערט האָט מען דעם שווערן אַראָפּפאַל פון גוף — הענט און פיס. שפּעטער, דעם גאַנצן וועג ביזן בית־עלמין, האָט ער, מיט אַנדערע חברים, געטראָגן די מיטה. אַראָפּגעשווערט האָט די האַרטקייט. געווען איז זי ענג איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער קאָלדרע. עס האָט זיך אַרויסגעזען די בולטקייט פון איר גוף. געטראָטן איז ער אין דער לינקער זייט, איר צוקאָפּנס. ער קאָן ביז היינט נישט פאַרגעסן, צוליב איר לענג — איז אויבן צו־קורץ געווען די קאָלדרע. פריש, ווי צעקעמט, האָט ער אַרויסגעזען אַ בינטל פון אירע לאָקן; דער האָרפּאַס — ווי ער וואָלט געצויגן אויף צוריק. אויך איצט ליגט ער אים, דער גלאַנציקער פּאַס — קרומלעך, ווי אַ שלייף, פאַר די אויגן;

האַקט דורך די לופט. די מיטה, שווער, אין באַגלייט פון אַ ווייט־פאַרהוילענעם טאַקט, האָט כסדר זיך געוואַקלט, און עפּאַ — אויף איר.

ש. האָט זיך דערמאָנט: געווען איז דאָס אין די ערשטע טעג, ווען אַ הויכע און עלאַסטישע איז זי געקומען צו אונדז ווינטער פון לאָדזשער געטאָ. אין איר סאַמע־טענער שוואַרצקייט, האָט זי אויסגעזען ווי אַ פּאַקע. אירע פּיס, אונטן — אַרומגע־נומען פון שמאָלע פוטער־באָטן. זייער זוים אויבן באַרירט האָט זיך מיט דער זיך־שלענגלדיקער אַראָפּ, ווייכער פּעלערינע־פּעל. אויך אירע לאַנגע באַפּוטערטע הענט — פאַרזעצט אין שוואַרצע פּאָקע־הענטשקעס. גלעטנדיק, האָבן איר האַלדז אונטער־געלענט די אויפגעשטעלטע האָר פונעם גלאַנציקן קאָלנער. צווישן אים און דעם פוטערנעם היטל — צעגאָסן האָט זיך אַראָפּ, ווי פון אַ כסדר־צעעפנט מויל — די לאַנג־ווייכע כוואַליע פון אירע האָר, וואָס האָט איצט אַזוי זיך געווערט, נישט געוואָלט אַוועק.

נאָענט פון איר ליגט די צווייט און צוואַנציק־יעריקע רבקה לערנער. איר קבר — קלענער, אַראָפּגעלאָזטער; אַ דינער אייזצודעק, ווי אַ ראָם — אויבן. אויך זי, רבקה, איז פּלוצעם אין זומער קראַנק געוואָרן. אויפגעשלוכצט האָט איר גוף און מער זיך נישט איינגעשטילט. געווען איז זי אַ דראָבנע, אַ שוואַרצע; מיט שמאָלע אַקסלען אַראָפּ. צווייט געבויגענע, פון קאָפּ — האָר־רייפלעך, ווי האַלבע לבנות, האָבן קיילעכ־דיק אַרומגערינגלט איר פּנים. עס איז געווען באַשאָטן מיט שפּרענקעלעך ווי מיט בלייך־שיטערן מאָן. קיין מאָל האָט מען איר קול נישט געהערט; אירע ליפּן תמיד — ווי איינגערוימט אַ סוד. נישט געגאַנגען איז זי, נאָר איבער די זייטן־גאַסן זיך פאַרבייגעווישט, דין, ווייס־טיולעדיק. מען האָט געוווסט, גאַנצע טעג זיצט איר משפחה ביי זיך אויפן בוידעם־שטיבל; אַלע צוזאַמען פאַרטאָן אין ספרים. יעדנס פּנים — מיטן געבויגענעם שטערן אַריינגעמויערט צווישן די צעעפנטע בלעטער, וואָס מישן זיך; די אויגן לויפן צווישן די שורות. פון אומעטום קרייצן אַהער זיך שפּיצן. די הויכע ווענט אַרום — דין־הילצערנע, געבויגענע. פון שמאָל־שפּיציקן דאַך אויבן — לאָזן אַהער, ציענדיקע, זיך אַראָפּ — בעלקעס און לייסטן; רינגלען אַלע אַרום, פאַרוועבן זיי הינטערווייילעכטס. אין דער פאַרוויקלטקייט — די משפּחה, פאַרכאַפּט ווי אין שפּינגעוועבס. אויבנאָן ביים טיש — דער פאָטער, מיט אַ גרוי בערדל, געבויגן אַרויף צום מויל. ער קייט עס. ער איז, ר׳ הערשל לערנער, צווישן די למדנים פון שטאָט; זיינע אויגן — הוילע; האַלב־קיילעכיקע ווייסלען, ווי אייער; מען ווייסט נישט צי זיי זעען. דער קאָפּ — פאַרמומיעט; ווי אַ שמאָל־פולער קליאַש,

אונטערגעלענט פון זיין האַנט. זיין ווייב —ביים ליימענעם אייוועלע — ווייט אין ווינקל. מען זעט אַרויס, אויבן — בלויז איר נאָז־בלייכקייט אין דעם נעפּל וועלכן עס דרינגען דורך די אויגן. זי שוועבט איבער אַ פּאַרע־פּיעדעסטאַל — אַרויס־געהויבן און צו מאָל אַרונטערגעלאָזט. פון מאָל צו מאָל צעשווימט ער זיך. פון דאַנען צעציִען זיך די ריחות; דער לייכטער וואָלקן וויקלט אַלע אַרום. אין דער צעצויגנקייט זעגען די זין און טעכטער צעלייגט איבער בעטלעך; רוען אַראָפּגע־לאָזט אויף בענקלעך. אויך די וויקלנדיקע זיך פּאַרע צעדריוולט לויז זיך אַרום. אַלע שלינגען זי, ווי פיש. זייערע ליפּן באַוועגן זיך. נאָך אַ ביסל, וועט אַלץ זיך איינציען; זיי פאַרשפּינען אין אַ נעץ.

אין געטאָ געוווסט האָט מען, אַז רבקה קאָן נישט פאַרביישלייכן זיך דעם יונגן בעל־עגלה יואל קאָמיען; ווי ביי אַ קלאָפּע פאַרהאַלט זי זיך. יואל איז אַ שמאַטע־קלויבער פאַר דעם מלחמה־קעסל. זיין ברייטער וואָגן פאָרט אויסערן געטאָ. אַ גרינער באַנד נעמט אַרום מעכטיק זיין אָרעם. תמיד, נאָך דער אַרבעט, באַווייזט ער זיך אין געטאָ, פריש ווי אַ לאָשיק, נאָר וואָס אַרויס פון טייך. זאַפטיק פליסט אין זיינע אָדערן. אין דער גרינער לענטע גלאַנצט די ברוינקייט פון זיין הויט. ווי אַ סאָלדאַט קוועלט ער פריי איבער די גאַסן.

עס איז שוין מער קיין סוד נישט, אַז רבקה טרעפט זיך מיט אים; אין די שפּעטע נאַכט־שעהען שפּאַצירן זיי לענג־אויס דעם טייך. די פינצטערניש פאַרשלינגט זיי. זיין שווערער שאָטן פאַרוויקלט אין זיך איר דינע דורכזעאיקייט. זי האָט, די נאַכט, דורכלעכרנדיקע אויגן. איבערן בלעזלדיקן וואַסער זעט מען, זיין מעכטיקער אָרעם קלאַמערט זי אַרום. צוויי געשטאַלטן פאַראייניקן זיך; זיין ברייט־צעעפנטע קורטקע — פאַרפלעכט זי, שליסט זי איין. אַ געמורמל, ווי אַ וואַסערדרויש, שלאָגט זיך אָפּ פון די ברעגעס. אָט דער געמורמל האָט אַוועקגעכוואַליעט, פאַרגאָסן די טריט. נאָך אַ קורצער צייט האָט די שמועה זיך געהויבן, אויפגעבראַוזט, ביז פול זענען געוואָרן די מויערן, איבערגעגאַנגען. דאָס געטאָ האָט אין איר זיך געטרונקען.

אַ שטילע ברומעניש; קיינער האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרדייען: אַזאַ חילול! ווי פאָרט זיך כלאים — ער און שטילער געשאַרש! עס שרייט אויף בלויז דער באַריר! נאָר דאָ אין געטאָ קאָן דאָס געשען! אויס משפחות ביי יידן! אויך די פשוטע חי וקיימ׳ס, פון יואלס גראַד, האָבן געהאַלטן אַז מען טאָר דערצו נישט דערלאָזן.

יחידים האָבן דעריך געזען אַ דראָענדיקע האַנט; אַ רעגנבויגן שפּרייט זיך איבערן געטאָ. מיר זענען שוין אין אַ נישט דאָ־וועלטיקער תקופה. עס נידערן אין איר די מינהגים פון אַ מאָל; אויף תמיד שוין די צעמישעניש. אַן אַנדער חלל

וועלגערט זיך אונטער אונדזערע פיס. נישטאָ מער קיין אונטערשפּאַר. אויך אַ ניי ליכט פֿאַרבלענדט די ראיה. אַלץ שיינט אין אונדז אַריין.

נאָך אַ קורצער צייט געהערט האָט מען, אַז יואלס גוף איז מיט איר זאַט. אויס־געהוילט האָט ער פֿון איר יעדן סוֹד; דאָס בלענדעניש וואָס האָט פֿון איר אַרויס־געשיינט האָט אים נישט אַרומגענומען. אין איר שטוב בלייבט זי איצט, רבקה, אַליין. דער גוף איז איר צו ענג. אויך — דאָס געטאָ און אַלץ אַרום. זי וויל אַנטלויפֿן אַרויס פֿון איר לייב, אויפֿשרייען אין ווייטן חלל.

מענטשן, אָנשטאָט זיך צו באַרואיקן — עס לייטערט ווידער זיך אויס איבערן געטאָ — האָבן געפּילט די בושה, ווי אַן אייגענע. די לופֿט דאָ הייבט אָן ווערן בלייאיק־געדיכט. ווו מען זאָל די אויגן נישט אויפֿהייבן -- טרעפֿט מען זיך אָן אויף די ווענט פֿון רבקהס פֿאַרמאַכטער שטוב. זיי זענען ווי געמויערטע; ווי דער צענטער פֿון געטאָ. אויך אין מיטן טאָג האָט אַ דיקע גרויקייט וואָס אַ מאָל מער אַרומגערינגלט די שטוב. אין די טונקעלע פֿאַרטאָגן האָבן מענער און פֿרויען אין די בעטן נישט געקאָנט איינליגן; קעפּ פֿון פֿענצטער האָבן זיך אַרויסגעבויגן, פֿון האַלב־פֿאַרזונקענע ראָמען — געקוקט אַהין. אַנדערע האָבן צווישן די ווענט זיך געשושקעט; מען קאָן נאָך דאָרט דערהערן. דאָס הויז געשטאַנען איז אַ שטומס, אַן אַרומגעוויקלטס.

שפּעטער, אין איינעם אַ טאָג, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז רבקהס גוף צאַפּלט אויס די לעצטע וואַרעמקייט; איר ברוסט הייבט זיך לייכט, ווי זי וואָלט געפֿירט שטילע געראַנגלענישן — האָבן די געטאָ־איינוווינער, ווי מיט אַ מאָל דערשפּירט, אַז אַ האַנט נעמט זיי אָן ביים קאַרק, טרייבט זיי אַרויס פֿון די שטובן. גרויס און קליין, ווי פֿון אַ געליאַרעם אין די אויערן, האָט גענומען באַלאַגערן דאָס הויז אין זייט פֿון מאַרק. שוין קאַיאָר, און פֿאַר נאַכט אין די שעהען פֿון נאָך דער אַרבעט — איז דער פּלאַץ אַרום פֿאַרפֿולט געוואָרן. מענטשן האָבן נישט געקאָנט איינשטיין. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אינעווייניק, אין שטוב, אַמפּערט זיך רבקה מיטן לעצטן אָטעם. ער קלאַפּט אַרויס. אירע וויעס שליסן זיך ציטעריק, ווי זיי ווילן זיך פֿאַרמאַכן; פֿאַרשליסן אים, דעם גוף. יעדע רגע קאָן אויף תּמיד די וואָגשאָל זיך איבערוועגן.

טיר און פֿענצטער פֿאַרהאַקט; פֿון אינעווייניק הערט מען גאָר נישט אַרויס, נאָר די שויבן בלישטשען, ווי מיטן לעצטן ביסל שטראַלן וואָס לעשן זיך.

און פּלוצעם, אין אַ פֿאַרנאַכט, ווען דער זומערטאָג האָט זיך געבויגן, האָט איבער די קעפּ אויפֿגעריסן די ידיעה, אַז רבקהס חיות שלייכט זיך נידעריק אין די שפּיצן פֿינגער; אירע נאָזלעכער פּאַכן אויף און אָפּ. די שמועה האָט ווי אַ דונער

זיך צעקאָלערט; איז ווי אַ ווינט אַדורך איבער די המונים. אַן אויפברום איז אַדורך די מחנה.

אין איין רגע האָט אויף דער הויכער שוועל זיך באַוויזן אַ פּנים — אָפּן אַנטקעגן ים מיט קעפּ. עס איז אַרויס פון אינעווייניק, און געבלאָנדזשעט מיט אַן אויפגע־ריסענעם בליק. דער המון האָט גלייך זיך געכאַפּט ווער עס שטייט פאַר אים. פון די שטיגלעך, אַן אַנטשלאָסענע, האָט אַראָפּגעקוקט אַ טונקעלע, מיט אַ טוך אויף זיך, האַנקאַ בערגער, די לערערין פון געטאָ. אַ שווינדלעניש איז דורך; אַ כוואַליענ־דיקע שושקעניש האָט דורכגעקעמט די לייבער: האַנקאַ, די דערציערין פון אַ דור! זי איז אַזוי נאָענט און ווייט! האַנקאַ איז שטיינגעבליבן, מיט איר האַלדז הויך איבער די קיילעכיקע אַקסלען, ווי פאַרוווּנדעט פון דער אַנטפּלעקעניש. מען האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז די יונגערע שוועסטער פון רבקהס מוטער, איר מומע; זי איז איצט אין גאַנצן ענלעך צו איר — אַ ברייטערער אָפּגאָס רבקהס. דאָס איז יענע אַליין, אַן עלטערע, אויסגעוואַקסן פאַר אַלע; איבער נאַכט — אַ געזעצטערע. אַ רגע האָט זי זיך אַ וויג געטאָן אויף הינטערווײלעכטס; מיט אַ פוס, בייגעוודיק, אַ שפּאַן־געטאָן פאָרויס. אַלע האָבן דערשפּירט די ירידה! מען שטייט איצט פאַר דעם גרעסטן נסיון אין געטאָ.

אין איין אויגנבליק האָט דער עולם געוווּסט ווהין האַנקאַ לאָזט זיך. נאָר איין פונק פון האָפענונג איז פאַרבליבן.

מען טאָר נישט טראַכטן. ווי געשיקט זיך דאָס?! אַ סם נורעוועט טיף אין די ביינער. עס ווערט שפּעט! אַלע האָבן דערשפּירט, די שטיינער בריען אונטער.

האַנקאַ האָט שוין געשפּאַנט פאָרויס. אַ האַלבקרייז פון ביידע זייטן. דער המון אָפּגעריסן פון אָרט, רירט אויף פון די מאַרק־שטיינער; לײדיקט זיי אָפּ הינטער זיך. האַנקאַ האָט זיך געלאָזט, אַ צעשויבערטע; די האָר — אַרויף; דער קאָפּ — אויפגעהויבן; געפילט, דער המון וויגט איר זיך נאָך. זי קאָן פון אים זיך נישט אָפּרייסן. די מאַסע פאַרפּלייצט די שמאָלע גאַסן; שווער רוקט זי זיך לענג־אויס דער אויפגעפּראַלטקייט. האַנקאַ האָט פאַרקערעוועט צום טייכברעג; די געטאָ־איינוווינער — נאָך איר; אַלע — ביי דער זייט פון וואַסער, ווי אויף אַן אומענדלע־כער לוויה, אַ לײדיקע — אַראָפּ אין דער פאַרנאַכטיקער שקיעה אַריין.

אַ רגע איז ער געוואָרן האָפערדיקער, געגאַנגען לויזער, דער המון. פון די ערשטע שורות ביז ווייטער אַראָפּ האָט זיך אַ הייב געטאָן דער בטחון; די פיס — שטייפער. זיי טרעטן צו אַ באַשטימטקייט.

עס איז געווען שוין טונקל, ווען האַנקאַ מיט אירע באַגלייטער זענען אַריין אין יוֹאלס אַראָפּגעשווערט שטיבל. דער המון, ווי פון אַ דאַמבע פאַרהאַלטן, איז געבליבן

אין דרויסן. אינעווייניק — שטיל. אַן אויגנבליק האָט ער אויפגעגלאָנצט הינטער די שויבן. יעדע רגע ציט זיך. אַלע ווייסן, ער קאָן איר אין פּנים נישט קוקן. זי האָט אים געכאַפּט אין די פּאַרבאַרגעניש. אַ בטחון גייט אויף, זי נעמט אים איין, זי רעדט צו אים קורצע ווערטער. ביסלעכווייז וועט אונטער זיי זיין ווילן צעשווימען. ער וועט נאָכגיין; זי וועט אים פירן איבער די גאַסן, ברענגען. מען ווייסט נישט, מען ציטערט פאַר יעדער רגע דאָרט. אויב מען וועט באַווייזן — וועט ער אַ פּאַר־שעמטער שטעלן זיך פאַר איר בעט.

ווען די טיר האָט זיך געעפנט, און האַנקאַ איז אין איר שטיינגעבליבן אַליין — איז די ערד, ווי פּלוצעם, אָפּגעשווומען פון אונטער אַלעמענס פיס. מען האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געגעבן אויף דער שוועל. זי איז אַריבער. יעדער אויסגעשריי אין די מיילער איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

מען איז צוריק. די מחנה האָט פּאַמעלעך זיך צעצויגן ,זיך צעשיט. מען איז געגאַנגען איבער שטיינער, געטראָטן איבער באַוואַקסענע שטחים, איבער ווילד־גראָז. ביסלעכווייז האָט דער המון זיך צעלאָזט; יעדער צו זיין היים, פּאַרמאַכן זיך מיט דער משפחה. אַרום הויז אויפן מאַרק־פּלאַץ — געבליבן איז בלויז די ליידיקייט און רבקה אין איר.

ז

אַ מינוט האָט אים געדאַכט, אַז אונטער זיינע טריט לאָזט אַלץ זיך אַראָפּ. דער בית־עולם דרייט זיך איבער. דער הימל ליגט געשפּרייט פון אונטן. ער טרעט אין אים ווי ער וואָלט געשאַרעוועט מיט די פיס. איבער אים אויבן הענגט זי איצט, נידעריק, די פּאַרשנייטע ערד, שוועבט אָן, ווי אַ טיף ליילעך, געהאַפּטן מיט קברים, פּלאַטערט זי איבער די מצבות. די קלאַפּעס עפענען זיך אַראָפּ איבער אונדז. ער האָט געוואָלט אַרויפשטרעקן די הענט; אונטערהאַלטן מיטן קאָפּ די בערגלעך; נישט אויסשיטן זאָל זיך איבער אים. און אפשר וועט ער מיטן מויל זיך איינזייגן אין דער וואָרצלדיקייט, זיך אָנטרינקען מיט איר.

ער האָט איצט געזוכט די דאָברער. ווו זענען זיי? עס האָט אים געדאַכט, אין דער צווייג־ברעכעניש פּאַרנעמט ער דעם דינעם געקלאַפּ פון רבס שטעקן; טרוקן בייגט ער זיך, ווי אין אַ געטופּ אין מצבה־שטיינער. ער האָט זיך איינגעהאָרכט: וואָס טוט ער, דער רב? און ווו איז ער, אברהמל דער גרינער?

ווען ער איז געגאַנגען צוריק, האָט ער אין מערב, אַנטקעגן, אין אַ ווינקל, דערזען דעם אוהל; דאָס פּאַרשנייטע דעכל — געשפּרייט ווי פליגל; אַריינגעלאָזט אין דער ערד־ווייסקייט. עס שווערט אַראָפּ. נאָך פון דער ווייטנס האָט ער פּאַרנומען, די

טירן זענען צוגעלענט אויף אינעווייניק אַריין. עס גייט פון דאָרט אויף אַ געַרויש. די צוויי שליחים זענען דאָרט דאָ. ער האָט געוווּסט, דער אַלטער רבי, ר׳ יאַנקעלע, איז תמיד געווען אַ מליץ־יושר; ווי פאַרגעסאַנט די איצטיקע טעג — האָט ער מתפלל־געווען נאָך רחמים. צי לאַדנט ער אים, דער רב? ער באַשווערט אים פאַרן כלל ישראל? צי וועקט ער אים? געקומען איז די צייט; אויב נישט איצט — טאָ ווען?

עס איז אים איינגעפאַלן, אַז דער רבי באַהאַלט איצט זיך אינעווייניק, טיף אין קבר, מען זאָל אים נישט אַרויסזען. ער ציט זיך איין. די ערד פון אונטן שטופּט זיי אַרויף, די קברים. ער וויל, דער רבי, זיך נישט לאָזן. יעדער איינער איז איצט אויסגעשטעלט בלויז אויף זיך.

ש. האָט געשפּרייזט שנעל, געהיפּערט; מורא־געהאַט זיך אויסצודרייען, נישט אָנצוטרעפן זיך אויף זיי. ער האָט אויך אויסגעמיטן דאָס טהרה־שטיבל, אפשר וועלן זיי אים רופן, פאַרטשעפּען די מתים; פאַרהאַלטן אים מיט די אויסגעצויגענע פיס.

ח

צוריקגעגאַנגען איז ער שוין שפּעט אין בין השמשות. די צווייגן האָבן מער נישט געפינקלט אינעם פראָסט. דער שניי געפאַלן איז געדיכט. די קאַלוזשעס — ווי ברייטע, גליטשיקע שפּיגלען — פאַרשפּיצטע, אַרום ווייס־אָנגעדראָלענע ראַמען. עס האָט געהאַלטן אין איין שיטן איבער די דעכער, דראָטן, און אים אין פּנים. אַ דיקער פאַרהאַנג האָט כסדר זיך אַראָפּגעלאָזט, געפּרישטשעט פאַר זיינע וויעס. ער איז דורך אַן אָפּגעצוימטן פון ביידע זייטן קאָרידאָר אונטערן הימל, אַ שמאָלן, און איז אַריין אין געטאָ. ער האָט נישט געוווּסט ווו צו גיין. ער האָט אינעווייניק זיך געדרייט לענג־אויס די מויערן, געמאַכט ווי הקפות. אָן אויפהער שיט זיך פון אויבן, כסדר שטייגט ער העכער איבערן שניי. זי ווערט דיקער, די ערד; אויך די מויער הייבט זיך ווייך. אַ נידערנדיקע שיכט נעמט אַלץ אַרום, פאַרברייטערט מיט אַ געדיכטער ראַם; פאַרשטאָפּט אַלע לעכער — אויף נישט אַרויסצוקריגן זיך. שוין קיין מאָל וועט ער נישט אויפהערן, דער שניי. ער וועט פאַלן און פאַלן. אונטער די יסודות פון די ווענט, די טיפע פונדאַמענטן, צעזידט זיך אַ קאָכעדיקער שטראָם; פליסט, שמאָל, ווי אַ ברויזיקער טייך, אונטער די פיר זייטן. עס פאַלט אין אונדזערע אויער־לעפּלען. עס ווערט פאַרשטאָפּט אויך דאָס גרויסע אויער פון בין־השמשות. דער דרויסן האָט פאַרלוירן זיין רו. עס וואָיעט, רייסט זיך; דינע פייפן, אומענדלעכע, גייען איבער פעלדער; ווייסע זיילן בלאָזן קרום, לויפן לאָם, דרייען זיך נישט

אויס. הייזער אוןביימער טרעוואָגן. עס קייכט ערגעץ אויף. בלעכן און טעלעגראַף־דראָטן קלאַפּן, קלינגען אָפּ. דאָ און דאָרט שפּיצן זיך אָן פּנימער, שווילן אויף; איילן און פאַרקיילעכיקן זיך. אין ראָג איז געשטאַנען אַ מענטש און געלאָזט איבער זיך אויסלייגן דעם שניי. ווייסע בערג האָבן פאַרשיט זיינע אויערן און ליפּן. זיינע פאַרדעקטע אַקסלען האָבן דורכגעצוקט. ש. האָט געזען, דאָס איז אַ בלינדער; ער זוכט זיך אַ וועג. פרישטשעס שיטן זיך אין זיינע רויטלעך־געעפנטע שפּאַלטן; פאַלן פון אויבן אין זייער צעגליטקייט, לייזן זיך אויף און צעגייען פינקלדיק אין הייסע טרערן. ער וויינט שטיל. עס טראָפּעט פון אים אַ קוואַל. אַ מינוט האָט ש.ינען געדאַכט, דאָס איז אַ לעבעדיקער שניימענטש. קינדער וועלן אין זיין אויגן־געהויל אַריינזעצן שוואַרצע שטיינדעלעך, קויליקע; פאַרשטאָפּן די טרערן־רינע. און אפשר וועט ער שוין צו אַ מאָנומענט, ער וועט שטיין נאָך אונדז. עס האָט אים געדאַכט, דאָס גאַנצע געטאָ וועט פאַרשלונגען, פאַרשיט ביז אויף איבער די ברעגעס. מיר בלייבן אונטן.

ט

מען האָט שוין געקאָנט אָנטאַפּן די פינצטערניש, ווען קראַמאַזש און די אַנדערע צוויי דעלעגאַטן זענען אָנגעקומען קיין קאַליביעל. דער פאַרטונקלטער שניי האָט, ווי אַ קאָלדרע, אויף ווי־ווייט איבערגעדעקט דאָס שטעטל מיט די העכער פינף הונדערט נפשות אינעווייניק. קיין געטאָ איז דאָ נישט געווען, נאָר די געסלעך האָט אַרומגעקרייזט אַ זשאַנדאַרן־וואַך. פון אַלע פיר זייטן, אין דער גאַנצער לענג — זענען דורכגעלאָפן קוילן. די ביקסן־שיסעריי, וואָס האָט געצויגן זיך גלייך ווי אַ ווירע, האָט די יידישע געסלעך אָפּגעטיילט, ווי אַן אומגעזעענע צוים, וואָס קיינער קאָן נישט אַריבער. פון ווי־ווייט האָבן זאַלפּן ווינטיק זיך איינגעפּיפּט אין די אויערן, אָנגעזאָגט, אַז קוילן, פאַרוויקלטע, פליען אָן. אויך אַ לאַנג־אויסגעצויגענער געוואָי פון וואָלפהינט געדראָט האָט אין חלל — נישט אַריבער אין די דרויסנדיקע געסלעך. לענג־אויס דעם יידישן טייל — האָט אין דער פינצטערניש פון אַלע זייטן געגרייכט צו זיך די פאַרע פון אָפענע פיסקעס; זיך געוויקלט וואַרעם, אָפּגעטיילט דעם גרעבעץ־פּאַס, ווי וואַכטורעמס אַרום.

געוווינט האָבן די זשאַנדאַרן אין דער דרום־זייט פון שטעטל, אין אַ לענגלעך איינשטאָקיק הויז — אויף ווי־ווייט אָפּגעראַדזשעט מיט אַ צוים פון שטעכל־דראָטן. דאָס הויז — מיטן ברייטן טויער אַרויס אַנטקעגן די יידן־געסלעך. פון צייט צו צייט האָט אין דער נאַכט־פינצטערניש פּלוצעם אויפגעלויכטן אַן אומגעריכט־אָנגעצונדענער רעפלעקטאָר. ער האָט זיך געבוקט, און אַריינגעבליצט אין די אויגן.

פאַרבלענדט — האָט מען פון אים נישט געקאָנט אַנטלויפן. אויף דער ערד דערזען האָט מען בלויז שטיוול און שאָטנס, וואָס וואַקסן אויס נאָענט.

איצט האָט אַלץ, ענג, ווי מיט רייפן, איינגעפּאַסט די הייזלעך. פון קיין שום פענצטער — קיין אָפּשיין. פון דער ווייטנס האָבן הינט צערייצט געצויגן זייער געהיילעניש; גרינע אויגן האָבן דורכגעשטאָכן די נאַכט, געלאָזט פאַלן אָפּגעהאַקטע שטראַלן. פון די דירות געטראָגן האָט זיך אַן איינגעהאַלטן אָטעמען.

די פירער פון די יידן אין דער קרייזשטאָט, כאָטש זיי האָבן ביי זיך געהאַט „פאַררעכט־שיינען", האָבן שטיל, ווי איבער אונטערגעלייגטע וויקלעניש, זיך געדרייט אַרום הייזלעך, געטאַפּט ווענט, צוגעוואַרט. אין אַן אויסהוילעניש האָבן זיי אַריינגעזאָגט אַז זיי זענען יידן; געפרעגט, ווו עס וווינט דאָ דער רב. אַ וואַקלדיק קול פון אינעווייניק האָט געדעמפּט צוריקגעענטפערט. זיי האָבן ווייטער געשטעלט ווייכע טריט, זיך איינגעהערט, אָנגעפּויקט אין אַ פאַרמאַכטן לאָדן — פון אינעווייניק דיק־איבערגעצויגן. מיט זייערע מיילער האָבן זיי אַריינגעשושקעט אין די שפּאַרעס. זיי האָבן געשפּירט אַז זייער פאַרע — אַרויס איז לריק. צו ערשט איז ווי איינגעפאַלן דער אָטעם. אין חלל אָפּגעעכאָט בלויז האָט דער ציטער פון דינע קלעפּ. שפּעטער האָט דער רויש אויפגערירט אינעווייניק קינדישע טריט. אויף דעם דיל, נידעריק, האָבן זיי לייכט אויפגעשאַרט. זאָקן זענען אָנגעגאַנגען גאָר נאָענט. פון יענער זייט טיר, אויבן, האָט זיך געהערט אַן אויפריגלען, טעמפּע שטאָבעס האָבן מיט אַ ריק זיך אַראָפּגעלאָזט. אַ פאַרשוואָלענע האָט זיך געעפנט די טיר. מען האָט געפילט, עמעצער שטייט אין פאַרהויז. דאָ איז די פינצטערניש געווען נאָך געדיכטער. זיי האָבן אין איר זיך איינגעשניטן, געלאָזט זיך פירן פאַרויס. די טיר הינטער זיי האָט פאַמעלעך זיך צוגעלענט. בלאָס האָט זיך געעפנט אַ צווייטער טירשפּאַלט, זיי באַ־לויכטן לענג־אויס די שטערנס. איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי אַריין אין אַ נידעריק שטיבל. אויגן פון קינדער — נידעריק און העכער, האָבן זיי אַרומגערינגלט. זיי זענען געשטאַנען אָנגעפּעלצטע, מיט הויכע שטיוול. זיי האָבן געשפּירט ווי עס פאַלן פון זיי אָפּ אויפן דיל שטיקער אייז און שניי. פון נאַפּטלעמפּל אויבן, איבער זייערע קעפּ, אַרומגעוויקלט מיט פאַרקאָפּטשעט געל פּאַפּיר, האָט אַראָפּגעקרייזט אַ האַלב־רונדיקע באַלויכטנקייט. אונטער דעם ליכטקרייז פון בייכיקן גלעזל, האָט די אויפגע־טייעטקייט פון זיי אַלץ געטריפט. זיי זענען געשטאַנען אין אַ קאַלוזשע. פון דער טיר פון דער אַנדערער שטוב, האָבן צו זיי אַרויסגעקוקט אַ פּאָר טונקל־בורשטינענע אויגן. אַ יונגע פרוי איז אַריינגעקומען און געזאָגט, אַז איר מאַן, דער רב, איז ביי מעריב; נאָך דעם גיט ער אַ שיעור. אין אַ שעה אַרום דאַרף ער צוריקקומען. זי איז פאַר זיי געשטאַנען מיט אַ בלאַסלעך פּנים, אַ שמאָלע און העכערע, אַ יונגע, ווי אַ

שוועסטער. זי האָט צוגעגעבן, אַז ערגעץ אין אַ נאָענטן הויף, אין אַ שטיבל, זאַמלט זיך אַ מנין. די קינדער, ווי נאַר־וואָס אויסגעפּיקטע, האָבן זייטיק געבליקט. זיי האָבן אויסגעזען ווי הינדלעך, האַלב־בלינדע, ביי נאַכט. דערקענענדיק די געסט, האָט זי געשיקט איינעם פון די ייִנגלעך רופן דעם רב. זי האָט אים אָנגעזאָגט ער זאָל זיין געהיטן, זיך שאַרן ביי די ווענט. אַליין האָט זי אָנגעצונדן אין צווייטן חדרל אַ ליכטל אין אַ ליימען לייכטערל. זי האָט זיי אַריינגעבעטן זיצן. זייערע שאָטנס האָבן זיך פאַרבייגעווישט פאַרהאָנגענע שענק. זיי האָבן דערקענט: דאָס איז די בית־דין שטוב. די הענט פון דער רביצין האָבן זיך געפּאָרעט ביים צורעכט־מאַכן דאָס פּלעמל. משה קראַמאַזש האָט געקוקט אויף אירע באַוועגונגען. זי האָט אים דערמאָנט אין די אמהות, ווען זיי זענען נאָך געווען יונג.

די אָנגעלאָדנקייט האָט געדויערט אין חדר. באַלד האָבן פון דרויסן זיך אָנגעטראָגן סקריפּענדיקע טריט, פּאַמעלעך, יעדער באַזונדער, ווי זיי וואָלטן זיך געטרונקען. זיי האָבן זיך צוגעשלייכט צום הייזל. די רביצין איז אַרויס, עפענען. אין דער טיר געבליבן שטיין איז דער רב. זיין אויסגעצויגענער שאָטן האָט מיט זיך פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג. ער איז געווען אַ שמאָלער, פון העכערן וווּקס, דאָס ייִנגעלע איז מיט פרישע טריט אים נאָכגעגאַנגען. דער רב האָט דערקענט די אורחים. ער האָט אויס־געטאָן דעם אייבערשטן פּעלץ און איז געבליבן אין אַ ברייט־סאַמעטענעם שלאָפראָק. מיט אַ וואַרעמער האַנט האָט ער זיי אָפּגעשטעקט שלום עליכם. באַלד האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין זיין שטול, אויבנאָן. דאָס געשניצטע ווענטל הינטן — העכער פון זיין קאָפּ. דאָס פּלעמל האָט אים באַלויכטן. געווען איז ער נאָך אַ יונגער־מאַן אין די מיטעלע דרייסיקער. זיין פּנים האָט אַרומגערינגלט אַ נישט לאַנג, זיידן בערדל. שאָטנס האָבן זיך געדראַפּעט הויך, ביזן באַלקן. ער האָט באַפוילן די רביצין, צושטעלן וואַסער. זיין קול איז נאָך געווען פריש מיטן דרויסן, אַ ביסל איבערגע־שראָקן. זיין שטערן האָט זיך געקנייטשט. פון דער בוזעם־קעשענע האָט ער אַרויס־געצויגן אַ פּלאַטשיקע סיגאַרעטן־פּושקע. ער האָט זי צעעפנט און מאַכנדיק שפּרונגען איינעם, אַן אַרויסגענומענעם — צווישן די פינגער אים אָפּגעקלאַפּט אין טיש. ער האָט די פּושקע אויסגעשטרעקט, מכבד געווען די אורחים. זיין ברוינער שלאָפראָק געבליבן איז אָפּן־צעקנעפּלט. משה קראַמאַזש האָט געזען, איבער דער וועסטלברייט ליגט אים צעלייגט, ווי דינע זילבער־פליגל, דאָס שיטנדיקע זיך קייטעלע. אַלע האָבן זיך איינגעקוקט. דער רב האָט פון אַ זייטיק קעשענקעלע אַרויסגענומען דעם קיילעכיקן זייגער, מיט אַ פינגערקוועטש געעפנט דאָס אַלטע דעקל, און געקוקט אויפן ווייסן ציפערבלאַט מיט די שוואַרצלעכע אותיות: וועלכע שעה שלאָגט. עס איז געווען שוין האַלב זעקס. דער רב האָט געוואָלט שיקן, רופן דעם עלטסטן פון

קאַליביעלער יודענראַט, לייזער זילבערמינץ. ער האָט אָנגעשטעלט דאָס פּנים. די אורחים האָבן געזאָגט אַז עס איז שפּעט. זיי האָבן געבעטן צולענען די טיר צום אַנדערן חדר. דער רב האָט אַ ווײַלע זיך אויפגעשטעלט דאָס צו טאָן. זײַן סאַמעטענער שאָטן איז אויסגעוואַקסן דיק. משה קראַמאַזש האָט דערזען די הלכה בײַ יידן. זי איז דאָ! ער האָט גענומען רעדן.

דער רב האָט געהערט, אַז נאָך נעכטן פאַר נאַכט האָט דער קרייז־האַופּטמאַן, ד״ר ביטריך, באַפוילן נאָך זיי. ווען זיי האָבן זיך צוגעשטעלט, איז געפאַלן די גזירה, אַז סטאַנסלאַוואָוו און דאַברע — אין צפון — דאַרפן זיך אויסמישן צו איין געטאָ. אין דרום דאַרפן דאָס טאָן שעניצע און לאַטאָוויטש. פיר געטאָס ווערן צו צוויי. צוויי פון די שטעטלעך וועלן זײַן ״יידנריין״. זיי, די דײַטשן, איז אַלץ־איינס, וועלכער פון די געטאָס, עס וועט זיך איבערגיסן אין צווייטן; דער יודענראַט קאָן אַליין וועגן דעם באַפעלן. אַזוי ווי דאָס זענען דיני־נפשות, קאָנען די עלטסטע פון די יידן אין נאָוואָמינצק דאָס נישט נעמען אויף זיך. זיי האָבן דעריבער מחליט געווען, אַז ער, דער רב, זאָל צווישן די צדדים פּסקענען; אַרויסטראָגן דעם דין פון דער תורה. קאַליביעל איז נישט קיין נוגע.

דער רב האָט גאָר נישט געזאָגט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַלע וואַרטן אויף אים אין מינצק. זיי האָבן זיך צוגעהערט. עס איז געווען שטיל. נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך אויפגעשטעלט. בײַ דער טיר פון אַנדערן חדר האָט די רביצין געוואַרט מיט כיבוד. מיט אַ פאַרשוויגן קול האָט ער געזאָגט צו דער רביצין, אַז ער פאָרט מיט די יידן; שנעל זאָל זי גרייטן צום טיש. זי איז אַרײַן, דערלאַנגט פון אַ טאַץ דאָס וואַרעמס צו טרינקען פאַר די אורחים, און איז אַרויס.

דער רב האָט ווידער זיך אויפגעשטעלט. בײַם וואַסער־שעפל אין ערשטן חדר האָט ער זיך געוואַשן צום עסן; זיך אָפּגעווישט מיט אַ האַנטעך, און זיך צוריקגע־קערט צו זײַן אָרט בײַם טיש. ער האָט אײַנגעטונקען אין זאַלצמעסטל אַ כזית ברויט און געמאַכט אַ המוציא. די עלטסטע פון יודענראַט האָבן גיך געזופּט די פאַרעדיקע טיי. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט, צוגעוואַרט אין דער זייט. ווידער זענען זיי געטראָטן אין דער קאַלוזשע. זי האָט שטיל זיך אויפגעבולבעט אונטער זיי. זיי האָבן געזען אַז דער רב גיסט אויף די שפּיצן פינגער מים־אחרונים און נעמט בענטשן. גיך האָט ער זיך אויפגעשטעלט פון טיש, זיך אָוועקגעזעצט אין דער זייט; אַרויפגעצויגן אויף די פיס זײַנע וואַליקעס; אַרויפגעטאָן אויפן קאָפּ דעם טיפן שקאַפּיק; ווידער אַרײַנ־געטאָן די אָרעמס אין די אַרבל פון ברייטן פעלץ און איז שטיין געבליבן גרייט.

אויפֿן וועג פֿון קאַליביעל האָט איצט נישט געשנייעט. אַ גרויס לבנהדיק פּנים האָט פֿון דער ווייטנס געשוועבט גאָר נידעריק. אַ ווינטל האָט אַלעמען אַרומגעהילט, איינגעצויגן שטייף. דער רבֿ — אין דער מיט; די קהילה־פֿירער פֿון ביידע זייטן. דער שליטן האָט געסקריפּעט; זיינע אַנרעדעדערדיקע אונטערשטע אַקסן — אין דער לענג זיך איינגעשניטן אין דער ערד. מיט אַ ווידערקול האָט ער כסדר דין אויפֿ־געקוויטשעט. דאָס פֿערד האָט געשלעפּט ווייטער; זיינע אויערן — אויפֿגעשטעלט. כסדר האָט זיך געהערט אַ גערודער פֿון דער נאָענט. אויפֿן ראַנד פֿון די פֿעלדער האָבן זיך געזען האַלב־פֿאַרזונקענע דעכער פֿון כאַטעס. איבער די קעפּ — אַריבער־געצויגענע פֿון די געפֿרוירענעביימער ביים וועג, ציטעריקע צווייגן. זיי זענען אונטער זיי געפֿאָרן, ווי אין אַ נידעריקן, אומענדלעך־ווייסן טויער, געשפּרייט אויבן. אונטן — קולות וואָס הייבן זיך פֿון דער ערד.

מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטאָק־פֿינצטער. שטיקער פֿאַרבייציִענדיקע וואָלקנס האָבן פֿאַרשטעלט די לבֿנה. עס האָט זיך געדאַכט, פֿון דער ווייטנס פֿאָרט מען אָן. אַ גרילץ, ווי אַ דין שעפּן פֿון אַ ברונעם, אַ גאָס טיף אַראָפּ. דאָס פֿערד האָט איצט זיך געשלעפּט פּאַמעלעכער, געשטעלט פֿיס ווי באַרג־אַרויף. פֿאָרויס, פֿון זיין פֿעל, געשלאָגן האָט אין פּנים, ווי אַ ווינטל — אַ וואַרעמע פּאַרע. דער רבֿ האָט זיך געשאָקלט ווי אַ דרימלענדיקער. מען האָט נישט געוווסט, צי ער האַלט אָפֿן די אויגן; צי שלאָפֿט ער איין אין דער קרעכצנדיקער אויסגעבעטקייט פֿון אונטן. דער פּראָסט זילבערט איין זיין זיידן בערדל אויפֿן פּעלץ.

פּלוצעם איז ווידער געוואָרן העל. משה קראַמאַזש האָט געוואָלט רעדן, ווי צווישן יידן. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז דער רבֿ איז מתפּלל; זיינע לעפֿצן באַוועגן זיך; ער הערט זיך איין, נאָר ענטפֿערט נישט. ער קאָן נישט מפֿסיק זיין; ער רופֿט צו זיינע אָבֿות, זיי זאָלן זיך מיען. וואָס אַ מאָל רייסט ער מער זיך אָפּ פֿון שורש.

דער רבֿ האָט געטראַכט אַז אין אַ וועלט, חלילה, אָן יידן — איז נישט כּדאַי; האָט נישט קיין טעם. אָן יידישער התבודדות — פֿאַר וועמען וועלן זיי זיך פֿאַרמאַכן אַרום און אַרום, די וועלדער? ער האָט זיך געטרייסט, אַז כּל זמן מיר ברעכן זיך איין; מיר פֿאַלן אונטער זיך — איז נאָך פֿאַראַן בטחון. אַנדערש, ווען עס איז שוין כלוּ־כּל־הקיצין — איז שוין נישטאָ די התמוטטות, דאָס איינברעכן זיך. פֿון טיפֿן בטחון, האָט ער אַרויסגענומען אין האַנט אַ פֿודעלע, אָנגעריבן אַ שוועבעלע; אַ פֿלעמל האָט באַלויכטן זיין פּנים. באַלד האָט ער עס געלאָזט אויסגיין; עס איז ווידער געוואָרן פֿינצטער. דער שליטן האָט ווייטער זיך געוויגט ווי אַ שיכּור. די זיצנדיקע

האָבן אין דער אויפגעלויכטנקייט פון אַ ווײלע דערזען די מגן־דוד־בענדער אויף זייערע אָרעמס. ווי צום ערשטן מאָל האָבן זיי דערשפּירט, אַז זיי און זייערע קינדער זענען אַלע געצייכנט ווי געבונדענע עולות.

משה קראַמאַזש — ווי ער וואָלט כסדר זיך צוגעהערט צום רבס מחשבות. ער האָט געוואָלט אים אָנטאַפּן, ווי זיך אָנצוהאַלטן מיט די פינגער. דעם רבס גוף, ווי פון וואַרעמען סאַמעט. זיין פאָטער, דער אַלטער איזשביצער רב, זיצט נאָך מסתמא אויפן כסא־רבנות. ער שטאַמט, דער קאָליביעלער רב, פון דורות רבנים. קיינער פון זיי איז זיכער פאַר אַזאַ נסיון נישט געשטעלט געוואָרן. ווער ווייסט, וואָס עס שטייט אים נאָך פאָר! דער פּרעזעס האָט זיך דערמאָנט, ווי ער איז געווען אויף זיין קרוינונג. געווען איז ער נאָך כמעט אַ יינגל. לעבן דעם יונגן רב, געזעסן איז זיין פאָטער, דער איזשביצער רב. שוין דעמאָלט איז זיין באָרד געווען אַ פאַרגעלטע, ווי פאַרמעט; זיין פּנים — געקנייטשט ווי אַן אַלטער אתרוג; אַ צנום — אין קיטל; אַ געל־געפלאָכטענער גאַרטל אַרום זיינע לענדן. אין דער געשניצטער שטול, לעבן זיין זון, איז ער געזעסן אַ הויכער. אַן אויסגעגלייכטער, מיט אָפענע אויגן. איצט איז ער, זיין זון — אַליין, פאַרלאָזט; אָן אַן עתיד פאַר זיין עדה.

דער יונגער רב, האָט זיך אָפּגעשאָקלט. ווי ער וואָלט מיטגעריסן די פעלדער, האָט ער אַרויסגעקרעכצט:

אוי, טאַטע זיסער!

## יא

די דין־תורה האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע נאַכט. געווען איז שוין נאָך חצות. אַ לבנהדיק ליכט פון אויבן האָט באַלויכטן דאָס געטאָ; אַרומגענומען די גאַסן. פאַר־געקומען איז זי אין דער הויכער קאַמעניצע פון יודענראַט וואָס גייט אַרויס אויפן מאַרק; אין דער הייך, אין דער מיט פונעם בנין. פון אַלע זייטן — די ווענט געמויער־טע, טויבע. די צימערן — געשלאָסן איינער אַרום אַנדערן. אין מיטן — אַרומגע־רינגלט טיף אין דעם הויז, אין דער שטוב פון פּרעזעס — איז אויבנאָן געזעסן דער קאָליביעלער רב און אַ שטרענגער אויסגעהערט די צדדים, זיי נישט געלאָזט אָרויס־ברענגען קיין איבעריק וואָרט.

דער קאָליביעלער רב האָט מעיין־געווען אין אַלטע ספרים און מגילות, אַוועקגע־לייגט דורך די פּרנסים. זיי דאַרפן עס באַשטעטיקן דעם אמת פון זייערע טענות. די קהילה ווערט אין זיי דערמאָנט. אין דרויסן האָט מען נישט געהערט קיין שום קול, נאָר פון מאָל צו מאָל האָט אַ וואָרט געפּרווט זיך אויפהייבן, און איז באַלד אָפּגעהאַקט געוואָרן, ווי מען וואָלט עס אַראָפּגעזעצט נאָך איידער עס איז אַרויס.

אין גרויסן פּאָדערצימער, פּאַר דער טיר, געשטאַנען איז דער שמש. פון צייט צו צייט האָט פון אינעווייניק שמאָל זיך אויפגעמאַכט אַ שפּאַלט, און עס איז אַריינגערופן געוואָרן אַן עדות פון אַן אַנדער צד.

דאָ, אין וואַרעמען פּאָדערצימער, אונטערן שיין פון גרויסע לאָמפּן, האָבן אַהין און צוריק געשפּרייזט, יעדער פאַר זיך, די צדדים וואָס האָבן געוואַרט אַריינגערופן צו ווערן. די מינוט פון זייער טענהן דערנענטערט זיך. עס האָט זיך געדרייט דער דאַברער רב. ער האָט נישט געקאָנט געפונען זיך קיין אָרט. זיינע אויגן ברייט־צעעפנט. ער האָט געפּרעפּלט תהילים. זיינע הענט — פאַרלייגט פאַרנט. ער האָט געוווּסט: אין רחמים בדין. ער וועט נישט קאָנען עפענען דאָס מויל. אין גאַנצן איז ער געליימט. זיינע פיס שאַרעווען אין חלל.

דער רב האָט כסדר זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געפילט, ער זינקט אין אַ תהום. גאַנצע שטעט גייען אַוועק; נישטאָ וואָס צו טאָן.

אַנטקעגן, אין אַ ווינקל פון זאַל, געשטאַנען איז אונטערגעשפּאַרט, אברהמל דער גרינער; די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען דאָס אויג פונעם רב. מיטן אויער, פון דער ווייטנס, אונטערגעהערט די פסוקים; נישט פאַרפּעלט קיין וואָרט. דער ניגון האָט געשפּרייט זיך אין זיינע ביינער. ער איז געוועזן זיכער, אברהמל, אַז די תפילה פון רב, אין דער לעצטער מינוט, מוז אָנגענומען ווערן. זי צערייסט דאָס האַרץ. ער האָט נישט געוווּסט צי דאָס אַלץ איז אַן אמת, אָדער דאָס דאַכט זיך בלויז אים אויס. אַלץ, מיט אים צוזאַמען, שוועבט אין עולם־הדמיון.

ר׳ אַלטער שניצער, אין אַ צווייט ווינקל, האָט אויסגעזעצן נאָך קלענער און ברייטער. עס האָט אים אונטערגעהויבן. פון צייט צו צייט האָט ער זיך צוגעברומט אַ ימים־נוראימדיקן ניגון. ער האָט אַרויסגעשטעלט טריט מיט הכנעה; געפּאַטשט מיט די הענט, אַריינגעלאָזט אין זיי דעם קאָפּ און אַרויסגעזיפצט.

ר׳ אַלטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז תמיד דער בעל־תפילה ביי יידן, זייער שליח־ציבור. ער האָט געוואָלט מתפּלל זיין, נאָר עס האָט אים געפעלט דער טלית, אַריבערצוציען אים איבערן קאָפּ. ער שטייט ווי אַ נאַקעטער אין יום־הדין. זיין געהילף, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער סעקרעטאַר פון יודענראַט — אַ יונגער־מאַן מיט אַן אַרומגעזיימט בערדל, און מיט ביינבערילן אויף דער דינער נאָז. ער האָט כסדר געמישט די טעקעס, צוגעוואַרט, דערלאַנגט ר׳ אַלטערן נייע צעטלען.

צו ערשט האָט געטענהט דער צד פון סטאַנסלאַוואָוו. רבי — האָט דער פּרעזעס געזאָגט — מיר זיצן אויף דעם אָרט שוין זייט אַכט דורות. אין צפון זענען מיר די עלטסטע קהילה. באַרימטע רבנים, צדיקי עולם, האָבן ביי אונדז משמש געווען.

שוין ר׳ יוזפלס נאָמען, נאָך איידער ער איז אַוועק קיין אַמסטערדאַם, איז פון אונדז אַרויס — זיך צעגאַנגען ווייט איבער די גרענעצן בכל תפוצות ישראל.

די סטאַנסלאָוואָווער האָבן צוגעגעבן: רבי, די פויערים פון די דערפער אַרום האָבן נאָך געקאָנט אונדזערע זיידעס, זומערצייט טונקט זיך אונדזער ישוב אין פרוכטסעדער. די פירות שפייזן אונדז אין הונגערצייטן. אַזוי אויך איז אונדזער חיונה בצימצום. ווייט פון אונדזערע היימען וועלן מיר די ערשטע אויסגיין. רבי, מיר קאָנען נישט משלים זיין מיט דער בושה פון זיין פרעמדע.

אין דער צייט פון זייער טענהן האָט די דאָבערער געדרייט אין בויך. זיי האָבן געזען ווי דאָס בית־דין האַלט די סטאַנסלאָוואָווער פאַר גערעכט. ווען זיי האָבן געדאַרפן זיך דערנענטערן, האָבן ביים רב געציטערט די פיס. אויף די ליפן איז אים נאָך איבערגעבליבן אַ האַלבער, נישט־דערזאָגטער פסוק. מיט דער האַנט האָט ער זיך אַ וויש געטאָן פאַרן מויל. ער האָט גענומען שטעלן וואַקלענדיקע טריט; הינטער אים האָט זיך נאָכגערוקט אברהמל דער פרעזעס. די אויגן־ווינקלען — רויט. ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט נישט נאָכגעזאָגט יעדעס וואָרט נאָכן רב. איצט איז מער קיין צייט נישטאָ. דער דאָבערער רב איז שטיינגעבליבן פאַרן טיש.

עטלעכע מאָל געפּרווט אָנהייבן, נאָר דאָס קול איז פון אים נישט אַרויס.

דער קאָליביעלער רב, מיטן ברוין־סאַמעטענעם שלאָפראָק, האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן לכבוד דעם עלטערן רב, נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אַז ער טאָר נישט. ער איז איצט דער דן יחידי. אָן עול שווערט אַראָפּ זיינע פלייצעס אין דער שטול.

— נו?

דער דאָבערער רב האָט זיך אָנגענומען מיט ישוב־הדעת. ער האָט געציילט זיינע ווערטער און געזאָגט:

— רב, מיט די פליטים — זענען מיר מערער, אַ רבים. לייגט אונדז ביידע אויף דער וואָגשאָל — וועלן מיר איבערוועגן. ביי אונדז זענען פאַראַן מער תינוקות של בית רבן; מער יתומים און אלמנות. יעדער ייד איז אַן עולם מלא. זיי, די אויס־געוואָרצלטע, קאָנט איר נישט פאַרמשפּטן! רב, איר קאָנט דאָס נישט נעמען אויף זיך! רב!

ער איז ווי אָפּגעטרעטן פונעם טיש.

דעם קאָליביעלער רב, אין זיין חריפות, איז ווי אַ בליץ, דורך אַ רעיון:

״ווי קאָנען פליטים נאָך אַ מאָל ווערן פליטים? ווי קאָנען מתים נאָך אַ מאָל, חלילה, שטאַרבן?!״. בלויז פונעם פאַרגלייך, האָט ער געפילט, נעמט אים דורך אַ ציטער. ער האָט פאַררוקט די הענט אין די ברייטע אַרבל.

— נאָך עפּעס — האָט דער דאָבערער רב אויף ס׳ניי זיך אויסגעדרייט — מיר

זענען מיזרחדיקער, בענטער קיין ירושלים. שפּעטער זענען מיר פֿאַרטריבן געוואָרן!

דער קאָליביעלער רבֿ האָט געשפּירט, ווי יעדעס וואָרט זעגט אים זיך איין טיפֿער אין לייב. ער האָט געטראַכט עפּעס איבערצופֿרעגן, נאָר נישט געדענקט וואָס. עס האָט אים געדאַכט, דעם עיקר האָט ער פֿאַרהערט; דער דאָברער רבֿ האָט דאַכט זיך, געדראָט גוזר־תּענית צו זיין.

דער דאָברער צד איז שוין געהאַט אָפּגעטראָטן. דער רבֿ האָט מיט אַ פֿאַטשיילע געווישט זיך דעם שווייס; ער איז אים געראָנגען פֿון פּנים. ער האָט געטאַפּט אַרום זיך. אברהמל האָט אים אונטערגעלענט.

אין דער צייט ווען די צדדים פֿון צפֿון האָבן געטענהט, האָבן די שליחים פֿון דרום געשפּירט, אויך דער גורל פֿון יעדן איינעם פֿון זיי וואַקלט זיך, עס קומט זייער ריי. דער לאַטאָוויטשער שליח, הערמאַן, אַליין אַ פּליט, איז געווען צופֿרידן פֿון דאָברער רבֿס טענות. צום ערשטן מאָל האָט ער געהערט, אַז עס האָבן אַ באַטייט די פּליטים; זיי קאָנען אָפּראַטעווען אַ שטאָט. אויך ער האָט זיך דערפֿילט ווי אַ ייד, וואָס קאָן באַשטימען דעם גורל פֿון זיין קהילה. די איבֿרים זענען אים געוואָרן געשפּאַנט. עס איז נישטאָ קיין צייט. עס קאָן זיין צו שפּעט. יוסטינאַ, זיין אַרויס־העלפֿערין, האָט אַריינגעקוקט אין אַלטע פּוילישע ביכער וואָס זי האָט מיטגענומען. זי האָט געהאַט זיי אויסגעשפּרייט אויפֿן טיש; געחזרט פֿון אויסנווייניק די דאַטעס. יוסטינאַ האָט נישט געוווסט צי זי וועט דאָס אַלץ קאָנען אַרויסברענגען.

ווען מען האָט הערמאַנען, צוזאַמען מיט איר, שפּעטער צוגערופֿן צום בית־דין־טיש, האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן צו רעדן. אין אַ יידיש פֿון אַ גר, האָט ער קורץ געזאָגט:

— הער ראַבינער, מיר זענען עקאָנאָמיש בעסער איינגעאָרדנט; מיר נעמען אויף זיך די באַשפּייזונג פֿון דער צווייטער געמיינדע. הער ראַבינער, אונדזער הונגער איז פֿאַרהעלטענישמעסיק אַ זאַטערער. קיין טיפֿוס איז נאָך ביי אונדז נישטאָ.

ביז איצט האָט יעדער פֿון די צדדים זיך אָפּגעהאַלטן פֿון רעדן אויפֿן צווייטן. דעם צד שכנגד דערמאָנט בלויז ברמיזא; געוווסט, אַז מיט די אייגענע טענות, וואָס בעסער זיי זענען — נידערן זיי יענע אַראָפּ ביזן שאול תּחתּיה. ווי צווישן יזכור־ליכט, נעמט דער נאָמען פֿון דער צווייטער שטאָט שוועבן פֿאַרן בית־דין־טיש. אירע פֿונקען צעשפּריצן זיך פֿאַר די אויגן, איבער דער גאַנצער שטוב.

ווען מען האָט צוגערופֿן ר׳ אַלטערן פֿון שעניצע, איז ער, געבליבן שטיין. זיין מויל האָט נישט געוווסט וואָס צו טענהן. זיין סעקרעטאַר האָט אים אונטערגעזאָגט. ר׳ אַלטער האָט זיך אָנגענומען פֿאַרן בערדל און מיט אַ מאָל איז ער אויסגעבראָכן

אין אַ געוויין. אַ שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. וואָס מער ער האָט געוואָלט זיך באַרואיקן, פאַרשטעלן זיין פּנים מיט דער קורצער באָרד אַרויף — האָט ער העכער געוויינט. ער האָט דערשפּירט, אַז אומבהאָלפנקייט פון אַ קינד; אַן אָנגעזאַפּטער קוואַל ברעכט זיך אַרויס. ער קאָן אים נישט האַמעווען. אַ געקלאָג רייסט זיך. ער האָט איצט געהעשעט אין חלל אַריין. קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען די ווערטער וואָס ער ברענגט אַרויס. די גאַנצע עדה האָט אַ רגע דערפילט אַז די אויגן גייען ביי איר איבער. אָט־אָט וויינט זי מיט. אויך זיין סעקרעטאַר האָט אונטער די ברילן גענומען מיטוויינען אויף אַ קול. משה קראַמאַזש, אין דער זייט פון טיש, האָט אַראָפּגענומען די ברילן און פאַרלייגט די הענט פאַר די אויגן. אויך די צדדים — אַלע אויף זייער אָרט — האָבן זיך צעוויינט. ביי די מיט די נאַקעטע גאָמבעס זענען די טרערן, ווי בערד גערונען פון די פּנימער. דער קאָליביעלער רב האָט געוווסט אַז ער טאָר נישט; זיינע אויגן דאַרפן בלייבן טרוקן. ער האָט געקלאַפּט אין טיש, געוואָרנט, איינגענומען. ר׳ אַלטער האָט זיך צעשלוכצט. ער איז געשטאַנען פאַרן טיש. רבי — האָט ער געפּרוווט אַרויסברענגען און נישט געקאָנט. זיין קול האָט זיך געוויקט אין האַלדז. ער האָט נאָכגעגעבן זיין געוויין.

יב

ווען ש. איז גאָר שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, אַרויף אין יודענראַט, האָט ער געטראָפן אַלע שוין פאַרשוויגענע, אויסגעזעצט אויף בענק. די טירן צווישן גרויסן און קליינעם זאַל — צעעפנט. די לאָמפּן צעלויכטן. די שמאָלע לייוונטענע טעפּיכער אויפן דיל — ליידיק, אָן טריט. ער האָט אָן איבעריקער זיך פאַרנומען אין אַ ווינקל, צוגעפּלאַט־שיקט צו דער וואַנט; געשוויגן צוזאַמען מיט אַלע. ער האָט דערפילט, אַז עס זענען מער נישטאָ קיין רייד; זיי האָבן זיך אויסגעלאָזט; זיי זיצן, די עלטערע יידן, די פירער פון די שטעט — ווי אויסגעדרענגט. יעדער אין זיין ווינקל — אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישןביידע הענט, אָדער אָנגעלענט אים אויף דער דלאָניע; די אויגן אָפענע, פינטלען אין איין אָרט; זיי באַוועגן זיך נישט. די אויערן — ווי איינגעהערט. אַ שטילע זשומעניש האָט מיט אַ ציטער דורכגענומען דעם זאַל. ער האָט געזוכט אין דער ליידיקייט וואָס זייגט אין זיך אַריין, פילט זיך אָן. נישטאָ ווער עס זאָל איבעררייסן די שווייגעניש.

דער קאָליביעלער רב האָט זיך אויפגעשטעלט; אַ קלאַפּ געגעבן אין טיש:

— רבותי, איך בעט צוריק פאַרמאַכן די טיר; מיך לאָזן אַליין. עס איז שוין די דריטע אשמורה.

פריער אַ גאַנצע נאַכט, בעת די דין־תורה איז אָנגעגאַנגען, האָט ש. זיך געדרייט איבער די אויסגעליידיקטע געטאָסגאַסן, געגאַנגען פון איינער אין דער אַנדערער; פון צייט צו צייט — אַרויס צו די מויערן; פאַרנומען זיינע אייגענע טריט. ווי תמיד זענען די מענטשן, אין דער שעה, לאַנג שוין געשלאָפן יעדער זיין שלאָף. דאָרט, הויך — די יודענראַט־פענצטער פאַרהאָנגען, דורך די שווערע קורטינעס צעשווימט זיך אַ בלאַס געלבלעכע שיין, ווי פון ליכט־פלעמלעך, און דאָ, פון יענער זייט גע־קאָוועטע לאָדנס — רייסט דורך זיך אַ שנאָרכן; אַ שטיל פּישטשען, ווי פון מייז אין ווינקלען; דער ווינט וויקלט זיך, בלאָזט דורך די שפּאַרעס; עמעצער רעדט אַרויס פון שלאָף. אין דער געפרוירנקייט, קאָן קיינער נישט אַראָפּשטעלן דעם פוס אויפן דיל. עס פייפט דין אין די אויערן. הענט האַלטן מער זיך נישט איינע אין דער אַנדערער, צוזאַמען ווי אַ נעץ איבער דער ערד, פון וועלכער מען קאָן נישט אַרויספאַלן. זיי נידערן טיף אין שלאָף; יעדער — שוין אַליין.

ער איז געגאַנגען ווייטער, ש., אין דער פינצטערניש, און זיך דערמאָנט אין דעם בלינדן, וואָס האָט געוויינט פאַר נאַכט, אין ראָג. ער האָט געצויגן צו דעם אָרט. עס איז געווען ליידיק. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז זיי, די בלינדע, זענען אין געטאָ — אין אַ געטאָ. זיי זענען בלויז ביי נאַכט, ווען זיי זענען אויסגעצויגן אויף די געלעגערס. זיי טאַפּן דורך די פינצטערניש. די צייט האָט פאַר זיי זיך געענדיקט פריער.

ער האָט איצט זיך געדרייט אין די הייף, געשנאַפּט צו די טירן. אַ רגע האָט אים געדאַכט, אַז פון דער ווייטנס הערט מען געדיכטע טריט, ווי פון זשאַנדאַרישע שטיוול; עמעצער גיט אָן איינצלנעם געשריי. אַלץ איז פאַרשוויגן. אַ שטילקייט ווי וואָלקנס, גייט אָן, אָן פּיס. ער האָט געוווּסט, אַז ער פאַרנעמט די טריט פון גאָט; ער קומט פון אַלע ווינקלען. דאָס גייט ער צו די קינדער אין די פינצטערע שטובן, זיין מיט זיי.

אין יענער נאַכט האָט דער הימל נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט; די וואָלקענעס — כסדר פאַרבייגעצויגן; געוויקלט זיך שווערע, האַרט איבער די דעכער; זיי פאַרביי־געווישט. ער האָט פון זייער טיפקייט פאַרנומען ווי אַ ברומען. פון אויבן האָבן זיך באַוועגט שנירלעך, אַראָפּהענגענדיקע פון דעכער און באַלקאָנען; ווייזערס אין די ליידיקע ראָגעס האָבן געוויזן דעם וועג; אויף זייגערס זענען זיי געווען פאַרשנייעט, איינגעפרוירן.

מיט אַ מאָל זענען די אייזצאַפּנס צעגאַנגען. אַ שטורעמווינט איז אָנגעקומען,

אַלץ אויסגעקערט אין דער לופטן; אויפגעדרייט; געמאַכט טאַנצן. פון אַלע זייטן האָט איצט דער הימל זיך אויפגעעשניטן מיט אַ לאַנגן חלף;ביימער מיט די שטאַמען געמאַכט אויפציטערן ביז זייערע וואָרצלען. אין דער באַלויכטנקייט האָט ש. געזען, זיי וואַרפן זיך אויף; אויבן רייבן זיי מיט די קעפּ פייערדיק אַרויס דונערן; מיר ווערן באַלויכטן מיט אַן אומענדלעך ליכט. אַ מורא איז אים באַפאַלן. עס האָט אים געדאַכט אַז די נאַכט דונערט אַזוי אַראָפּ אויפן געטאָ. באַלד האָט פון אַלע זייטן אַ רעגן גענומען טריפן. פון רגע צו רגע זענען געוואָרן וואַרעמער די טראָפּנס. זיי האָבן אַראָפּ־געוואַשן געדיכט, ווי אַדורך די פייערן. עס האָט איצט אַראָפּגעזעצט אַ כליאָפּ. אַ הייסער רעגן האָט פון די נאַסע צווייגן זיך געוויקלט אין אַ נעפּל; געגאָסן; אויפ־געבריט ווי נאָדלען. אַ פּאַרע זעצט פון דער ערד. אַלע שווימען אין אַ רויכיקן ים. אַן אַדורכגעווייקטער, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שוועל; די געטאָוואַנט — באַלויכטן, אויך די הייזער. אפשר וועט אַלץ זיך אַוועקקאָלערן פון אונטער אונדז? שוין קיין מאָל וועלן אונדזערע פיס זי נישט אָנרירן, די ערד.

ש. האָט געהערט ווי דער הייסער גאָס זעצט אין די בלעכענע דעכער; פּויקט; וועקט אַלע אין די בעטן. די אויסגעצויגענע ביינער זענען הייס. די הימלען לאָזן זיך אַראָפּ צעוואַרעמטע איבער די הייזער; פאַלן צו, צו זיי. דער שניי צעגייט. עס רינט. מענער קומען איצט אויף זייערע ווייבער. אָט אין דער רגע ווערט אין די געטאָס אויסגעבריט ווי פון דאָס ניי אַ דור. ער האָט נישט געוווסט, צי ס׳איז אַן עת רצון; עס עפנט, אָדער פאַרמאַכט זיך? צי גאָר זענען די מינוטן לריק.

ווען ער איז שפּעטער אַרויף אין יודענראַט, האָט ער געטראָפן פון אַלע זייטן טרוקענע אויגן און בערד. קיינער האָט מער נישט געוויינט אין דער דאָזיקער נאַכט. דאָס ליכט — ווי עס וואָלט אַלץ אויסגעטרוקנט. ער האָט זיך געחידושט, וואָס פון אַלע זייטן רינט פון אים קלעפּיק; אויף אונטן; זיין קליידונג גלאַנצט אָפּ, ווי אַ צעוואַרעמטע בלעך. ער האָט אַריינגעקוקט אין צווייטן צימער. אויך דאָרט זענען אַלע, בראש מיטן קאָליביעלער רב, געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי געמישפּטע.

שפּעטער האָט דער קאָליביעלער רב, אַליין אין חדר, געזען פאַר זיינע אויגן, ווי די שטעט מאַרשירן פאַרביי. דאָס פאַרלאָזן גאַנצע קהילות זייערע היימען; עס גייען אנשים, נשים וטף. מאַמעס טראָגן איינגעטוליעט זייערע שוואַלבן; זקנים — די ספרי־תורה; זקנות ווערן אונטערגעלענט אונטער די אָרעמס פון יונגע. די שורות ציען. הינטער זיי פאַרבלייבן אויסגעליידיקט די בתי־מדרשים, די חדרים, און די בית־עולמס מיט די טראָגנדיקע בערגלעך; טויטע וולדות שווילן אין זיי

אויף. אַלץ דערוווייטערט זיך. ער האָט, ווי אַן אויפגעבריטער, זיך אויפגעשטעלט בײַם טיש, דער רב. גיך איז ער צו צו דער טיר; אַלעמען גערופֿן זיך אַוועקשטעלן אַרום. יידן — האָט ער געזאָגט — איך קאָן דאָס נישט נעמען אויף זיך; איך קאָן נישט פּסקנען; יידן, לאָמיר וואַרפֿן אַ גורל!

עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ווי דער בעליק אויף אַלע. מען ווערט צוגעפּלאַטשיקט, קליין. מענטשן זענען אויפגעשטאַנען פֿון די ערטער; זיך געדרייט. עס רוקט זיך אונטער די מינוט. אַלע, צוזאַמען מיט דעם בנין, רייסן זיך אָפּ פֿון אַרט. יידן האָבן פֿאַרבראָכן די הענט; נישט אַרויסגעלאָזט קיין קולות. עס איז שוין געווען בײַם סוף פֿון דער לעצטער אשמורה. משה קראַמאַזש האָט געשיקט נאָך שמשון סופֿר מיט דער רויטער באָרד. ער איז גיך געקומען — אַ שווייגער, צו קיינעם נישט געקוקט. שמשון האָט זיך אַרויסגעשאַרט אויף טבילה אין דער פֿינצטערער מקווה. ער איז אַוועק, לאַנג געזוימט. מען האָט געוואַרט. ווען ער איז צוריקגעקומען, אַן אָפּגעשיידטער, האָט ער אַרויסגעצויגן די גענדזענע פּעדער, מיט גאַליש־טינט, ווי צו אַ גט כריתות. פֿאַר אים אויפֿן טיש זענען געלעגן די פֿיר באַזונדערע פֿאַרמעט־צעטלען מיט לייַ־דיק־געווירעוועטע שורות. דער סופֿר האָט בײַדע עלנבויגנס, איינעם קעגן אַנדערן, צעלייגט איבערן טיש. די הענט האָבן פֿון בײַדע זייטן, ווי צוויי לייבן אויפֿן ארון קודש, געגרייכט צו זיך. ער האָט איינגעטונקען די געשניצטע פּעדער, און מיט געציקלטן כתב, לויטן אלף־בית, גענומען אויפֿשרייבן די נעמען פֿון די פֿיר קהילות קדושות;

דאָברע,

לאַטאָוויטש,

סטאַנסלאָוואָוו

און —

שעניצע.

דער בית־דין שמש האָט נאָך דעם מיט אַ ציטעריקער האַנט יעדעס צעטל־קודש אַריינגעלייגט אין דער טיף פֿון צוויי שוואַרץ־סאַמעטענע קאַפּלען. אין איינעם — דאָברע מיט סטאַנסלאָוואָוו, און אין צווייטן — לאַטאָוויטש מיט שעניצע. דער קאָליביעלער רב, מיט אַן אויסגעבלייכטקייט, וואָס האָט באַזונדער בולט געמאַכט די זיידנקייט פֿון יעדער האָר אויפֿן פּנים — האָט אַ שטייענדיקער, אַליין געהאַט די השגחה. אַלץ אין אים איז אָפּגעשטאָרבן, ווי ער וואָלט געשטאַנען פֿאַרן אורים־ותומים. דעם שמשס פֿינגער, ווייסע, זענען געהאָנגען ליידיקע, צעשפּרייטע אין דער לופֿט פֿון איבערן קאַפּל. זיי זענען געווען גרייט, ווי איבער אַ וואָגשאָל. די פּרנסים

פון די יודענראַטן האָבן געפּילט, ווי די צעטלען פון זייער שטאָט צאַפּלען זיך
אינעווייניק, ווי איבער אַ תהום.

דער רב האָט צוגעזשמורעט די אויגן; אַ געשריי געטאָן:

— גורל לה׳!

# דער היצעל

פון מיין קינהייט איז אויף מיר געלעגן די מורא פאַר היצלעס. זיי פלעגן קומען אין שטאָט תמיד ווען די זון איז נאָך נישט אַריבער די העלפט האַלב־קיילעך — ס׳רוב פאַר מיטאָג. מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט שוין לאַנג אויפגעשטאַנענע, אָבער מיט ווונדער נאָך אין די אויגן; ווי זיי וואָלטן זיך ערשט געגרייט אַריינלאָזן אין טאָג. אַזוי זענען געשטאַנען די סוחרים פאַר די געשעפטן. פרויען, שוין לאַנג אַרויס פון דרימל, זענען געגאַנגען איינקויפן. יונגע מיידלעך, ווי ערשט אויפגעוועקטע, מיט פוילן גאַנג אין די פיס־שענקלעך, נאָך נישט גאַנץ אויסגעגענעצטע — זענען אַריבער די גאַס. קינדער, פאַרשפּעטיקטע אין דער פרי אין די שולן, זענען צוזאַמען אַנגעגאַנגען מיט זייער שפּיל אין הייף. זייערע שוין נישט פרישע קולותלעך זענען אַרויס, האָבן זיך געצויגן ווי אַ דינע נעץ איבער דער שטאָט, און — דעמאָלט פּלוצעם האָבן זיך באַוויזן די היצלעס.

ס׳רוב זענען זיי געקומען צו דריי. דער היצעל אַליין, אַ באַוואָנסעטער מיטליאָרי־קער גוי, מיט וואַסערדיק־גרינע אויגן, געלע וואָנצעס, אין אַ בלוי היטל איבערן קאָפּ; דער דאַשעק — אַ גלאַנציקער, און מיט אים — צוויי יונגען. קודם, האָט זיך געזען, עס שלעפּט זיך אַריין אין גאַס פון ווייטן פאַרדריי — אַ געשפּאַנט פערדל, נאָך דעם ציט זיך מיט אַ וואָגן. דאָס פערדל — ס׳רוב אַ ווייס, אַן אויסגעדאַרטס, די זשעברעס אין דרויסן; אַן אויסגעריבענע גלאַטע פעל מיט אָפענע ווונדן. דאָ און דאָרט זענען געקראָכן אין דער רויטקייט, ווי זיי וואָלטן זיך טיפער איינגעעקבערט — זשמעניעס פליגן. דאָס פערדל האָט קוים געשטעלט טריט. מיטן שיטערן ווידל האָט עס געשמיסן אין דער פעל אויף פאַרנט, געפּרוווט זיך אָפּטרייבן, און די פליגן אין דער לופט האָבן כסדר זיך מיטגעדרייט, ווי מיטן רוקנדיקן זיך ריח. זיי האָבן זיך געשטעלט אויך אויפן פערדלס טריפנדיקע אויגן, וואָס האָבן געגלאָצט פייכט, ווי פאַרנטיקע פענצטערלעך. אַזוי האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם קריכנדיקן פאָרויס, גוף. אין מיטן פון וואָגן איז געזעסן דער היצעל, וועלכער האָט געהאַלטן די לייצעס, און פון ביידע זייטן, מיט אַראָפּגעלאָזטע פיס — די צוויי יונגען: הויכע ברייטפּליי־

ציקע, אין די בלויזע קעפּ, מיט קורצע שטרויהאָר, און פלינקע שמאָלע פיס אין לעדער. אין זייערע הענט — בייגעוודיקע שטעקנס.

געווען זענען דאָס אייגנטלעך נישט קיין שטעקנס, נאָר לאַנגע שמאָלע בייטשן מיט שטריקלעך ביי זייער סוף; אויבן אין עק — פאַרצויגן אין אַ מעשן רינגעלע. ווען זיי האָבן דערזען, די יונגען, פון ווי־ווייט אַ הונט, זענען זיי אַראָפּגעשפּרונגען גיך פון וואָגן און געלאָזט זיך יאָגן נאָך אים. זיי האָבן דערביי געהאַלטן פאָרויס, אין דער לופט, די לאַנגע בייגעוודיקע שטעקנס. דאָס שטריקל אין עק אויבן האָבן זיי פאַרוואָרפן אַרום זיין האַלדז. זיי האָבן עס איינגעצויגן אין דעם רינגעלע, און דער הונט, אַ געכאַפּטער, האָט מיט די פיס זיך גענומען וואַרפן אין דער לופט. זיינע שמאָל־פאַרמאַכטע אויגן האָבן קאָנוווּלסיוו דין געציטערט. מען האָט דערקענט, פונקען פליען פאַר זיי אין קיילעכדיקע רעדער וואָס צעפאַלן זיך.

אַזוי, אויפן שטעקן אַ הענגענדיקן, האָבן זיי אים געבראַכט ביזן וואָגן. אין זיין גאַנצער לענג איז געלעגן דער פאַרמאַכטער קאַסטן. דער הויפּט־היצעל האָט זיך אויפגעהויבן; דעם צולען אונטער זיך געעפנט, און נאָכן אַריינוואַרפן דעם הונט אינעווייניק — באַפרייט זיין האַלדז פון דער איינגעצויגענער בייטש. מיט פאַר־מאַכטע אויגן און אַן אויפגעהויבן קעפּל האָט דער הונט, שוין פילנדיק דעם באָדן אונטער זיך, נאָכגעגעבן. דער היצעל האָט ווידער זיך געזעצט אויבן, איבערן פאַרמאַכטן טירל, און איז געפאָרן ווייטער.

פאָרויס פאַר אים, פון ביידע זייטן שאָסיי, אויף די טראָטואַרן, האָבן איצט צעהיצטע געאיילט די היצלעס, מיט אויגן אַריינגעזעצטע אין די הייף, אָפּענע פלעצער און ווייטקייטן. שנעל איז די גאַס געוואָרן פול מיט אַ וואָיען, מיט געש־רייען, מיט אַן אָפּגעהאַקט, ווי אַ קריצן מיט די ציין, בילן; מיט האַרטע טריט, הילכיקע, פון נאָכיאָגערס, און ווייכע פיס, אַנטלויפנדיקע, וועלכע ווישן סאַמעטנדיק פאַרביי. איבער אַלעם — איינשניידנדיקע זיך אין דער לופט — געפייפעררייען פון בייטשן. פון אַלע הייף זענען אָנגעלאָפן די באַלעבאַטים און נאָכגעשריגן זייערע חיות, אַז זיי זאָלן שנעל אַנטלויפן. זייערע ליפּן האָבן נאָכגעשמאָטשקעט; די פינגער אין מויל — נאָכגעפייפט. אין איין אָטעם זענען זיי נאָכגעלאָפן; פאַרשטעלט מיט זיך דעם וועג די היצלעס. די הינט זענען געצויגן פאָרויס. נישט איין מאָל האָט דער וואָס איז געזעסן איבערן צודעק, שנעל אַרויפגעטאָן אַ שטיין אויבן; אַליין אַראָפּ פון וואָגן, האָט ער מיט זיין בייטש זיך גענומען יאָגן נאָך אַן אָפּציענדיקער, קלענער־געוואָרענער אין אַנטלויפן, פיר פיסיקער חיה. זי איז איצט געווען אַראָפּ־געזעצטער; די זון, ווי אַ גלאַנציקע לאַטע אויף איר פעל, דער ווידל נידעריק אַראָפּגעלאָזט. פון אַלע זייטן האָט מען זיי איצט געטראָגן, די הינט — גרויסע,

שווערע, און קליינע, לייכטע — זיך שטיקנדיקע אויף די עקן פון די לאַנגע שטע־קענעס. מען האָט אַרויסגעזען זייערע ווייסלעכע בייכלעך, און די איינגעצויגענע פיר פיסלעך. ווי פאַנג האָט מען זיי געוואָרפן אין דער לאָקערנדיקער עפענונג, וואָס האָט ווידער שנעל זיך פאַרמאַכט פון אויבן. די גאַס פול געווען איז מיט בהלה, מיט די געמישטע קולות, מיט דעם לויפן און — מיט אַנזאָג.

נישט איין מאָל איז געשען, די יונגען האָבן אויף זייערע לאַנגע שטעקנס אויך געכאַפּט אַ קאַץ. זי איז געבליבן הענגען אויבן אויפן עק — אַ קורצע, מיט איר קליין קעפּל איינגעצויגן, שוין ווי אַן אָפּענער שאַרבן. אירע שאַרפע ציין — אין דרויסן. ס׳רוב איז דאָס געווען אַ קאַץ אַ דיקע, מיט אַ געדיכט, שיין פעלעכל. אירע האָר, קאַפּויער האָבן זיך געשטעלט קעגן דער זון. זייער ווייס און שוואַרצקייט — נאָך בולטער, נענטער.

צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער, בין איך נאָכגעלאָפן דעם וואָגן, וואָס איז, ווי אַ מתים־עגלה, געצויגן פון גאַס אין גאַס. דאָ האָבן מיר באַגלייט פון הינטן און דאָ געלאָפן פאָרויס; זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס פון די צעיאָכמערטע היצלעס, צווישן זייערע שנעלע טריט; איינגעזאַפּט די ריחות, אַרויסגעלאָזט דורך די צעשראָ־קענע הינט. דער עיפּוש, שאַרף־פאַרדומפּן, איז געפּלאָסן פון צווישן די פעלן. ווידער זענען מיר געווען הינטערן וואָגן. מיר זענען איצט געגאַנגען נאָענט, ווי באַגלייטערס, הינטערן לופט־פענצטערל פון לאַנגען קאַסטן, וואָס איז געווען פאַרדראָטעוועט, געפּלאָכטן אין דער לענג און ברייט. דורך דעם קוואַדראַט — אין דער גרויס פון עטלעכע קעפּ — האָבן מיר געזען פאָרנט, באַלד הינטערן דראָט, פאַריאָכמערטע הינט מיט אויפגעריסענע אויגן, מיט אָפענע גאַווערנדיקע מיילער; די צונגען אַרויס־געבלעקט. זיי האָבן אויך אינעווייניק זיך נישט אונטערגעגעבן; געלאָפן אַהין און צוריק אינעם וואָגן. זיי האָבן כסדר זיך געטוישט. מען האָט געזען הינט דערשלאָגענע, שטייענדיקע אויף איין אָרט; טייל, זיצנדיקע אויף די לאַפּקעס, נאָכן יאוש, בילן נישט. דער וואָגן פאָרט ווייטער איבער די קיילעכדיקע שטיינער פון מיטן שאָסיי — דאָ פאַמעלעך, דאָ גיך. מען שלעפּט זיי. אַלע מאָל איז ער שווערער, דער וואָגן. פון צייט צו צייט האָט זיך געזען די קאַץ. זי שטייט אַן אָנגעשפּאַנטע, די פיסלעך געשטערקט; גרייט צום פאַרטיידיקן. אירע האָר — אויפגעשפּיצטע, זי איז פול מיט שרעק פאַר די הינט אַרום זיך, צווישן וועלכע זי געפינט זיך פלוצעם; נאָך פונעם שטיקן זיך, נאָכהענגענדיק אויפן עק פון דער בייטש, און — פונעם פירן זי אין דער פאַרמאַכטקייט. איר מויל — ווי עס וואָלט אימהדיק געברומט. זי ציט כסדר זיך צוריק, געהעכערט צווישן די הינט. באַלד פאַרשווינדט זי, און אַנדערע קעפּ רוקן זיך אָן פאַרן פענצטערל.

מיר יינגלעך האָבן בלויז אָפּגעאָטעמט, אונדזערע הערצלעך זענען געוואָרן לייכטער — ווען איינער אַ הונט האָט ערגעץ זיך געראַטעוועט, ער איז אָפּגעצויגן. ווי אַ פּייל אויסן בויגן האָט מען זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים, פאַרוואָרפן דעם שטעקן; אָט־אָט איינגעצויגן אַרום זיין האַלדז דאָס שנירל אין דעם גלאַנציקן רינגעלע, און ער — אין איין אויגנבליק — האָט זיך אַרויסגעדרייט; אויף די פיר פיס — איינס־צוויי פאַרשוווּנדן. דער שטעקן איז געבליבן ליידיק, לייכט. די הימלען, גאָר ווייט הינטער דער שטאָט — זיך אַראָפּגעלאָזט. ווידער זענען מיר נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה פון די געבליבענע פאַרמאַכטע הינט; געפילט זיך אָפּגעצערטער; מיט אַן אומרו, וואָס איז ווי צעהיצטער קוועקזילבער, אַרומגעלאָפן אין אונדזערע איברים. מיר האָבן געפייפט.

אַנדערש פון אונדז, די יידישע קינדער, זענען נאָכגעלאָפן די גויאישע יינגלעך. אויך זיי זענען געווען צעהיצט, פאַררויטלט. אויך זיי זענען געלאָפן פאָרויס און פון הינטן. אַנדערש פון אונדז, זענען זיי אָבער געלאָפן ווי צו הילף די כאַפּערס; גע־רייצטע האָבן זיי געוואָרפן זיך מיט די גופימלעך פאַר די הינט; אונטערגעשטעלט זיי פיס; פאַרשטעלט דעם וועג; אַריינגעפאַלן אין אַ שווייגעניש. אַ כוח איז אַרויס אויף זיי; זיי געדעקט ווי מיט נאָך אַ שיכט. זיי האָבן געפּיפן פאַרביסן ווי ווייט. זייערע קולותלעך האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער לופט. זי האָט פאַר זיי זיך געבויגן. די היצלעס האָבן דערפילט אַז זיי זענען נישט אַליין; די גאַס בייגט זיך. ווי אַ גראָז גייען אויף פון די טראָטואַרן די שטריקלעך. מיר האָבן איצט מורא געקריגן אויך פאַר זיי. זייער לויף מיט די פיסלעך האָט געדראָאָט.

שנעל האָט דער אַרום זיך געטיילט אויף באַזונדערע שיכטן:

קודם, דער היצעל, וואָס איז געזעסן ווי אַ הערשער אויפן וואָגן, אויבנאָן, מיט אַ בייערער בייטש, אַ גלאַנציקער, אין האַנט. אונטער אים, אין לאַנגן קאַסטן האָבן געבויגן זייערע פיס די הינט. יעדער ריר האָט טעמפּ אָפּגעקלאַפּט פון אויבן, אין זיינע געדערעם. נאָך דעם, זיינע געהילפן, די צוויי יונגען, וועלכע האָבן מיט די אַרבל געריבן די פּנימער; העכערע, פאַרשוויצטע — געשטעלט טריט; זיך געלייגט לאַנג איבער דער גאַס. זייערע בייטשן האָבן דורכגעצויגן, זיך איינגעשניטן, איבער־געבראַכן דעם חלל; פאַרוואָרפענע געגרייכט אומעטום. אַרום זיי, די לויפנדיקע שקצימלעך, פאַרוויקלט פאָרויס, זיך וואַרפנדיק; אַמפּערנדיק זיך מיט די הינט. די חיות, זיך אַרויסרייסנדיקע, אויפשטייענדיק, האָבן געדרייט, אויסגעצויגן — מיט די קעפּ אויף הינטן; דערבליקט דעם וואָגן, און — גיך אַנטרונען. געלאָפן פוןביידע

זייטן זענען אויך די באַלעבאַטים פון די הינט. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט שאַרפע קולות, געקוויטשעט אין חלל, געבויגן די הענט; געוואָרפן פאָרויס נישט־געזעענע שטחים. די הינט האָבן דערפילט לאַנגע דינע שמיץ, וואָס ברײַען פון הינטן זיך איין אין זייערע פעלן. מיט קרומע אויסגעצויגענע גופים, זענען די פאָדערשטע אַריין אין הייף, אין לעכער; אַרויס אויף פעלדער, געהיפּערט.

און לסוף, סתם, זענען נאָכגעלאָפן מיר, די יידישע יינגלעך, מיט אויסגעבריי־טערטע הערצלעך. כסדר האָבן מיר זיך צוריקגעהאַלטן. פאַר אַלע האָבן מיר מורא געהאַט: אי פאַר די שקצימלעך, די היצלעס, וואָס האָבן אַרייַנגעיאָגט ענגער; דעם דרויסן אַרומגענומען מיט שטריקלעך, פאַמעלעך אים אייַנגעצויגן; אי פאַר די הינט, פאַר זייערע באַלעבאַטים, וואָס האָבן פאַרשפּרייט ברייטקייטן אונטער די פיס; אַלץ געלאָזט אַרונטער אונטער זיך אין געאייל. מיר אין צווישן האָבן נישט געפילט די ערד, ווי זי וואָלט זיך געהויבן אונטער אונדז; אונדז הלעכער דערלאַנגט, און צוריקגעפאַלן.

פלוצעם איז דאָס געשען: איידער מיר האָבן באַוויזן צו קוקן, געוועזן זענען מיר אַרומגערינגלט פון הינט. שורות איבער שורות האָבן געהיפּערט וואָס ווייטער אַוועק פון וואָגן — אין לאַנגע אויסגעצויגנקייטן. מיר, די יינגלעך, האָבן דערזען, ווי די הינט פון הינטן שטיפן אָפּ מיט זייערע לאַפּקעס די דראָטענע בעך; מיט די פיס פאָרויס שפּרינגען זיי פון דער צעעפנטקייט; זיי ציען פון פענצטערל — אָן אַ שיעור, איינער נאָכן אַנדערן — גלייך אויף אונדז. זיי טאַנצן אַריין אַלע מאָל פרישע צווישן די פיס פון די נאָכגייער. דער היצעל אויפן וואָגן דערווייטערט זיך, איז אויסגעדרייט; ער רוקט זיך פאָרויס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דריקעניש: די קינדער געטראָגענע צוביידע זייטן גאַס, די הינט צווישן אונדז — אויף פאָרויס. אַ שטופּעריי מיט די קעפּ, אַ האַווקעניש, אַ לויפנדיקער געוואָרטש. די שורה בררייטערט זיך אויס — צו צוויי און צו דריי; אויך די לענג — ווי זי וואָלט זיך אויסגעצויגן. די ערשטע הינט זענען שוין גאָר ווייט, אויבן. מען מוז אויפהייבן דעם קאָפּ זיי צו זען. הינטער זיי — נאָך און נאָך. אַלע מאָל מער. זיי ציען פאַרטאָן, יעדער פאַר זיך, פאָרויס. אויך די קאָץ איז אין צווישן. זי שפּרינגט אַרויס און אַריין, ווי זי וואָלט פאַרלוירן דעם וועג. איר פעל אויסגעשפּרייט נידעריק ווי ביי דער ערד, איר קעפּל — מיט וואָנזין. זיי לויפן אַלע אונטער די קולות. זיי מאַכן זי שמאָלער, אויסגעצויגענער, די גאַס. אַלץ שטעלט זיך אָפּ, האַלט אויף אַ ווײַלע איין דעם לויף.

אָבער איידער נאָך מען באַוויזט זיך אומצוקוקן, בייגן זיך שוין פון ביידע טראָטואַרן די הויכע געהילפן. ווי פישערס פאַרוואַרפן זיי די שטעקנס איבערן

שאָסיי. זיי זעען אויס, געבויגענע, אַראָפּגעלאָזטע, ווי וועגטקעס איבער אַ פליסנדיקן טייך. באַלד הייבן זיי, ציען אין דער הייך, די בייטשן, מיט נאָכהענגענדיקע לאַנגע צאַפּלענדיקע הינט אויף די עקן. דער וואָגן שטייט. ער וואַרט. די היצלעס בייזע וואַרפן געשיקט די געכאַפּטע הינט אין ליידיקן קאַסטן. דער הויפּט־היצעל גייט אַראָפּ פון וואָגן. דאָס מאָל פאַרלייגט ער פאָרזיכטיק דעם שטיין איבער דער קלאַפּע אויבן, און רינגלט אַרום דעם וואָגן. ער פאַריכט פון דרויסן די צעריסענע דראָט־שאַטקע. די אויגן פון די פרישע הינט אינעווייניק קוקן אויף זיינע הענט. מיר לויפן הין און צוריק. טייל הינט אַנטלויפן נאָך ווייט. די רייע אויבן ווערט שמאָלער, שיטערער. אַ הינט, גאָר ווייט, לויפט איינער אַליין. ער בילעט פאַר זיך אין דעם פאָרויס. די יונגען טראָגן שוין אויף די געבויגענע שטעקנס פרישע, צום צווייטן מאָל זיך וואַרפנדיקע הינט.

מיר יינגלעך זענען איצט געגאַנגען אויסגעלאָשענע. מיר האָבן מורא געהאַט צו טראַכטן וואָס מען וועט טאָן ערגעץ ווייט מיט די געפּירטע אין וואָגן. קיינער פון אונדז האָט דאָס נישט געזען געוווסט. מיר האָבן דאָס געלאָזט נישט פאַרענדיקט. געשראָקן האָבן מיר זיך איבערצופרעגן. די טעג שפּעטער האָבן ווידער זיך פאַר־צויגן מיט זוניקייט איבער די לעכער. ווידער זענען מיר פאַרזונקען אין שפּילערייען, נאָר עפּעס אין אונדז האָט זיך אָפּגעזעצט. די אויסגעליידיקטקייט פון וואָגן האָט אונדז געהאַלטן ווי מיט אַן אומגעזענענער קייט, נישט אָפּגעלאָזט.

דאָס אַלץ האָט ש. זיך דערמאָנט, ווען ער איז איצט אַליין געלאָפן, מיט צעפּלאָ־שעטע האָר, איבער די גאַסן, ווי אַ גערוֹדפטער פון תמיד, אין אַ נעפּל צווישן איילנדיקע געשטאַלטן. פרייטיק. פון באַלד אין דער פרי איז די שטאָט אַרומגע־רינגלט. מען ווייסט, קייטן נאָך קייטן דערנענטערן זיך יעדע מינוט פון די פעלדער. טריט — באַטשוועקעטע, ווי צוגעקאָוועט צו דער ערד. אַלע מאָל שרומפּט זיך איין, פאַרקלענערט זיך, דער ראָד אַרומען געטאָ, ווערט איינגעצויגן. ש. צווישן אַלע — איילט; לויפט. עס שטעפּן קוילן אין פענצטער, אין ביימער־בלעטער; בוכן פון אויפרייסנדיקע שראַפּנעלן פּלאַצן נאָענט איבער דעכער און שאָסייען. אַ חוץ געקנאַלן פאַר די אויערן, אָפּהילכן אין מוח — הערט ער גאָר נישט, נאָר איבערן הימל, העכער און נידעריקער, ציען אין בהלה, אַהין און צוריק — מחנות צעשראָקענע פייגל. ביי יעדן נייעם אויפרייס צעשיטן זיי זיך, ווערן צעשפּרייט אין אַ פליגל־געפלאַטער. ווידער נעמען זיי זיך ענגער צוזאַמען, פליען ווי אונטערגעיאָגט דורך אַ מיטאַמאָליקן פּלאַכטעס־געפּאַך. אויך ער, יעדעס מאָל ביי די אויפרייסן — דער־פילט די בהלה וואָס לויפט דורך אים אין גוף; האַלט אים איין.

ש. האָט נישט געוווסט, וווהין עס פירן די טריט. זיינע אויגן, פון ביידע זייטן, מיניען כסדר פאַרביי יחידים, האַלבע און גאַנצע משפחות. זיי ציען און פאַרהאַלטן זיך, זייערע פיס — היפּערנדיקע, איבער דער ערד. דאָ און דאָרט פאַרשליסן מענטשן די טירן פון הייזער. צוליב איילעניש, טרעפן די פינגער נישט אַריין. אַ ווינט בלאָזט. זי ווערט אויסגעצאַפּט, די שטאָט. אַ געפּייפעריי אין די אויערן. ש.ינס מויל אָפן. פולווער־ריחות דרינגען אין האַלדז, רייסן זיך אַרויף. ער האָט זיי געשלונגען. דער געקנאַל — נענטער. ש. פאַרהאַלט זיך. אַ יינגעלע פון אַ היימיש פּאָרפאָלק, אַ בן־יחידל, האָט זיך פאַרבייגעדרייט, אויפגעהויבן צו אים דעם בליק. אַ רגע האָבן זיי זיך דערזען. דער קליינער האָט געקייעט צוקערלעך. ש. האָט צו אים אַריבערגערעדט און גיך אַוועקגעאיילט. אַרום — זיידעס, מאַמעס. אַ צווייטע כוואַליע איבער דער ערשטער. זי צעשיט זיך. אין ווינט וויקלען זיך געוואַלדן, ציען אַרויף; שטרעקן זיך.

מיט אַ מאָל האָבן טיף אין די געסלעך זיך געזען די ברייטע געשטאַלטן, גרין. זיי רייסן אָפּ די טריט, דערנענטערן זיך, ווידלעווען זי דורך, די ערד. שטיקער פייער שפּריצן, צעשניידן בליציק די גאַסן, טיילן זיי אויף פענעצן. אַ פרישער רויך שווימט אַרויף. דער געאייל שטאַרקער. אַ ווינט בלאָזט הינטער, יאָגט הייס. די געשרייען — אָפּגעהאַקט. ביי די ווענט דריקן זיך סילועטן. ער איז שנעלער געצויגן אין דער ענגשאַפּט. הינט, פאָרויס — שניידן אין ווינט זייערע פיס, איילן גיך. די באַלעבאָטים נאָך. אַ געוואַי. מענטשן, אַרויפגעהויבענע, ציען נאָך אַן אויגנבליק זיך אויס. מען שפּרייזט זיי אַריבער. ש. האָט באַנומען, די זייגערט אין די יידישע שטובן זענען איצט אַלע שטיינגעבליבן. אין די בתי־מדרשים האָבן זיך פאַרמאַכט די טירן פון די ארון־קודשס. אומעטום — צו. די אויפרייסנדיקע פייער־שטיקלעך פליען געדיכטער. ער — אין דער מיטן. ער שטייט. ער איז אַריין אין אַ הויף, אַרויס פון דער אַנדערער זייט. ווידער קוילן אַרום אים. דער לאַנגער טייך אין ביידע זייטן שפּרייט זיך פאַר זיינע פיס. דאָס שמאָלע בריקל אַנטקעגן — פאַרוואָרפן. איין זייט אַריין אין מיטן, איבערן וואַסער. דער טייך אָנגעשטעקט מיט האַלבע מענטשן — פון איבערן בויך אַרויס. קעפּ — איבערן וואַסער. שאַרווענדיקע סטאַטועס. פון דער ווייטנס, פון ביידע זייטן — נעפּלען איבער די בריקן. געשרייען שוימען זיך אַראָפּ. פיס רוקנדיקע, גייען. זיי ווערן געפירט. זיי מיניען. אַלץ פאַרמאַכט; נישט ווענדן זיך — נישט רעכטס, נישט לינקס. שאָסן גרייכן; פאַלן איבערן וואַסער, שיטן זיך האָגלדיק, פלאַצן אויף; שפּריצן ווי אַ רויטער רעגן. אונטן, אין דער גאַנצער לענג — טונקען זיך אַראָפּגעלאָזט, קעפּ. האָר ווייקן. זיך שפּיגלענדיקע רעדער קיילעכן זיך — קלענערע און גרעסערע; צייכענען זיך אַרום פנימער, אויגן,

וויעס; צעפּליסן. צעפּלעך שלענגלען אויבן זיך עלאַסטיש. ש., לענגאויס דעם טייך, האָט געטראָטן אַהין און אַהער; איינגעצויגן ווי אין אַ פּעטליע. אַלע מאָל ענגער. מען הערט, גאַנצע מחנות דערנענטערן זיך פון פיר זייטן; גייען דורך די שטובן, שלעפּן אַלץ מיט. אין דרויסן מישן זיך טעמפּ קולות, באַהעלמטע קעפּ, מונדירן, דיקע, און — לויזע גופים, נידעריקע ווי געבויגענע אונטער יענע — צו דער ערד; קורצע אויפגעשרייען ווי פון אונטער קאָלדרעס. דיקע ביקסן ציען זיך אין דער לופט, שטרעקן זיך פאַרהוילן — אָן אונטערלען — אין גאַסן און פּלעצער. זייערע אויגן, רויטע — לויפן ווייט. גרימאַסעס, פאַרבאָרגענע, טאַנצן אַרויס איבער פּנימער. גופים צייכענען זיך פּירקאַנטיק; דרייען זיך שנעל איבער קאַלוזשעלעך, געפּאַרבטע. אויסגעצויגענע איברים שפּאַנען אין אויגנבליק זיך אָן, שפּעטן און זינקען, בלייבן ליגן. די ערד קלאַמערט זיי. אַנדערע דורכגעשאָסענע בלייבן שטייענדיק, ווי איבערראַשט; בוקן זיך, גלייכן ווידער זיך אויס; נעמען אָן זיך פאַר דורכגענעצטע הענט. מען פאַנגט זיי אויס. מען פירט די געזעמלעך. אַ בלינדער טאַפּט די לופט ווי ווייכע ווענט, ער שטעלט אין זיי טריט. ער ווייסט נישט ווו ער איז. נישט ווייט ווערט אַ שטומער געשלעפּט — ער וויל מאַכן אַ געוואַלד. דער ווינט מיטן גאַנצן כּוח פאַרלייגט אים זיך איבערן מויל. די שטאָט מיט יידן איז איינגעגראָבן ווי אין אַ טאָל. עס זינקט מיט זיי. איבערן פלאַך שטעקן די בעלי־מום אָפּגעדעקט, אויבן. זייערע פּיס — העכער. זיי באַפּעלן מיט די גופים. ער ציט פאַרביי די אויפגעפּראַלטע טירן פון אַן אויסגעליידיקטן חתונה־זאַל; די חופּה — אַליין. ווידער איז דער טייך. ער וויל אָפּרייסן די פּיס, הייבן זיי צוריק; נישט אַראָפּ אונטער זיך. רויטע וואַסעראַרטעריעס פלעכטן זיך דורך אין די שטראָמען; טונקען זיך אונטער. טונקעלע פּאַסן ציען גליטשיק, פאַרגיסן זיי; שווימען ווידער גלייך, שנעל; קומען אַרויס. זיי פליסן איצט אויבן, ווי אָנגעפּילטע אָדערן, אויפגעלאָפענע. נעבן אים ווידער בערל, דער טויבער. ער הערט גאָר נישט. אָפּגעצוימט אַרום, פאַרשטאָפּט ווי מיט ווענט — זיין גוף, זיין קאָפּ. ער קוקט בלויז אַרויס מיט די אויגן, אויפגעריסן. ער ציט זיך צוריק. אויך ש. איז ווידער אויפן הויף הינטער זיך. אומעטום נעמט אים די לופט, אַ שטייענדיקע. מען קאָן פון איר פאַרגליווער נישט אַרויס, נישט זיך באַוועגן. ער שטייט צווישן ביידע שורות הייזער. פון הינטער אַ וואַנט בליקט ער אַרויס, וויל אָפּרייסן דעם גוף. דער קאָפּ זייטיק־געבויגן אין דער העכערונג.

אַנטקעגן זיך גאָר ווייט, אין דער טיפקייט, האָט ער דערקענט דעם מאַרק. ער עפנט און פאַרמאַכט זיך, ווי מיט קלאַפּעס. מען זאַמלט זיי דאָרט איין, די געטריבענע קופּקעלעך. ער איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט, דער מאַרק — הויך, מיט

מאַשין־געווער וואָס זיצט. שטאָלענע הינער מיט קיילעכדיקע אויגן־לופּעס. זיי האַלטן אים אויף מיט בליק. זיי קוקן צו אים; זעען אים. ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן. אַ רגע פאַרט ער, דער מאַרק. ער דערנענטערט זיך אַהער. ער איז אַ פּוילישער וואָגן. ווידער דערווייטערט ער זיך. די יידן קוקן פון צווישן די האָלץ־קראַטן. דער וואָגן וואַקלט זיך מיט זיי, ווערט קלענער און קלענער. פריש־געטריבענע ציען פאַרביי. זיי זענען אָפּן. אַ געצונדענע זון צווישן זיי לייכט דורך. זיי גייען אָן גאָר נאָענט. ער האָט זיך איינגעדריקט אין דער וואַנט, אַריין אין איר, פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט דערפילט זייערע צעלויכטענע שאָטנס. זיי וואַרעמען דורך אויף די אַפּלען, צוגעלענט. ווידער האָט ער אויפגעמאַכט די אויגן, אָפּגעריסן ווי צוגעקלעפּטע. ער האָט דערזען, הינטן צווישן זייערע פיס — טרעט דאָס יינגעלע, דאָס בן־יחידל. זיין גאַנג ווי אין חלום, ער הייבט די פיס. עס האָט אים געדאַכט, אַז די קליידער אויף אַלע זענען נישט זייערע; זיי זענען פרישע; קאָליריקע; לויז ווי אַ הויט. זיי ליגן פרעמד. ער דערקענט זיי נישט. זוכנדיק, האָט ער דערזען די פּלייצעס פון זיינע שכנים, די טאָמאַשאָפס. זיי זענען אויסגעגלייכט ווי אַ פאַרקאָן. ערשט ביי נאַכט, נעכטן, האָט דער פאָטער זייערער געגוססט. די גסיסה האָט פון ביי טאָג זיך געצויגן. די אויגן אין בעט — האַלב־אָפן. דאָס קישן — צוקאָפּנס. די גרויע באָרד — געש־פּרייט איבערן צודעק, דעם ווייסן. די בני־בית — אַרום. ער שיידט זיך פון זיי שוין אויף תמיד. איצט איז ער געבליבן אַ קאַלטע מומיע — אַליין אין בעט, און אפשר וואַלגערט ער זיך, פאַרהאַרטעוועט ווי אַ שטוב־חפץ. זייער גאַנג דאָ דערווייטערט זיך. ווען די זון וועט זיך לעשן — וועלן אויף זיי ליגן. ער וועט אפשר זיך פאַר־וויקלען צווישן זיי. ער האָט נישט געוווסט, ווי שפּעט עס איז; וויפל שעהען עס זענען דורך; צי דער הימל מיט דער זון זענען נישט אויפגעשאָקלט, צעטרייסלט, אויף אַלץ אַרום. עס דעקן זיך אָפּ די ווינקעלעך פון שאָטנס; שטראַלן, ווי פינגער, ווייזן אַריין. אפשר וועט נישט אַוועק דאָס ליכט. אייביק וועלן מיר ליגן אָפּגעדעקט. דערווייל ווערט ער, דער מאַרק, פולער. די גרופּקעלעך ווערן אין אים אַריינגעשיט. נאָך אַ געזעמל. מען פירט די דערוואַקסענע יינגלעך. זיי מאַרשירן פון אָן אַנדער אָרט, לויזע. זייערע הענט, הענגענדיק, ווייזן דעם פאַרויס; די אויגן בלאָנדזשען; טאַפּן פאַר זיך די לופט. ש. האָט זיך דערמאָנט אין די קולות פון קראָען. אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיי איינגעזאַפּט. קראַ — קראַ — קראַ; זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען תמיד. איצט זענען זיי נישטאָ. מען הערט זיי נישט. זיי זענען פון אים אַוועק. פון אַלע זייטן דערנענטערן זיך די הימל־ווענט; זיי לאָזן פון הויך אויבן — זיך אַראָפּ; שטעלן אויס זיך אַרום. מען זעט נישט פון יענער זייט, איבער זיי. די ערד אונטער די טריט פון די געפירטע הייבט זיך. זייערע פיס — קירצערע, בייגן זיך; קאָנען

נאָך זיך באַוועגן. זיי ווערן אַריינגעשיבט. ער זעט אויס, דער מאַרק, ווי אַ טראַכט, צענויפגעפּלאָכטן. אַלע אין אים זענען זיי איין גוף, אַ פאַרוויקלט־געטיילטער. אַלע, אַ מאָל געבוירענע, אַרויסגעלאָזטע — פאַרדייעט ער ווידער אין זיך צוזאַמען — צום אַרויסגעבן. ער שליסט זיך אַרום זיי. אויך צו אים שטעלט ער אָן, דער מאַרק, זיין ראייה; וויל אים אַריינכאַפּן ענג אין זיין שמאָלן זעאונג־קיילעך, אים צוציען.

ער איז אַרויף אויף אַ בוידעם, געשטאַנען ביים קוימען, צוגעקלעפּט; דעם אָטעם איינגעהאַלטן. דאָס פּנים — צום חלל, אין דער פּוסטקייט. צעליכטיקט שפּין־געוועב אין גרין־גאָלדיקע זייד־שטיקער — צעדריוולטע מלבושים — זענען געפלויגן פאַר אים. אַלע מאָל מער — זיך געצויגן; זיך אויסגעברייטער'ט מיטן בייג פון פּנים — אויף רעכטס, אויף לינקס. ער האָט צוגעדריקט די אויגן, זיך אַרויפגעעקבערט מיטן גוף — העכער. אַ ווײַלע האָט ער זיך געהויבן ביז איבערן דאַך, צו די הימלען. ער שטעקט אַריין אין זיי דעם קאָפּ. עס פאַרהאַקט זיך אַרום. ער בלייבט הענגען איבערן חלל — מיטן גוף אַראָפּ. דער דאַך זינקט נידעריק; די פּיס איבער די ברייטקייטן. עס האָט געשאַרכט אין די אויערן. די פּיס זענען ווייטער אונטערגעלענט האַרט פון ליימיקן דיל. ער האָט זיי אויסגעשטייפט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַלע דורות פאַר אים זענען געווען כדי אים צו געבוירן; ער איז זייער תכלית. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט זוכן אין דעם קוימען־חלל. עמעצער וועט איבערבייגן זיך איבער דער עפענונג. קאָן זיין, אַז דער ווינט בלאָזט אַזוי פון אויבן — טיף אַראָפּ. עס רוישט אָפּ אין זיין פּלייצע. ער פאַרנעמט אין זיך. ער וויל זיך צוקלאַמערן צום ווידערקול. זאָל ער דויערן, דער אויגנבליק. ער וועט הענגען אויף אים מיט דער פּלייצע. די שאָסן פון אַרום נידערן אַלע אין חלל, מישן אים, בולבען אויף ווי ווייט. זייער אויפּציטער — פאַרייניקט, פאַרשטייפט. עס בלאָזט, זעצט אַראָפּ, רופט. דער אָפּהילך בינדט זיינע אויערן. גאָר נישט קאָן אויפרירן; ער פּעסטיקט־צו אויך די הייזלעך, דעם בוידעם. די פייגל דאָ פלאַטערן נישט אויף; זיי באַהאַלטן זיך טיפער. זייערע פליגל שרומפּן איין יעדעס מאָל מער. אונטן איז אַלץ אויפגעפּראַלט, צענומען; די אַרויפגענג — קרעכצן נישט, גיבן זיך אונטער ביים העכערשטייגן. זיינע פּיס קאָנען נישט זיך שטעלן אים אויף די אַקסל. אפשר אַריינוואַקסן זאָל ער ווי אַן אונטערלען צום בוידעם־דאַך; צי גאָר זאָל ער אַליין אַריין אין קוימען; דער רויך אַריבערציען זאָל אין אים. ער האָט געגומען הייבן די פּיס, אַריינקלעטערן. עמעצער לאָזט אים, ווי מיט אַ שטריק — מיטן פּנים אַראָפּ; די סטאָפּעס אויבן אָנגעהאָנגען, פאַרהאַלטן אויף דעם קוימען־ראַנד. די הענט, פאַר זיך; זיי ציען וואָס טיפער אַראָפּ אין דער פאַרהוילעניש. אויסגעבעט איז ער איצט, אַרומגערינגלט פון קוימען; ער

איז אַרומגענומען, אויסגעפּלאַסטערט ווי פון נאָך אַ ליימיקער שיכט. דאָס פּנים — אויסגעשוואַרצט. ווי אין אַ תהום גלאָצט ער אַריין מיט די ווייסלען. ווידער האָט ער פאַרנומען, אַ שוואַרצער רעש בלאָזט אים דורך ווי אַ שופר, רייניקט אים. ער הענגט ווי אַ האָרן, טריפט אַראָפּ. אַ ווינטל גליטשט דורך לייכט זיין אינגעווייד. ער האָט געוואָלט זיך איבערדרייען אַרויף. נישט ווערן וואָס אַ רגע אויסגעצויגענער; טראָפּן נאָך טראָפּן זיך אַריינשמעלצן ווי אַ ליכט אינעווייניק. ניין, מען האַמערט, קלאַפּט אים אויס, לאַנג, דין און דינער, ווי אַ בלעך. די פולע קיילעכדיקייט אין קאָפּ אונטן דערלאַנגט זיך שווער, וואָס אַ מאָל אַראָפּצוער. בלויז די אויגן־קיילעכלעך אונטער דער ברעמען־הויט, לויפן שטיל אין אים מיט ווייטיק; געוויכטן פון אַ הענג־זייגער, קיילעכדיק אַראָפּגעלאָזט אונטן. זיי האַלטן־אויף זיין קיום. ער שלאָגט־אויס די אויגנבליקן. מען זעט אים דורך. אַליין איז ער מער נישט אָנצוטאַפּן, נישט צו רירן מיט דער האַנט.

ווען ער האָט גאָר שפּעט געהערט אַ גערויש, ווי עפּעס ווייט וואָלט שווער אויפגערירט, זיך אָפּגעריסן פון דער ערד — האָט דער טאָג זיך שוין אָפּגענייגט; געוומען אַוועקציען ערגעץ ווו אין דער ערד אַריין. אין דעם בין־השמשות איז ער אַרויסגעקומען — ווידער דעם קאָפּ אַרויף. אויף די שפּיצן־פינגער האָט ער אָנגע־הויבן זיך אַראָפּלאָזן פון בוידעם. געשפּרייזט, אָנגעהאַלטן זיך אין די ווענט. ער איז שטיינגעבליבן צווישן די שפּאַרעס. קיינער האָט מער אין דעם אַרומיקן חלל נישט געגישטערט. ער האָט געהויבן די אַקסלען, אַרויפגעקוקט. אומעטום, אַ ליידיקער רעש וואָס דערווייטערט זיך. ער האָט זיך אָפּגעריסן נידעריק; געזען, מען האָט די יידן דאָרט געטריבן ווייט — אַלע מאָל פאָרויס. זי קאָלערט זיך, די עדה, אַרומ־געריגגלט, ווי אַ ראָד אָן אַ קאָפּ, אַריין ערגעץ אין דער טונקלקייט, צו דער ריכטונג פון בית־עלמין. זי איז אַ קרעט אָן אויגן. די פּנימער פאַרצויגן מיטן אונטערגייענ־דיקן ליכט. קיין מת אין שפּיץ ווערט נישט געטראָגן. זיי זעען אים נישט. אָן אומגעהויערע כמאַרע באַוועגט זיך. רייסט שווער זיך אָפּ אַלע מאָל פון דער ערד. ער אַליין הינטער זיי — ווייט, אין אַ העלער ליידיקייט — אַ פינטעלע. אַרום אים — לויז, ווינטיק. צווישן דער ווייסקייט, און זיי דאָרט, פאַרצויגן פון דער אָנקומענדיקער טונקלקייט — שיידן ווי אַ וואָלקן — די פּלייצעס, גרין. זיי הייבן זיך; פאַרקיילעכיקן זיך ווי אַ קייט, רינג אין רינג, אַקסל ביי אַקסל. מיט יעדן טריט ווערט ער איינגע־צויגן, דער ראָד, נעמט זיך צוזאַמען. הענט שליסן זיך אין הענט. ער גייט נאָך ווייט. ער רוקט זיך פּאַמעלעך הינטן צווישן די הייזער. ער האַלט כסדר זיך אָפּ אַ רגע, און זיי דערווייטערן זיך. נישט איין מאָל, פּלוצעם — טרעפט ער זיך נאָענט.

ווי די ערד וואָלט זיך איינגעשרומפּן, זיך אָנגערוקט מיט אים. ווען נישט די לופט אין צווישן — וואָלט ער אַריבערגעשטרעקט די האַנט; אָט־אָט אָנגעצויגן, דער־גרייכט. ווידער רוקן זיי זיך אַוועק לויזער, ווי אַ גוף מיט אַ סך פּיס, קאָלערן זיך אַרויס פון שטאָט. העלע פלעקן, אָפּגעדעקט — בלייבן אויף זייער אָרט, מאַכן פריי די ליידיקייט. ער קאָן אין איר גיין אַהין און צוריק.

זיי זענען געווען שוין גאָר ווייט. ער איז אַריין אין מאַרק, אין אים; אַרויף אויף די קיילעכיקע שטיינער. עס האָט זיך נאָך געטראָגן פון זיי געדיכט, אַ זיצנדיקע — זייער וואַרעמקייט, זיך געלייגט. צו מאָל האָט זי זיך געשטרעקט צו אים, ברייטלעך. ווי אין היציקע געוויקסן איז ער געטונקען, פלאַמיק האָבן זיי צו אים זיך געבויגן. האַלב־זיצנדיק האָט ער אין זיי זיך אויסבאַהאַלטן. אַ זיך־שליסנדיקע ליידיקייט אַרום. ער הייבט איבער איר אַרויס די הענט, ווי איבער אַ שטראָמיק וואַסער. זי שפּרייט זיך, די ליידיקייט, מיט די שטיינער געבערגלט ווי ווייט, מיט ברוינע בעקעלעך. ער בייגט זיך, וויל אַראָפּפאַלן, זיך איינפּלאַטשיקן — נישט לויפן אַהין און צוריק. זאָלן די אויגן זיך פאַרמאַכן, איינטרוקענען זאָלן די פאַריאַכמעטקייט, דער רינענדיקער גאַווער. צי איז ער געפאַנגען אין דער ליידיקייט? זי גיסט זיך, רוקט זיך אָן — פון אַרום. ער וויל אַריינציִען די צונג, נישט פרייכן, איינקורטשען די אויפגעשפּיצטקייט, זיין אַרויסגעהעכערטקייט, די געשפּאַנטע. דער מאַרק, ווי אַ וואָגן, שטייט איצט אָפן. ער — אין דער מיט — איינער אַליין; אַן אָפּגעצערטער. אַ היץ, ווי קוועקזילבער, לויפט אים אין די איברים. אָט שיט זי זיך אַרויס. ער צערינט אין נאַסע פלעקן איבער די שטיינער.

ווען עס האָט זיך געעפנט ברייט דער טויער פון בית־עולם, האָט ער געזען, דער ראָד האָט גענומען זיך אַריינקאָלערן, אַריינפאַלן אין אים. די פּיסלעך באַוועגן זיך גיך. אויסגעצויגן ווערט ער, דער ראָד, נידעריקער. ער שיט זיך, טאָפּטשעט אַריין, ווי אין אונטערשטע כמאַרעס. אויך דער אָפּהילך פאַרטויבט; האַקט ווי מיט פעלנדיקע ציין. באַלד זעט מען זי שוין נישט אַרויס, די עדה. הויך, איבערן טויער, בליצט אויף, ווי אַ שלייף, אַ צעלויכטנקייט. אַ געל נידעריק, צעלאָזט, ליכט שפּרייט זיך, דעקט דעם־בית־עלמין. ער האָט געוווסט, באַלד וועט אויך ער, דער שלייף, זיך איינלעשן, זיך איינציִען, ווערן וועט טונקל. שוין איצט זעט מען מער נישט די ביימער־שטאַמען, צעשפּרייט אויף ווי ווייט אַרום. זיי ווערן אויסגעלאָשן פון איבער־ווייניק. דער אָוונט הייבט זיך, נעמט זיי אַרייך, נאָר זייערע צווייגן אויבן — שפּרייטן זיך נאָך אונטער אַ צעצויגענעם ראַנדבליק, וואָס בלייבט אַליין — אָן אַן ערד אונטער

די פיס; זי קאָלערט זיך אַוועק. אויך די צעהעלטקייט גייט יעדע רגע שוין איין, פאַרמאַכט זיך לענגלעך, ווי אַן אויג.

ער האָט געזען, דער שפּיילער אַרום ציט איצט זיך איין; ווערט שמאָלער און העכער; די גרינע פּלייצעס — אָנגעדראָלענער, געבערגלט. זיי שווילן אויף, דעקן זיך איבער אַלץ. זיי פאַרשטאָפּן מיט זיך דאָס טויער און די שפּאַרעס פון פאַרקאַן. זיי קלעפּן מיט זיך אַרום. מען זעט איצט בלויז זיי. אויך זיי וועלן באַלד פאַרשווינדן אין דעם לעצטן בין־השמשות. ווי אויפגעלאָפענע וואָלקנס — דריוולען זיי דורכן טויער גיך אַריין. מיטן פאַרנאַכט הייבן זיי זיך איבער אַלץ טונקל. וואַקלענדיק, אָנגעטרונקען איז די געדיכטקייט; זי רוקט זיך אָן פּיס; געשפּרייט איבער אַלץ.

ער האָט איצט באַנומען מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, די יידן — אַלע ווערן דאָרט איינגעזאַמלט; אַראָפּגעבויגן ביזן תהום — זיי, די לעצטע שטייער ווי אַ מויער. זיי בידערן ווי שטיינער; לעשן, זעצנדיק זיך אַראָפּ. די ערד שלינגט גלאַנציק, פאַרשטילט זיי. אויך זייער זרע — פרירט איצט איין, ווי פאַרטרוקנטער טוי; גליווערט אין די אויפגעאַקערטע שיכטן; פאַרקלעפּט זיי גליטשיק. פאַרהאַרטעוועט־ווערן באַלד וועט זי אויף תמיד. איצט הערט מען בלויז דאָס שיטן זיך פון תהומות. זיי ברעכן זיך, דעקן זיך אָפּ און איין.

דער גאַנצער בית־עולם אַרום, האָט ער געוווסט, איז שוין צעעפנט. ווייסע שיידלען, אויפגעאַקערטע, שמייכלען לויז אַרויף, זאַפּן איין. ווינטלעך שנאַפּן איבע־ווייניק אַרום. ער האָט באַנומען, אַז דאָ און אין אַרום פעלט דער יתום. ער איז נישטאָ. אויך אויף צוריק גראָבט מען זיי אַלע איין אונטער די תהומען. בלויז פרעמדע דרייען זיך אויבן, ציען פאַרביי איבער דער אָפּגעדעקטקייט זייערע אָטעמס. זיי בלאָזן; מיט די נאָזלעכער שניידן זיי זיך איין דין, ווי די ווינטן.

אין אַכט טעג אַרום איז ער געפירט געוואָרן, ש.״ מיט דער לעצטער גרופּע. זיי זענען אַדורך די בריק וואָס צעטיילט דאָס געטאָ. אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, איינגעוויקלט די שטאָט און איר אַרום. מען האָט אַרויסגעזען בלויז די בעטאָנענע בריק־פּיס, געוואַשן אין טייך. דאָס וואַסער — שוימיק־גרין, ווי געדיכט־קלעפּיקע ראָפּע, וואָס בלעזלט זיך, בולבעט ווייסלעך, צעוואַרעמט. ער האָט געוווסט, אַז צום לעצטן מאָל שטעלט ער אַריין די טריט אין חלל, שניידט אים. טויזנטער יאָר האָט זיין עדה דאָ אים געווישט מיט זיך, געוועזן ממשות. זייערע נאָך נישט איינגעשטילטע קולות אָפּגעהילכט האָבן, זיך זעצנדיק — פון דור אין דור, ווי קברים איבער קברים. איצט ווערט ער געפירט צווישן די געבליבענע.

זיי גייען אַלע ווי ליכט מיט געלע פלעמלעך אויבן. באַלד וועלן אויך זיי ווערן איינגעלאָשן. אַלץ וועט דורך איבער זיי. אונטער אים איז איצט געפלאָסן דער טייך, די סרעברנאַ; אַ פאַרהיקעטער — דאָס וואַסער כסדר פאַרהאַלטן; אַריינגע־רוישט מיט געבלעזל, ווי געהאַווקעט אויף די ריזיקע, נישט־אָפּטרעטנדיקע גופים; זיי געמיטן, איבערגעגאַנגען. ער האָט אַראָפּגעקוקט טיף, געוואָלט איינשטעכן זיך מיט די אויגן. ער האָט פאַרנומען שאַרף זייער ריח, אַרויפגעזעצט צו אים, אים זיך איינגעדרייט אין דער נאָז; מיט צעפּאַלנדיק גרינלעך־שוימיקע שטראַלן זיך געש־טרעקט צו דער בריק, ווי געוואָלט אים פאַרהאַלטן. זיי זענען געלעגן, די גופים, אויפגעשוואָלענע, אָנגעבלאָזן, אַרויפגעהויבן — גאָר נאָענט: ווי מיט פרעמדע האָר־בינטלעך — גרייזן; מיידלעך — מיט זייטיק־גלאָזיקע אויגן, און קינדער — אין איין אויגנבליק אַדורכגעלעבט אַ לעבן־לאַנג. אַלע אַרויפדערלאַנגטע — בלויע, ליידיק אינעווייניק, ווי פאַר אויפשוואַנגערן. קודם, מוזן זיי, זיינע פיס, אַריינבעמען אין זיך, נאָך דעם, פאַרמאַכן זיך אַרום. ווי פרעמדע, האָט ער זיי קיינעם נישט דערקענט. אַלע מיט דיק־אויפגעדראָלן לייב אַרום זיך. די וואַסער־שטראָמען מיידן זיי. ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, אַז פון היינט אָן זענען די טייכן פון פוילן, זייערע ליימיק־איינגעבראַכטע אָדערן — אויפגעזאָטן. אין ווייטע טעג וועלן זיי דאָ אויפ־רוישן, איינצאַפּלען, איבערגייען די ברעגעס; ציען אין די מרחקים, שטעלן זיך הויך, ווי פיס פאַרוואָרפן. אָפּט נאָך יאָרן וועלן זיי בידעריק, ווי איינגעגאַנגענע, באַהאַלטן זיך אונטער די כוואַליעס; מיט אַן אַריינגעשטעקטן קאָפּ פליסן צו די פאַרלוירנקייטן. דעם רויש פאַרנעמען וועט נאָר די לעצטע שטילקייט, ווען זי וועט קומען. דאָס וועט זיין דער איינציקער זכר נאָך דער ווימלעניש דאָ.

נאָך דעם איז ער געווען צווישן לעצטן מנין וואָס האָט זי קובר געווען, די שטאָט יידן. זיי זענען געלעגן אָנגעוואָרפענע שיכטן; זיך געהויבן ווי צעפּאַלנדיקע בערג אַנטקעגן דער זון. זייערע פנימער, מיט אָפענע שפּעלטלעך — קוקן אַריבער, ווייט. ער האָט זיך געשראָקן, געפינען צווישן אַלע — זיינע נאָענטע. ער האָט געוווּסט, אַז זיי זענען דאָ, פאַררוקט אין די שורות. ווי וועט ער זיי דערזען, קוקן אַן אויגנבליק אין פנים, אין זייער נאָענטן אויף תמיד שוין ווייט זיין? ווי וועט ער נישט בלייבן, לייגן זיך צווישן זיי? ער האָט געוואָלט אַנטלויפן באַצייטנס אין דער צייט אַריין; זיך פאַרלירן אין איר תהומיקן אונטן; עס פאַרשיט זיך און נישטאָ איז קיין סטעזשקע. זי פירט מער נישט אַרויס.

מיט אַלע איז ער געגאַנגען פאָרויס; פאַרשפּרייט, ווי אַ פלאַכטע, די ערד איבער זיי; געצויגן זי, און ער ציט זי נאָך היינט.

# ליכטער אין דער נאַכט

שוין עטלעכע טעג ווי ער איז, ש. אין, לאַגער צוזאַמען מיט די איבערבלייבענישן פון דער שטאָט ייִדן. זי שניידט זיך איצט, די שטאָט, אויף דריי טיילן. די גויאישע גאַסן ציען לאַנג זיך מיט הייזלעך און אָפּגעצוימטע הייף. זיי זענען פול מיט דירות און קראָמען; טירן און פענצטער — אָפענע צו די גאַסן אַרויס. זיי דערלאַנגען זיך, די גאַסן, ווייט; אָפּגעהאַקט ווי מיט אַ מאָל — ביי די ליידיקע פעלדער. איינצלנע זקנים, אָנגעלענט אויף שטעקנס, גייען אויף טראָטואַרן. קינדער טרעטן נישט אַרויס פון די טויערן. פון צייט צו צייט וואַרפן זיי זייטיקע בליקן. באַלעבאָסטעס קאָכן און רוימען, מיניען זיך הינטער די פאָרהאַנגלעך. אַלע האַלטן איין דעם אָטעם. מען ווייסט, אַז עס קייקלען איצט זיך גרויסע טעג. מען באַפרייט דאָס לאַנד פון ייִדן. גלאָקן דאַרפן קלינגען, רופן אין די שטעט.

צווישן די גאַסן, וואָס נעמען אים אַרום פון אַלע זייטן — שטאַרט ער אַרויס, אַן אויסגעליידיקטער, דער געטאָ. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען אַרויסגע־נומען די ייִדן. ער ליגט, דער געטאָ, אין מיטן — ברייט, אויסגעברענט — יעדעס הויז ווי באַזונדער. עס איז דאָ שטיל. מען פאַרנעמט גאָר נישט. די הייזער אויף ווי ווייט — ווי פּלוצעם געבויגן. קיין קעפּ זעען זיך נישט. נידעריק זענען די האַלצראַמען איבער די אויסגעהוילטע טירן. דאָ און דאָרט הייבט אַרויס זיך הויך אַ הויז מיט ליידיקע שויבן. עס בליאַסקען פון זיי רויט־צעשפּאָלטענע שטיקלעך זון, באַנדאַזשירטע. אויף די גאַסן און הייף אָנגעוואָרפן — אויפגעוואַרעמטע פון אויבן — באַלויכטענע שטויסן מעבל, ברוכוואַרג, כלים און מלבושים, וועש מיט ספרים. איבער זיי ראָיען, זיך אויפהייבנדיק — שוואַרצע כמאַרעס פליגעלעך; דרייען זיך אין דער לופט ווי נידערנדיקע פלאַכטעס; פאַלן מיט אַ מאָל צוריק. זיי פאַרשטאָפּן די צווישנס; הויך ווי לופטיקע פאָרהאַנגען, צעדריוולטע — שפּרייטן זיי זיך אין דער מיט, פאַרשטעלן גאַסן־דורכגענג. נישטאָ קיין רעגן וואָס זאָל זיי אַראָפּזעצן.

און דאָ, אין אָפּגעצוימטן לאַגער, אין דער צווייטער זייט שטאָט, אין עק —

זענען זיי צונויפגעזאַמלט, די רעשטלעך איבערגעבליבענע פון געטאָ. ווען דער טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן מורא געהאַט צו שטאַרבן. זיי האָבן זיך געקלאַמערט הינטער די פאַרשטעלעכצן. זיי האָבן געוווּסט, אַז אין די רייען ווערן געפירט זייערע נאָענטע. אַלץ אויף תמיד, אויך די ערד, פּליסט שוין ווייט אָפּ. שפּעטער האָט מען זיי געשלעפּט — יעדן באַזונדער. אונטער זיי — אַלץ איבערגעדרייט. מען טרעט לויז.

איצט ברענגט מען יעדן טאָג זיי צו דער אַרבעט. אויף די וועגשטיינער טרעטן זיי אַ מאַסע — וואָס אַ מאָל מער דורכזועאיק. אַלץ ווערט אָפּגעטאָן. אויך די דורות פון פריער האָבן זיך אַוועקגערוקט, זיי איבערגעלאָזט.

זיי גייען אַהין, און פאַר נאַכט — צוריק — ווי באָרוועס. זיי ווישן די וועגן. דער באָדן ענטפערט בלויז אויף דעם גאַנג פון די אַרומרינגלער. זייערע באַשטיוולטע טריט קלאַפּן אָפּ אין די אויערן. ביי דער אַרבעט שטרעקן כסדר זיך הענט; ציען זיך, ווי געוויקסן; גופים נידערן. ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ, די הענט; עס טונקלט שוין — קערן מיר זיך אום. מיר זעען אויף די רעלסן, באַנען לויפן דורך ווי לאַנגע קאַסטנס פאַרמאַכטע — עגלות מיט מתים. זיי ווערן געפירט ווייט — אין דער טונקלעניש אַריין. די מרחקים ווערן אויסגעליידיקט פון יידן. וואָס אַ מאָל ווערן מיר דאָ די לעצטע.

אויך ש. — צווישן אַלע. יעדן טאָג טרעט ער אַריבער דעם דריטן רשות. מען טרייבט אונדז דורך די אַנדערע צוויי. געכאַפּט האָט מען אים אויפן פעלד, ווען אַרויס איז ער פון דער תבואה. אַ נאַקעטן האָט מען אים געפירט איבער דער שטאָט. באָרוועס — צווישן קולות. אונטן אָפּגעדעקט פאַר דער זון — דער חותם פון זיין שטאַם, זיין בונד מיט גאָט. איינגעצויגן אים דעם האַלדז האָט אַ פאַרלייגטע קייט.

פון דעמאָלט אָן קלינגען אין אים אָפּ אירע רינגען. זיי שיטן זיך לויז. זיינע אויגן געבליבן זענען פאַרמאַכט; אַראָפּגעלאָזט ווי אַ וואַנט; אַ מחיצה וואָס האַלט איין הינטער זיך דעם נעכטן. גאָר נישט דאַרף זיך לעשן. אַ בלינדער גייט ער; די ערד אונטער אים — וואָס אַ מאָל נידעריקער. אַ פאַרעקשנטקייט לאָזט נישט איינ־זאַפּן דעם אַרום. ד״ה, די פאַרמאַכטקייט, באַלייכט עס אים דעם וועג.

נאָר פון צייט צו צייט צאַפּלען זיי אויף, די ברעמען זיינע. ער זעט אויף ווייט; ער האָט זי דאָרט געלאָזט אין תבואה, אסתרלען. זי וואַרט אין די שטויסן. וואָס אַ מאָל ווערט ער מער אַוועקגעפירט, דערווייטערט פון איר.

ווען מיר היפּערן פאַרביי דעם געטאָ, וואָס ליגט פאַר אונדז צעפּראַלט, ווערט ער אָנגעשפּאַנט, ש. די פלאַמען וואָס האָבן אין יענע טעג אַרומגענומען דעם געטאָ;

צעפלאָקערט אים העל, אָנגעפּילט מיט לויפנדיקע צונגען — קנאַקן איצט נישט מער. זיי האָבן זיך איינגעצויגן; אַלץ געלאָזט גאַנץ, ווי אָפּגעוויקלט. ער רייסט זיי אויף, ברייט, די בליקן; וויל זען, אַ נעפּל הייבט זיך, ווי אַ שוואָם, איבער די גאַסן, דעקט זיי איין. מען קאָן נישט דורכדרינגען די אינעווייניקייטן. ער וויל זיי אַוועקשאַרן, די זיילן, וואָס קנוילן זיך פון די דעכער. זיי צעפּליסן זיך אין אַ רויך. ווי פון תמיד וואָלט ער געוועזן אָנגעזאַמלט צווישן די ווענט — איצט האָבן די קוילן זיי דורכגעלעכערט. ריחות שפּרייטן זיך, גייען איבער די מויערן. אונטער זיי, אויפן וועג אין דער נידער, מיניעט זיך דורך — פון זייט צו זייט — ווי אַ שלייף. עפּעס איז פאַרביי. די אָטעמס ווערן אָפּגעהאַקט; די קעפּ — דינער און העכער, גענייגט אַריין. אַנטקעגן ווערט אויפגעבלאָזן אַ העמד. עס שפּרייט זיך, ווי פון אונטן וואָלט געקראָכן. די איינגעהאַלטנקייט ווערט נאָך שטילער. דער געהער דעקט זיך. ליידיקע שיך וואַלגערן זיך אין געטאָ, עס דעמפּן זיך אַוועק טריט. אויך די דייטשע וועכטער ווערן אויפגעשפּיצט. זייערע שטיוול — ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט; די אויערן־טרובעס, אויסגעליידיקטע — דעקן זיך איבער די קעפּ פון די גייער.

מיר זענען פאַרביי. טריט רוקן זיך פאַמעלעכע אַליין. עס בלייבן בלויז פּלייצעס, איינגעהערט. עס נעמען פרעמד אונדז אַרום די גויאישע גאַסן. מיר דערפילן פּלוצעם, אַז אונדזערע אָרעמס זענען נאַקעט, אָן דעם געטאָ־באַנד. ווי אַ רצועה איז ער פריער געווען איינגעדריקט אין אונדז. עמעצער וויל אָנכאַפּן זיך פאַר דער ליידיקייט. ער געדענקט, אַז מיר זענען שוין אויסגעשיידט פון אַלץ.

פאַר נאַכט, שפּעט נאָך דער אַרבעט, לויפט ער, ש., אין לאַגער — פון פּלויט צו פּלויט. זיינע חושים וויסן, אַז די נאָענטע זיינע, אַלע, האָבן פאַרטראָגן די ווינטן. די ווייטקייטן האָבן זיי פאַרשלונגען. נאָך זיי האָט זיך צוגעמאַכט. אויך זייערע פוסטריט ווערן וואָס אַ מאָל פאַרווישט. זיין גוף וויקלט זיך האַרט, וויל אויפשפּרינגען; אַרויסלאָזן אַן אויפברום. ער בלייבט איינגעשרומפּן אין חלל.

באַלד כאַפּט ער זיך, אַז קיין איין רגע טאָר ער נישט. אסתרל אין שטרוי וואַרט. ער קאָן פאַרשפּעטיקן. ווי מיט פּאַסן, בינדט אים דער דרויסן.

עס לויפן די שעהען, און ער ווערט מער פאַרקלעפּט. דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז ווען ער וועט קומען, וועט ער טרעפן אַ ווײַלע שוין נאָך אַלץ. די ליידיקע נאָרע זיין וועט איינגעליגן, וואַרעם. ווי ער זאָל וועלן אויסבייסן דעם געדאַנק, רייסט ער דעם שטערן, פאַרקנייטשט אים, שאָקלט זיך אָפּ. אויפוויינען איצט — איז אַן איבעררוקן זיך, דורכלאָזן אַלץ, בלייבן פון הינטן.

מיט אַ מאָל, ווי די שטומקייט קאָן מער זיך נישט איינהאַלטן, שפּאַרט ער אויף, דער לאַגער. פון אַלע זייטן בליצן בענקשאַפטן, גיסן זיך ווי שטראָמען — אַלע מאָל אין פרישע כוואַליעס; יאָגן כסדר אויף אין צעלאָזענע זיילן. הייבן זיך — איינע נאָך דער אַנדערער. פאַראייניקן זיך. די מענטשן אונטן, ווי אויף אַן אָפּגע־שיידטן אינדזל — אויסגעצויגן אַרויף. בריסטן זעצן, שפּאַרן פון זיך אַרויס די אויפגייענדיקע זיילן. זיי ווערן, די בענקשאַפטן, איין ים, וואָס וועלט זיך, שטייגט אויף בושנדיק. עס הערט זיך פון אונטן בלויז אַ פאַרדושונג פון קולות. זיך הייבנ־דיקע כוואַליעס דעקן איבער דעם לאַגער.

אויך ער פילט, אַז זיין גוף וויל אַרויף; צוזאַמענמישן זיך מיט אַלע; ווערן מיט זיי צו איינס. אויפשרייען; דורך אַלץ זיך דורכרייסן איבערן חלל.

נאָך דעם, פּלוצעם, בלייבן זיי אַראָפּגעפאַלן. די קרענצלעך — פונאַנדער־געשפּריט; יעדער מיט זיך. דער געוואַלד — פאַרקנוילט אינעווייניק. מען איילט זיך פאַרביי. גופים שטראָמען אין אַן אומאויפהערלעכן באַוועג. פריער, בעת אַלע זענען געווען, האָט מען נישט געוווסט, אַז דאָס איז אויף אַזוי קורץ. נאָר אַ רגע זיך אויסגעדרייט — געבליבן איז אַ תהום; די ערד אַרום — איבערגעבראָכן.

דער אָוונט רוקט זיך צוזאַמען, ווערט געדיכטער. די דרויסנדיקע פינצטערניש טרייבט אַריין, שליסט אָפּ. אַלע — אויף די בעטן. נישטאָ קיין אַרויס. עס רינגלען אַרום געקנאַלן, דערנענטערן זיך. אין די פענצטער לייכט אַריין. קריכסט אין זיך. קיינער דרייט זיך נישט אויף די געלעגערס. אָטעמס פאַלן איין. דו רייסט אויף די אויגן; האָסט מורא איינצודרימלען. קאָנסט זינקען אַראָפּ. ווי אַ פלעדערמויז ווילסטו ווערן איינס מיט דער נאַכט, זיך צוזאַמענגיסן. אָדער ווי אַ קרעט דורכגראָבן די ערד, פאַרקריכן אין איר.

די טיפנאַכטיקע קעלט קלאַמערט איין. די אויגן פאַרעקבערט אין דער גליווע־רונג. יעדע ווילע גיט דער בנין זיך אַ וואַקל. פּריטשעס הייבן זיך, פליסן אין דער שטילקייט. בעטלעך נעמען זיך ברעכן. פון אַלע זייטן ציען זיך פיס. הענט שטרעקן ווידער אַרויף. אין דער אויפגעלויכטנקייט — פון צייט צו צייט — דרייען זיי זיך אויבן ווי רעפלעקטאָרן, נישטערן די רוימען.

ער ליגט, ש. — דאָ איינגעקאָרטשעט, דאָ — אויסגעצויגן, מיט אָפענע אויגן. זיי זענען כסדר אָנגעשטעלט. ער זעט, לייבווייסקייט העלט מאַט אַרויף. דאָ וויל ער אויף אַ רגע נאָך, אויפכאַפּן זיין מאַמען, זיינע שוועסטער. פאַרשלונגען זענען זיי געוואָרן — צי צוזאַמען, צי באַזונדער; צי האָבן זיי געוווסט, אַז ער בלייבט ווייט — פון הינטן? אַ ליילעך, אַ ווינטיקס, האָט דורכגעבלאָזן; אַלץ פאַרמאַכט. די

יסורים, ווי אַ געשפּרייטע פלאַכטע, האָבן די אויגן פאַרשווענקט; אַ מיטאַמאָליקע פינצטערניש צעפלאָסן האָט דעם מוח זייערן.

ער האָט דערזען, זי ליגט איצט זיין שוועסטער, מרימל — אַרומגענומען פון אַ פרעמדער ערד, אַריינגעגאָסן אין דעם דויער. די ערד רוקט זיך אַוועק — אין איינעם מיט איר; אַן אַנדער תבואה־פעלד, אַ ברייטס — שווימט אויף, דערנענטערט זיך אַן אויפגעליכטיקטס. אין היי־סטויגעס ליגט אסתרל — נאָענט. איר גוף אָפּגעקערט. אַ שווייס מומיעט זי איין. ער וויל אַרויסשרייען פון די דנאָען. דער שווייס עסט אין איר זיך איין. די קלעפּיקייט טריקנט אין ריטשקעלעך. אַ רגע און אויך זי פאַרשווינדט. ער זוכט זי. איצט פאַרנעמט ער בלויז אַ טיק־טאַק, וואָס קלאַפּט שוין שוואַכער.

עס האָט אים אויפגעוואָרפן, ער ווייסט, אַז דאָס אַליאַרמירט דער דופק אירער. דער דופק פון מרימלס גוף האָט לאַנג שוין איינגעשטילט זיך. פאַרדושעט האָבן אים די ווינטן.

איצט האָבן זיי דאָ זיך צוריקגעכאַפּט, די רעפלעקטאָרן ביי די ליגנדיקע. אויבן האָט איין האַנט זיך באַרירט מיט דער צווייטער; אויפגעבריט די עקן. די שפּאַנונג עלעקטריזירט. די שטראַלן — אַראָפּגענייגטע. זיי בינדן — די אַראָפּגעפאַלענע הענט — ווי מיט שטריק. די שטילקייט גרייט זיך אויפצוברעכן.

ער ליגט און אומצאָליקע בילדער — פאַר זיינע אויגן: געווען איז דאָס מיט צוויי טעג צוריק. אין אַ פאַרנאַכט. ער איז דעמאָלט געטריבן געוואָרן צוריק אין לאַגער. אין דער צוגעפאַלענער טונקלקייט איז אים דורך דער ווילן צוצוקומען צו אסתרלען; זי דערפילן; אַרומנעמען זי מיט זיין הויך. געוווּסט האָט ער פון דעם לאַגער, דעם קליינעם, ווייט פון דאַנען, אין דער צווייטער זייט שטאָט. אפשר פון דאָרט וועט עפּענען זיך אַ וועג. ער מוז אַהין; דורכדרינגען אים — אָדער איצט, אָדער קיין מאָל נישט.

אין דער האַלב־טונקל איז ער געשפּרונגען, געבויגן —- פון שורה אין שורה; געהיפּערט ווי איבער רוקנדיקע זיך פאָרויס פלעטער. יעדע, הינטערשטע רייע — נידעריקער פון דער פאַר איר. ביסלעכווייז בלייבט ער קלענער. אַלץ פריער פאַרשטעלט. עס ווישט זיך אים פאַר די אויגן.

אין אַן עק גאַס, ווען אַלע האָבן זיך פאַרדרייט, פאַרקירעוועט — האָט ער געטראָפן זיך אַן אַראָפּגעלאָזטן. ער איז שטיין געבליבן, ווי אַן איינגעהאָרכטע זשאַבע — אויף אַלע פיר. זייערע טריט פליסן אָפּ. מיט איינגעקורטשעטע פּיס האָט ער געוואַרט. וואָס אַ מאָל מער — אַ ליידיקייט אַרום. ער בלייבט אין איר. עס שלאָגט

דורך אַ קעלט. די חושים אָנגעשפּיצט. אַ שמאָל געסל; פון ביידע זייטן — הייזער, ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געהיפּערט. די ערד אונטער אים — גרוי; שווין אָן זונפלעקן. זיין שאָטן זעט מען קוים. ער פירט אים, ער יאָגט זיך נאָך אים. זיין אָפּנקייט איז דין. ער פילט אָן דעם פאַרנאַכט. ער ווישט זיך פאַרביי איבער דער ערד — נישט ער, נאָר אַן אַראָפּגעפאַלענער פויגל. ער האָפּסלט אַן אויסגעצויגע־נער — אָן פיס, ווי אַ פלעק, אַ לאַנגער. נײַן, ער איז אַ פעלדמויז, אַרויסגעגעבן פון די קעלערן — שוואַרצער פון דער טונקלעניש. ער לויפט אין איר.

ווען עס איז געדיכטער געוואָרן דער דרויסן — איז ער שטיין געבליבן פאַר דער ברייט פון דער הויפּטגאַס. זי פליסט אַ באַלויכטענע. אַלץ אַרום אים, אויך דער ווינט, איז איינגעהאַלטן; עס טריקנט אים דער שטערן. די לופט הילט אים, פאַרפלאָנטערט. ער האָט געוואַרט. נאָך אַ רגע — קאָן ער זיין אַרומגערינגלט. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז אויב מען וועט דאָ אים גרייכן — וועט קיינער נישט וויסן — אויך נישט אסתרל.

ער האָט געוואָלט אַרויסשלעפּן די פיס, זיך צוריקציען איידער עס ווערט צו שפּעט; אויסמיידן זי, די שטאָט. דעם נאָכציענדיקן אָטעם אָפּהאַקן פון זיך. זייטיק רוקט ער זיך, ווי אַ צוריקגעשטופּטער פון פאָרנט. עס מיידן אים הייף, געסלעך. וועגן — שלעפּן. ער האַלט זיך אָן.

אין אַ מינוט אַרום, געדענקט ער, איז ער ווידער שטיין געבליבן. עס האָט אַנטקעגנגעשאַרכט, אויפגעלויכטן ווי ווידער — אין דער טונקלעניש אַריין; זיך צעפלאָסן — ווי צעפאַלן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דערנענטערט זיך צום טייך, צו דער סרעברנאַ. עס לייכט אַרויס פון איר. זונשטראַלן ציען זיך, ווי אויפגעע־גאַנגען. אויך ווען מען וועט אים דערזען פון יענער זייט — וועט די קאָרעטע פונאַנדערטיילן. עס פאַרלויפט, דאָס וואַסער — די פיס. ער גייט אַנטקעגן. ווען אַלץ האָט זיך צערוקט, איז ער געבליבן שטיין פאַר דעם שטאָטישן טייך. ער איז ווידער אַן אָפּגעדעקטער, פאַרהאַלטן. ער האָט געדענקט אין דעם בריקל. עֶרגעץ פירט עס אַריבער. ער איז געגאַנגען לענג־אויס דעם טייך. דאָס וואַסער אין דער זייט, רוקט זיך פאַמעלעך נאָך — דאָ פאָרויס, דאָ הינטער אים; עס שאָרעוועט אַראָפּ. אין דער איבערגעדרייטקייט — מיט פאַרמאַכטע אויגן; אַ ריזלעניש פון אַלע זייטן — אונטער די איבערגעצויגענע ווייסלען. ווי פון אונטער דער ערד — לייכט עס אַרויס. ליכטער, העל־פאַרכמאַרעטע גייען אויף. ער האָט געאײַלט. באַלד האָט ער דערזען, דאָס לאַנגע ברעט געשפּרייט איבער דער טיפקייט. עס רירט זיך אָן אין דער נאַסקייט. דער שטראָם ווייקט עס דורך. ער איז אַרויף איבער דער וואַקלדיקייט. זיין שאָטן האָט זיך גענומען שפּרייטן; אַראָפּ אונטערן וואַסער, געזונ־

קען. זיין קאָפּ מישט די טיפּעניש. אויבן אַרום די פיס זענען אים פאַרלייגט רעדלעך; עס וויקלען זיך אַנדערע; טונקעלע שטריק טוישן זיי, קווען אייין. זיין פּנים אונטן — צעגייט; צעשווימט. ער איז אַראָפּ פון בריקל — גלייך אַריין אין אַ שמאָל געסל, אַ לאַנגס. ער האָט זיך געשטרעקט אַנטקעגן, ווי מיט צוויי אָרעמס. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט. עס האָבן אים איבערגענומען הייזלעך, ווענט. ער שאַרט זיך טיף, צווישן זיי. יעדע זייטיקע פאַרטיפונג — פאַרהאַלט; ער שפּרייזט אויף די שפּיץ־פינגער. דער קאָפּ — געגייגט. הייף שלענגלען זיך, קריכן איינער אין אַנדערן.

ער האָט איצט געדענקט, ש., אַז ווען אין איינער אַ רגע האָט ער אויבן, פון הינטער אַ הייזל, אַרויסגעשטעקט דעם בליק — איז ער פּלוצעם געווען פאַרכאַפּט. פון אַנטקעגן נאָענט, האָבן אויגן אַרום אים זיך פאַרלייגט. מיט רויטע קרייזן קלאַמערן זיי אים איין, לאָזן אים נישט צוריק. ער שווימט ווי אין פונקען, צעגאָסענע.

ערשט ווען די אויגן האָבן זיך צוריקגעצויגן, נאָך אָנגעשטעלט אויף אים, האָט ער דערזען: עס האָט אים געהאַט איינגעראַמט אַ גרויס פּנים. עס קוקט אויף אים. עס הענגען פון עס אַראָפּ לאַנגע אויערינגען, רונדיקע. זיי באַמבלען זיך פוןביידע זייטן — גלאַנציקע. האָר, אויפגעטורעמטע, זענען פאַרלייגט אין צעלאָזטן בלאָנד. ער בלאַשקעט. אַ פּאָרע גייט אויף הויך, ווי פון אַ טאָפּ, אַ זידנדיקן.

ער האָט געוווּסט, אַז דאָס רוקט זיך צוריק אַ ציגיינערין, אַ יונגע. אויך זי ראַטעווועט זיך. געמיינט האָט זי, אַז ער איז אַן אויספּאַנגער. נישט עס טוישן זיך אירע קאָלירן, נאָר זי מאַניעט זיך דורך מיט זיי — אין פאַרשווינדן.

באַלד האָבן זיי זיך פאַרבייגעקרייציקט, ווי געיאָגטע, וועלכע מען שיסט נאָך ווייט. ביידע — צו ערשט מיט די פּנימער — איצט מיט די פּלייצעס צו זיך, די שלייפן פאַרנעמען פאַרביישווישטשן. די פאַרטויבונג קלאַמערט צו, לאָזט נישט רירן זיך. איר קאָפּ — אויף הינטער זיך. אויך זיין בליק פאַרזעצט אין איר נאַקן. ער קאָן אים נישט אָפּנייגן. ער הייבט זיך, איר נאַקן, ווי אַ שווערער, אָוועקרוקנ־דיקער זיך פעלדז. הינטער אים מיניען צעפּ, דיקע. אויך זיי — ווי מעש, געפאַרב־טער. עקן — געשפּאַנטע. דער פאַרנאַכט בלאָסט זי איין.

ווען ער איז צוגעקומען צום לאַגער, נאָענט, איז שוין געווען נאַכט, פינצטער. זיינע אויגן פאַרצויגן; די שוואַרצקייט גיסט זיך, פילט אים אָן. זי וואַקסט אין אים איין; קלאַמערט אַרום זיינע עלנבויגנס, דעם גוף. ער איז פאַרזעצט אין אַ ווייטער געדיכטקייט.

מיט צוויי טעג צוריק איז דאָס געווען. ער האָט דעמאָלט געמוזט גיין צוריק.

אויך דעם וועג האָט ער אויסגעטאַפּט מיט די פיס; נישט געזען די טריט. די ערד לויפט אים אַנטקעגן, און ער — ווי צוריקגערוקט. כסדר בלייבט ער הינטן. ער גייט פאָרויס, און אונטער אים לויפט איין. ער פעדערט זיך נישט. זיינע טריט שטעלן זיך נישט אַריבער. די שוואַרצקייט אַרום — שרימפּט איין.

ער געדענקט: דעמאָלט אין לויפּעניש, איז ער אַרויף אויף אַ פעלד. פון ווי־ווייט דרייט עס זיך איין. אַ רגע האָט די פינצטערניש שטאָליק אויפגעבליאַסקעט. הענט, אויסגעצויגענע — ווייזן. סטראַשידלעס, אָפּרייסנדיקע זיך — פאַרוויקלען אים — אַריין און אַרויס.

איצט אויפן געלעגער, דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ, איז אים קלאָר געווען, אַז מאָרגן וועט ער פּרוּוון פון דאָס ניי קומען אין דעם קליינעם לאַגער. ווען דער טאָג וועט נאָך שטיין הויך; זיינע אויגן־דעקלעך נאָך נישט פאַרקלאַפּט — וועט ער זיך לאָזן אין וועג. שפּעטער וועט ער גרייכן צו איר. ער מוז באַווייזן אין דער נאַכט, איידער עס דעקט זיך אָפּ. זי וואַרט.

אויף צו מאָרגנס, אין דעם צווייטן פאַרנאַכט, איז ער אַוועק פון דער אַרבעט נאָך פרי, פאַר דער לעצטער ליכטיקייט. ער האָט געשפּרייזט און געוווסט, אַז ווידער האָט ער געלאָזט הינטער זיך אַ טאָג. ער איז אַדורך אויף לער. פון אַלע זייטן וויקלט זיך די העלקייט. זי שפּרייט זיך פאַר די פיס — לויז ווי אַ נעפּל. ער גייט פון יענער זייט — ווייט, אין אַ תוהו ובוהו — אויסער דער בריאה.

עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, ווי ער האָט דערפילט, אַז ביי איר אין שטרוי איז דער טאָג נישט אַדורך לער. אַ גאַנץ לעבן האָט ער אויף איר געלויערט. איצט האָט ער זי געפּאַקט. ער האָט זיך באַוויזן, דער טאָג; זי אַראָפּגעשטויסן, געפּלאָט־שיקט, אויסגעקלאַפּט זי וואָס אַ מאָל דינער — ווי אַ פעל. ער וועט זי טרעפן, ש., אויף תמיד שוין אַ פאַרלייגטע איבער די עפּענונגען.

ער איז געלאָפן פאָרויס. מיט צוגעקאָוועטע טריט איז ער אַריבער דעם טייך. פון וואַסער ברומט. עס וואַרפט זיך טונקל אויף. עס פאַלט שווער. אַ ריח שפּרייט זיך אַלע מאָל אויפגעהעכערט ווי אַ נעפּל, אַ געדיכטער. עס בלאָזן קאַלטע ווינטן; נעמען דרעשטשנדיק דורך.

ער האָט איצט געוואָלט זיך אָפּהאַלטן; וואָס שפּעטער צוקומען צו דעם אָרט אירן; נישט טרעפן אים, דעם אַרום, אַן אָפּענעם, אַ געשפּרייטן — אַן אויסגעגלייכטן אויף ווי־ווייט.

ש. איז געצויגן צום קליינעם לאַגער צו. ער היפּערט איבער שטעגלעך; לאָזט נישט קיין טריט הינטער זיך. די פיס — נישט אַריינגעלאָזט. פון אַלע זייטן מיניען

פאַר אים דער ציגיינערינס צעפּ, געזונטע. זיי טרייבן אָפּ, ווי אַ ווידל — אויפגע־שטעלט — געשפּאַנט צו די אַרומיקייטן.

ווען ער איז אָנגעקומען, האָט ער נישט געדענקט, צי ער פאַרגייט באַלד, דער טאָג, אָדער האָט ער ערשט אויפגעשיינט; די זון גייט אויף.

דורך די דראָטן האָט ער זיך אַריינגעגנבעט. אויף ווי־ווייט זענען זיי געצויגן אין דער ברייט — ווי סטרונעס. זיין רוקן האָט געבויגן זיך אין צווישן. זיינע הענט, געשטרעקט — איבער זיי. ער האָט נישט געוווסט, צי ער קומט אַריין. ליגנדיק, האָט ער זיך איינגעהערט ווי זיין גוף שפּילט אויס די קולות. זיי רירן אויף, די דראָטן. יעדער באַוועג ברומט ווי פון אים אַרויס; צעשפּרייט זיך ציטעריק — מיט אַ לויף. זיינע אויערן פאַרנעמען דעם געזשום. ער עפנט און פאַרמאַכט זיך.

ער איז אַריבער. זיינע אויגן — איינגעשפּיזט אין דעם פאָרויס. זי ליגט אומעטום, די ערד, ביז זיינע פיס — אָן איינגעצויגענע; אַרום — רונדיק, איינגעדרייט אין זיך. ער זעט, שמאָלע בערגלעך, ווי געפאַלענע אויף די פנימער, קריכן. דער אַראָפּ איז פול. כסדר גייען זיי אויף און אָפּ, רוקן זיך איבער. זיי זענען פאַרטאָן.

ער איז געשטאַנען און געקוקט ביז ווי ווייט. געוווסט האָט ער, אַז עס איז בין השמשות. דאָס זענען די מענטשן — ערשט צוריק פון דער אַרבעט. זיי ווערן געבויגן ווי אַ ווייצנפעלד, זיי נישטערן זי איבער, די ערד. זיי שיטן זיך איבער ווי זאַמד־שטחים; פלאַכן אויף און שטייגן. אַרום איז אַלץ איינגעפאַלן, אַראָפּ.

ער האָט באַנומען, ש., אַז זיי דאָ זענען אין צווישן — צווישן די וואָס האָבן געלאָזט אַ הוילקייט נאָך זיך; אַוועק, און זענען מער נישטאָ, און — די וואָס דער תהום אונטער זיי לויפט איין; זיי בלייבן איבער אים, אָפּגעריסן.

אויך ער, ווי זיי, שטייט איצט צווישן מרימלען און אסתרן.

זי ליגט, אסתרל, אין קיינעמס רשות — אויסער דעם אַלעם. זי שלאָפט זיך אַרויס פון דער ערד. דאָס שטרוי גייט איין און אויף מיט איר.

ער האָט נישט געוווסט, צי דער רויש, וואָס רוקט זיך אָן אין דער נידער — איז ווי פון אַ ציפּערבלאַט, אַ באַוועגלעכן. ער דרייט זיך מיט זיי אַלע קיילעכיק — וואָס אַ מאָל בולטער — אַהער צו; שפּרייט זיך איבער דער ערד, אָדער — זיי קומען מער נישט מיטן ראָד. דאָס באַוועגן זיי זיך גאָר — פון אויבן אַראָפּ; דאָס ראָד מיט זיי רוישט ווי אַ ריזיקע וועבשטול איבערן פעלד. ער דויערט, דער דורכאייל. ווי אַ מילעכל מאָלט עס זיי איין. זיי פאַרשווינדן — צו ערשט מיט די פיס; דערנאָך — מיט זייערע הענט, געשפּרייטע. עס גרילצט אויף, דאָס זאַמד; עס קריצט יעדעס מאָל, ווי בערג גאַנצע צווישן ציין. דער נאָך ברענגט עס ווידער

זיי אויף; ווי אויסגעלייגטע ווייזערס ליגן זיי — האַלב־רונדיק — די פיס צום מיטן.

ער האָט געזען, זייער דרייען זיך דויערט; די אויגן־הייטלעך זייערע — יעדעס מאָל — שווערער. אויפן אָרט פון שוואַרצאַפּל — שווילט אָן אַן אָנוווקס. זייערע אָנגעדראָלענע ביינער אונטן — שניידן זיך איין מיט פאַרזעץ אינעם פעלד. די אַרומיקייט איז אָנגעפילט מיט זיי.

ער איז געשטאַנען אויבן; געוואָלט זיי דערקענען, רופן. זיינע הענט ווי פליגל — צענומען איבער זיי. די אויערן דעקן זיך פון דער הייך ווי טעלערס — צעוואָק־סענע. אומעטום גרייכט זייער איינגעהאָרכטקייט. אין דער שטילקייט, וואָס פאַר־הילט דעם פּלאַץ, איז זיין קול נישטאָ. ער האָט געוווסט, אַז יעדער מוז עס אָפּגעבן — איידער ער קומט אַהער.

ער האָט געפילט, אַז דאָס צאַפּט זיי, ליגנדיקע, אויס די צייט. אויך פון אים שעפּט זי. ער בלייבט אָן מאַכט. עס האָט אים אַרומגענומען אַ ווילן צו אַנטרינען פון דאַנען — איידער זיינע פיס זינקען. ער מוז זיי אויסוואָרצלען. אַנדערש, וועלן זיי שלעפּן אים אַראָפּ.

עס האָט מיט אַ מאָל אים געדאַכט, אַז ערשט איצט דערזעט ער דאָס פעלד. עס גייט דאָ אָן אַ גערשאַנגל. זיי, די אַרויפגעקומענע — ווילן געהערן צו די בלייבנדיקע. זיי זענען אָפּגעדעקט; זיי אָטעמען. זיי ווילן אים דרייען, דעם ראָד — פּאַמעלעכער, בלייבן זאָל ער אין דרויסן; זיי שטעקן פיס — אין זיינע ציין. זיי הוידלען זיך אַהין און צוריק — ווי אויף אַ רונדיקער קאַרוזעלע, אַ נידעריקער.

שפּעטער איז ער געווען אַן עדות, ווי דער טאָג אַרום און אַרום ציט זיך איין; די הימלען לאָזן נידעריקער זיך אַראָפּ, און די ערד דערלאַנגט זיך; די וואָלקנבברוכן ווערן איינגעשטילט. אין דער מילדקייט וואָס האָט אויף ווי־ווייט ראָז אַרומגענומען די איינגעפּלאַטשיקטע לופט, אין צווישן — איז אים געווען קלאָר, אַז אַזוי מוז אויסזען אויך דאָרט, ווען עס נעמט זיי אַריין דער איבערגאַנג — אין דעם לעצטן ככלות הכל. די ערד דערלאַנגט זיך אַלץ מיט זיי. אויך דאָ איז עס בראשיתדיק. דאָס ליכט אין דער שמאָלקייט, צווישן הימל און ערד, וועט באַלד אַרויספּלאַצן. ווי אומצאָליקע וואַסערפאַלן — צעגיסן זיך פון אַלע זייטן. אַ לויטערע פליסיקייט וועט שמירן זייערע פּנימער; וואַשן זיי — ווי אַ רעגן.

עס איז אים באַפאַלן אַ גליוווער. ער קאָן פון אָרט זיך נישט רירן. ער האָט געוווסט, אַז די מינוטן געהערן שוין צום אַריבער, צו יענער זייט. עס טאָר פון זיי קיין עדות נישט זיין. גאָר נישט מעג דאָ אָטעמען. זיין זיין איז אַ יש. עס פּילט זיך זיין בולטקייט. אין זייער אַרויסגעהויבנקייט, האָט ער געזען, ווערן איצט זייערע

אויגן־דעקלעך — דינער, דורכזעאיקער. פון אונטער זייערע לאַנגע הויט־שפּעלטלעך — שפּיגלען זיך דורך בלוילעך שוואַרצאַפּלען. באַלד וועלן זיי זיך דורכפּיקן. אין זייער בולטקייט — ווי עס וואָלט ווער זיי אויסגעוויקלט — אַראָפּגעצויגן העמדלעך.

און דאָ האָט ש. געזען: אין דער אויסגעטיילטקייט טראָגן זיי אויך אים זיך אונטער. פון אונטער זייער הויט נעמט זיך דורכשלאָגן אַ צערויטלטקייט. פּנימער טיילן זיך אויס; ווילן אים זיך פאַרבייגליטשן. זייער האַלדז געשפּאַנט. ער זעט די ערשטע נאַקנס ווייזן זיך שוין, זיי זענען נאָענט. אויך זיין קאַרק, געשטרעקט, ווערט פאַרהאַרטעוועט. אַנדערע רוקן זיך אונטער. זיין קאָפּ — אָנגעצויגן, ווי אַ בויגן. ער וויל זיי דערכאַפּן. וואָס אַ מאָל גייען זיי אייך, נידערן. ער זעט בלויז זייערע פאַרזינקנדיקע שיידלעך.

פּלוצעם האָט אים זיך אַ פאַרמיש געגעבן: עס ווייעט אויף. צווישן די וואָס דערלאַנגען זיך אַלץ אַרויף — וויקלען זיך אָפּ — האָט אים געדאַכט צו זען אַ פּנים, וואָס עפּנט זיך צו אים. עס האַלט זיך אויף, וויל נישט אַוועק; לענגלעכע באַקן, ווייסלעכע; אויגן — נאָך פאַרקלעפּט, ווי אַריבערגעוואַקסן; ווייעס — פאַרצויגן איבער דער אַפּלען־געבערגלטקייט. בולט הייבן זיך די פאַרדעקנדיקע הייטלעך. אַ פאָרהאַנג פון טונקל־גאָלדיקע הערעלעך ציט זיי אַריבער. זיי גרייכן — ווי צו אים. זיי ווילן זיך אויפרייסן, די אויגן, און — קאָנען נישט.

ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט געוווסט אויף זיכער, אַז דאָס גיט צו אים סימנים, רופט צו אים, קלמן. אַ רגע האָט ער געוואָלט זיך אַ וואַרף טאָן, פאַרהאַלטן דאָס ראָד. עס איז קלאָר געווען: קלמן איז דער וואָס פירט צו אַלע זיינע נאָענטע — אין זיי זיך אָנצוכאַפּן.

ער האָט געדענקט, אַז ער, קלמן — איז דער לעצטער וואָס מרימל איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אים; דער אייציקער, וואָס איר פעלן בלייבט אין אים. דאָס איז זי ביז איצט פאַרמאַכט אונטער זיינע אויגן. ער קאָן זיי, קלמן, נישט עפענען.

ער האָט זיך דערמאָנט: ערשט נעכטן אין די געטאָ־פאַרנאַכטן איז דאָס געווען. ער פלעגט, קלמן, אַריינקומען צו זיי. אין דער טונקל־ווערנדיקער שנייאיקייט, ווי ערב אַ דויערנדיקער פינצטערניש, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ — האָט ער זיך געשאַרט, געמישט די סטעזשקעס. אַרום איז אַלץ געזונקען אין דער פאַרשיטקייט. פון די גאַסן, נידערנדיקע אַראָפּ, האָבן ווי דאַשקעס, זיך אַרויסגעזען — בלויז די דעכער. פון די קוימענס, ווי ליכט, ווייסע, אַרויס גלייך פונעם שניי — זענען בייגעוודיק זיך צעקראָכן רויכלעך; אַרום די פיס זיך געוויקלט ווי פליסנדיקע טיולען. אין

דער טאָפּטשענדיקייט האָט ער אויסגעזען, קלמן, ווי אַ גרינער לולב, אַ שמאָלער, וואָס באַוועגט זיך פריש. זיינע הענט — צוזאַמענגעלייגט פאָרנט.

די רגע לעשט זיך. ער האָט איצט נישט געוווסט, ש., פאַר וואָס ער געדענקט דעם ווינטער, נישט דעם זומער. אין געטאָ האָט אַלץ דעמאָלט זיך איבערגעקערט. די מענטשן — ווי אָן אַ דנאָ. אין די נעכט, אויף די הייף, האָט מען נישט געהערט קיין קול. מען האָט געוואָלט זיך צוזאַמענטוליען, נאָר דער זומער אין דער מיט האָט אָפּגעהאַלטן.

ער געדענקט: תמיד, ווען קלמן איז אַריינגעקומען, איז נאָר וואָס געהאַט צוגע־פאַלן דער אָוונט. אַ טונקלקייט האָט אַרומגענומען. אַלע מיט אים זענען געזעסן אַרום טיש. פון די ווינקלען געוויקלט האָט זיך אַ וואַרעמקייט. די ווענט — צוזאַמענ־געזרוקט ווייך. נאָר זיי, קלמן און מרימל, האָבן געשוויגן. ווי איינגעהערט אין דעם גאַנג פון זייערע פולסן; פאַרנומען אים — וואָס אַ מאָל מער. לאַנגע שעהען האָט דאָס זיך געצויגן. געמיינט האָבן זיי, אַז דאָס קלאַפּט זיי דער ווינטער אַריין אין דעם דויערנדיקן מאַרגן.

אַ רגע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אויך ער, קלמן, איז אין דער מיט. ער שטייט צווישן אים און מרימלען. ער פאַרקניפּט זיי. פון ביידע זייטן דאָנזשען זיי צו איר.

שפּעטער, ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט ער זיך געטראָפן אָן אַרויס־געיאָגטן פון לאַגער. הינטער אים — אַ גייעריי פון שאָטנס; זיי וויקלען זיך איינער אין אַנדערן. פון אויבן פאַלן ליכטפונקען; בליצן אַראָפּ מיט רויטע רעגנס. פון ווי הויך ציען זיי זיך אויסגעצויגן צום פעלד.

ער האָט איצט געוווסט, אַז אין דער כוואַליע וואָס בושעוועט אַרום, פאַרצערט דעם חלל — זענען זיי, אין לאַגער, די איינציקע אונטער הסתר־פּנים. אַ בלייערנע דעק לאָזט איבער זיי זיך אַראָפּ. זיי זאַמלען זיך איין מיט דער בענקשאַפט. זיי זענען, די לאַגערן, די לעצטע אינדזלען זייערע איבער דער ערד.

ער איז צוריקגעגאַנגען. וואָס ווייטער ציט זיך די פינצטערניש. די ערד טרעשט־שעט. גאָר נישט גיט זיך אונטער. אַ שווערקייט פילט אָן די פיס. נישטאָ קיין אָרט אויסצושפּרייטן זיך, בלייבן אַליין מיט זיין בענקשאַפט, ווי מיט אַ פויגל אין זיך.

שפּעטער איז אַרויסגעקומען די לבנה. זי גייט נאָך. אַ באַלויכטנקייט, ווי אַ זילבערלאָמפּ — רינגלט אים אַרום, שליסט איין. ער איז געפאַנגען אין אַ ליכטקרייז. אַרום אירע זוימען — די פינצטערניש. זיינע הענט טאַפּן בליינד אַרויס פון די

ברעגן. דאָס ליכטראָד איילט אים פאַר די פיס, פאַרכאַפּט פאָרויס דעם וועג. ער לויפט, ווי שטיינער וועלן באַלד פאַלן, שיטן זיך אַרום.

אויך ווען די לבנה פאַרשווינדט, זיינע אויגן עקבערן זיך איין — שטעלט ער די טריט. עס צינדט און לעשט זיך אין אים אַ גליוואָרעם. ער סיגנאַליזירט ווייט. פון אומעטום איבער דער ערד אַנטקעגן — רוקן זיך אויגן. ער וויל איבערוואָרטן, איינשלינגען זיך אין אַ ווינקל. אַלץ שאַרט זיך אַוועק. פון הינטער פלויטן שטרעקן זיך הענט. ווי רימענס, וועלן זיי באַלד איינפעסטיקן זיינע אָרעמס. ער קאָן זי, זיין שטאָט, יעדע פאַרבאָרגעניש אין איר. גאָרנישט וויל אים אַריינגעמען. ער גייט אַ רבים — נישט קיין יחיד. זיין זרע גליוועריט, טריקנט איין.

ווען ער איז לסוף אַריין אין לאַגער, איז ער גלייך פאַרשוונדן אין דער שמאָל־קייט פון זיין בעטל. זי האָט אים אַריינגענומען. ווי אַ פיש האָט ער געזוכט טיפעניש. זיין גוף האָט אָפּגעציטערט, געדריגעט. ער קאָן אים נישט איינהאַלטן. עפּעס וויל אַרויס פון אים, זיין ווייטער. קלמן פאַרווישט איצט זיך — ווי אַ פלעק.

ער האָט געשפּירט ווייטיקלעך, אַז זינט דעם בלייבן אַליין, וויקלט ער זיך אינע־ווייניק אָפּ, ווי רצועות — פּאָס נאָך פּאָס ; אַלע מאָל פאַרלירט ער נאָך עמעצן. זיי ווערן כסדר ווייניקער, ווי זשעברעס — אין דעם רוקן אַרום און אַרום.

ער האָט מיטן גאַנצן לייב און לעבן געוווּסט, אַז גאָר נישט מער וועט שיידן צווישן זיי, צווישן אים און קלמנען. ער מוז רעדן מיט אים ; איבעררייסן צווישן זיי דאָס שווייגן. ער מוז, קלמן, אַרויסברענגען איר נאָמען ; זאָגן אים מיט די ליפּן. ביידע וועלן זיי אים הערן. אויף תמיד שוין — אָן איבעררייס — וועלן זיי בלייבן צוזאַמען.

פּלוצעם האָט ער אין דער נאַכט־פינצטערניש באַשיימפּערלעך געזען, אַז דאָס ציט זיך, קלמן, צו זיין בעטל. ווי אַ דינער פּאַס, דרינגט אַהער דורך זיינס אַ ליכטטונעל, אַ קיילעכיקער. ער קוקט דורך אים. ער נייגט אים. ער זוכט פון אַלע זייטן.

ער האָט זיך געכאַפּט אַז דאָס באַוועגן פון אַלע זייטן זיך ליכטער, גייען אויף אין דער נאַכט, פון אַלע לאַגערן ; פון אומעטום לעכערן זיי דורך די פינצטערניש ; זיי נישטערן, בייגן די אַרומען. ווי אין חושך־מצרים, וואַרפן זיי די שטראַלן. די פינצטערניש אַרום וויקלט זיי איין, דעקט זיי — די ליכט־אַרטעריעס.

ער איז איצט געלעגן, ש., און פאַרנומען דעם דינעם שטראַל, וואָס קוקט אים אַריין אין די אויגן, צעלאָזט אים די שוואַרצאַפּלען. ער סיגנאַליזירט, לעשט און צינדט זיך.

ער האָט נישט געקאָנט איינרוען. ער האָט געוווּסט, אַז מאָרגן אין דער פרי,

באַלד קאַיאָר, ווען מען וועט נאָר אַרויסשיילן זיי פון די בעטלעך, ווי פון בעקנס; פירן זיי צו דער אַרבעט — וועט ער שטעלן זיך צום סוף, אין דער לעצטער שורה. ער וועט נישט וואַרטן אויף פאָר נאַכט. גלייך אין וועג אַהין וועט ער אַרויסגליטשן זיך, אָפּפאַלן. מיט איין מאָל, ווי אַ ווינט. וועט ער אַדורך דעם צווישן. קומען וועט ער אין דעם קליינעם לאַגער — נאָך איידער עס ווערט דאָרט ליידיק, איידער מען וועט זיי אַרויספירן. ער ווייסט, ער וואַרט דאָרט אויף אים. זיי וועלן בלייבן צוזאַמען אַ גאַנצן טאָג. ביידע וועלן זיי זיך אָפּזונדערן, זיי וועלן זיך אַרומנעמען — צוויי האַלב־קיילעכיקייטן — אַרום דער הוילקייט. זיין וועט זי אין דער מיט.

ווען ער איז אויף צו מאָרגנס געקומען, זענען זיי שוין געהאַט אַוועק פון לאַגער. דער פּלאַץ — ליידיק, ווי אַלע פּיס — נאָר וואָס פון זיך אָפּגעוואָרפן. איינער אַליין, מיט פאַרזיכטיקע טריט, איז ער געטראָטן אין דער מיט — זיינע וויעס געבויגן — היפּערנדיק פאַרויס איבער דער בידעריקער העלקייט, וואָס גייט אויף. זיין גוף — נאָך. ווי אַן אַ שיעור ליכט וואָלט זיי אויפגעריסן, זיינע אויגן — זעען זיי אויף ווי ווייט. אומעטום — געשפּרייט אַ גלאַטע זוניקייט, אַ גרויע. זי קומט פון דער ערד אַרויס. זיין בליק גליטשט זיך איבערן זאַמד, און — ער קומט נאָך. מען זעט, אַז ביי נאַכט האָט דאָ זיך געטאָן. איצט איז איינגעשטילט. ער גייט איבער דעם. די ערד אָטעמט נאָך יעדן טריט זיינעם. ווי אַנדערע באַהאַלטן אין אים — פילט ער אַליין זיין שווערקייט. ווען ער איז אַראָפּגעלאָזט, בידעריק — זעט מען אים נישט. די דראָטן, וואָס רינגלען אַרום, ווערן פאַרהעלט. אויפגעליכטיקט זענען זיי ווי פאַסן אַרום דעם זיך אַראָפּלאָזנדיקן הימל. פון צייט צו צייט לויפן איבער זיי ברומען לאַנגע; לאָזן נאָך זיך אַן עכאָ, וואָס אַלאַרמירט־אויף דעם אַרום.

ער האָט נישט געוואָלט פאַרבלענדט ווערן אין דעם עכאָ. זיין גרין העמדל זעט אויס אַ פלעק אין דער אַנטקעגנדיקער צעלאָזטקייט. אויף ווי ווייט פלאַטערט עס אין דעם אַרום. זיך צוריקצוציען, האָט ער פאַרנומען זיך אין דער זייט, צווישן די באַראַקן. פון ביידע זייטן ציען זיי זיך שמאָל, קאַנטיק — מיט פענצטער און טירן. זיין גרינקייט פאַרלירט זיך אין זייער אָפּגלאַנץ. זיין שאָטן גיסט בלאָס זיך צונויף מיט זייערן. די פענצטער פאַרשטעלט אַ מאַטקייט, בלאַנקט טעמפּ אין די אויגן. די הענטלעך איבער די טירן, זייער מעטאַלענע ווייסקייט — געשפּאַנט. זיי נעמען אים אַריין, ווי האָקעס, צווישן זיך; איינע גיט אים איבער די צווייטע. זיין בליק שניידט ווייך די נאַכגיביקייט פאַר זיך. זי ציט זיך ביזן ראַנד. איין טיר, רעכטס, איז אָפן אינעווייניק אַריין. אַ ווינקלדיקע לערקייט. שטראַלן ציען זיך ווי לייסטן.

ער גייט אַנטקעגן די צעשפּרייטקייט, די לאַנגע, צווישן די באַראַקן. זי ציט זיך, אַ שמאָלעכע, אַ דורכזעאיקע — אָן אַ דנאָ, ביזן סוף.

מיט אַ מאָל האָבן זיינע אויגן זיך פאַרהאַלטן אַנטקעגן אין שטעג. אַ שוואַרצ־לעכער פלעק. די גלאַטיקייט רירט אויף. עס אָטעמט נידעריק. אַ פּינטעלע וואָס באַוועגט דעם אַרום. ער האָט זיין בליק אָנגעשטעלט אויף דעם אָרט. ווי אין אַ לאַרנעטע, אים פאַרמאַכט אַרום דער איינגעשלאָסנקייט. אַ פלייצע, אָנגערוקט — פּילט וואָס אַ מאָל מער אָן די ראַם, פאַרשטעלט די רונדיקייט. צווישן צוויי באַראַקן, אין דעם אָפּגעלעגענעם ווינקל, איז זי פאַרשטאָפּט, די צעעפנקייט. ווען ער איז צוגעקומען, האָט דאָרט זיך אויסגעטיילט אַ מענטש. זיינע פיס — פון אונטן פאַרלייגט. ער זיצט אויף זיי. ער האָט דערקענט קלמנען.

ער האָט געוואָלט צו צו אים, און — זיך געכאַפּט, אַז דער אויגנבליק איז אַדורך. ער זיצט, קלמן, איבערגעבויגן. זיין אייבערשטער האַלבער גוף — ווי אַ דעכל אַראָפּגענייגט. אויך די אויגן, פון ביידע זייטן — פאַרמרוזשעט. זיין שאָטן וואַכט, אַ פאַרצויגענער. אַרום אים גליווערט די צייט.

ער האָט זי געוואָלט איבעררייסן, די לופט; שטעקן אין איר די האַנט; אַרויפ־לייגן זי אויף אים. ער האָט געוווּסט, אַז ער קאָן נישט. אונטער אים, אין דער ברייט, ליגט אַ מיידל — אַ מרחק צווישן זיי, אַ חלל. ער קומט זיך נישט צוזאַמען. אויך זייערע אָטעמס, ווי אָפּגעהאַקט — קרייזן נישט אין דער מיט. זי ליגט אָן אויסגעצויגענע — איר לענג אַרויף. אָפּגעטיילט איז זי. איר הויט, אַ גרוי געוואַ־רענע — שפּרייט זיך ווי אַ צודעק. אונטער איר לויפט דורך אַ געברום. זיין בליק — שוועך־פאַרזעצט אין איר.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז איר האַנט איז געשטרעקט איבער זיינער. ווי דורך צוויי זיך־פאַראייניקנדיקע רערלעך — פליסט אַ שטראָם פון אים. ער קלאַפּט דורך די פולסן. ער גיסט, קלמן, זיך איבער. זי זייגט זי, די קוועלונג.

גיך האָט ער דערקענט, אַז דאָס איז מלכהלע. ער האָט געדענקט, איידער נאָך ער איז אַריינגעגאַנגען צו זיי — פלעגט ער קומען צו אירע עלטערן. שעהען פלעגט ער דאָרט זיצן. זי איז געווען נאָך דעמאָלט אַ קינד, פאַרן אויפגיין. איר הויט — אָנגעצויגן — דין־בלוילעך, ווי פאַר אָן אַרויסברעכן זיך. ער האָט פאַרשטאַנען: ער איז, קלמן, געווען אַן עדות פון די אויפרוישן וואָס האָבן געוויקלט זיך אין איר, אין איר געגעסטיקט.

ש. האָט געוואָלט זיך צוריקציען. ער קאָן נישט. עס ליגט פאַר אים אַ בלאַנדע פרוי; איר גוף אויפגעגאַנגען צייטיק — ווי אָנגעפילט, אין די לעצטע טעג. די

ליפּן אָפּן — מיט אַ געריזל. די גלאַטיקע ערד אונטער איר טרעשטשעט, ווי אַריינגעוואַקסן אונטער זיך. אַ ווייס־זילבערדיקע שוים, אַ שאַרפע — בלאַנקט אין דער זון. זי איז צעשפּרייט אַרום, דין־איינגליווערנדיק ווי ראָסע.

פּלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין אייגענער צוגעבונדנקייט צו אסתרלען. זי איז נישט אָפּצוטיילן. פון טאָג צו טאָג איז זי, די צוגעבונדנקייט, אויפגעגאַנגען אין געטאָ. כסדר האָבן זיי מיט איר זיך אַרומגעטראָגן צווישן די מויערן; נישט געקאָנט צוקומען צו זיך. איצט, ווען זי האָט גענומען זיך צעפּענען — האָט אַ האַנט זיי צעשיידט; לאָזט זיי איינעם צום אַנדערן נישט צוקומען. די ליבשאַפט וועט צערינען. דער חלל ברייטערט זיך אויס. מען קאָן איבער אים נישט אַריבער.

עס איז אים אויף ס׳ניי באַפאַלן אַ שווערקייט. ער קאָן זיי נישט בייגן, די איברים. זיי זענען פאַרהאַמערט; אונטן אַריינגעלאָזט. ער האָט געוווּסט, ער מוז נאָך לויפן ווייט. ער טאָר נישט אָפּשטיין.

ווי ער וואָלט דערפילט, קלמן, האָבן זיינע בליקן אויפגעגלאָצט; זיין גוף — אַן אָנגעפילטער מיט שפּאַנונג; אַ בלענדיקייט — ווי אונטער דער באַלייכטונג פון נאָך אַ שיין. אַ שאָטן קרייציקט זיך דורך. ער האָט זיך נאָך נישט געכאַפּט צי עמעצער שטייט איבער אים. ער פילט בלויז, אַ טונקלקייט גרייכט אין די אָדערן; דאָס ליכט פאָר די אויגן טיילט זיך אויף שפּליטערן. ער האָט גענומען זיך אויפּ־שטעלן. זיין געשטאַלט — ווי העכער, ווי מיט די ווייסלען אינעווייניק אַריין. ער זעט דורך דאָרט. זיי אַלע זעען — ווי דורך די אונטערשטע שיכטן. זיי ציען זיך אומענדלעך.

אויך מלכהלע האָט גענומען זיך וועקן; איר גוף — וואַכיק, ווי עפּעס פון איר ווערט אָפּגעריסן. אירע אויגן־דעקלעך, ווי זיי וואָלטן זיך געקנייטשט — זיי ווערן לויז. די גרויקייט ציט זיך צוריק, לויפט איין. די בלייכקייט, ווי אַן אונטערשטע שיכט — ווערט אָפּגעדעקט, פאַרשפּרייט זיך — איבערן גוף, דעם גאַנצן.

ש. האָט געזען, אַז קיינער טאָר נישט זיין דערביי. ער האָט געוואָלט פאַרשטעלן דאָס פּנים. די רגע איז איינגעהאַלטן. אַלץ אַרום דרייט זיך אָפּ. זי איז די רגע פון זיי אַלע אין די ווייטקייטן.

נאָך אַ ווײַלע האָט ער, קלמן, זיך צוריקגעזעצט אויפן אייגענעם אָרט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. ער קניט. זי האָט אויף ס׳ניי געלייגט איבער אים איר האַנט, זי באַהאַפטן אין זיינער. ווידער גיט זיך אונטער זיין געלענק דעם איבעררויש; לאָזט דעם איבערלויף זיך שפּרייטן; זיינע אָדערן — אַריינקלאַפּן אין אירע.

אויך ש. האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער צווייטער זייט. ער האָט פאַרלייגט די הענט אַרום זיינע קני, ווי אויך ער וויל אים אויפנעמען, דעם געפּליסטער. ער האָט

געוווסט, מיט אַ מאָל, אַז דאָס רוישט ער, קלמן, זיך נישט אַריין אין איר. דאָס שלאָגט גאָר זיך אין אים — איר אינעווייניקסטער אָפּהילך. דורך איר ציען זיי זיך, די ווייטקייטן; זיי האַקן זיך נישט אָפּ. ער דויערט דער פאַרבונד. ער איז אין אים באַהאַפטן.

ש. האָט אַ ווײַלע געוואָלט אויסשטרעקן די האַנט; זי צולייגן צום קאָפּ זײַנעם. זי איז געלעגן, ווי אַ בוים, אַן אָפּגעזעגטער, וואָס עפּנט זיך. אַלע דריי ווערן זיי צו אַ קוסט, וואָס אונטער אים איז ליידיק. באַלד וועט ער זיך צעפּלאַקערן, דורכגליען. בלייבן וועט בלויז זיין דורכזעיקע צעצערונג. אַלץ ווייטער — סנאָפּעס שוין — צעלויכטענער שטויב.

זיי זענען געזעסןביידע, און אין דער מיט — זי, מלכּהלע, אויסגעצויגן; דאָס קלייד — ווי איינגעקלעפּט אין איר הויט. אין דער לופט, ווי ווייט — אַ זוניקע פּייכטקייט, אַ געלבלעכע, וואָס גייט אויף, שפּרייט זיך ווייט. גאַרנישט רוישט אָפּ. קיין עכאָ דערטראָגט זיך נישט. אויך זיי ווערן בלייכער און ווי איינגעגאַנגען אין דעם אַרום.

# דער רעגן-בויגן

דאָס איז געווען אויף צו מאָרגנס. דער געבליבענער האָט אין זיין געלויף פון טאָלן, אין זיין אייליקן באַרג אַרויף און אַראָפּ איבער וועגן — פּלוצעם זיך געטראָפן אַ פאַרהאַלטענעם פּאָר אַ שלאַבאַן. דער שטאַנג האָט ברייט געלייגט זיך אים פאַרן האַלדז; זיין גאָמבע איבער אים אַנגעלענט.

אַרום איז געווען ליידיק. ווייט הינטער זיך האָט ער געלאָזט די פעלדער אַש. פאַרגיפטיקטע, ציען זיי זיך איבער אומענדלעכע שטחים; די ווייסע בערגלעך — קראַנק־אַנגעבלאַזן, אויפגעשוואָלן, געלעכערט ווי פון פּאָקן; ווייך — אַריינצו־שטעקן אין זיי אַ פינגער. די בלוי־דורכזיכטיקע פלאַמען האָבן מיט עטלעכע טעג פריער זיך געלאָשן. געלייגט זייערע צונגען זיי צופוסנס; אויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט די רעשטלעך אָטעם פון די לעצט־געפירטע אַהער. זייערע וואַרעמע לייבער קילן זיך; פאַרפלאָטשיקטע פאַלן זיי איין, ווערן צו אַש. ער האָט געוווסט, אין דעם גרוי־שוואַרצן פּולווערדיקן אַנגעשיט, קאַנטיקט זיך נאָך דער צעגאַנגענער, באַבאַרדיקטער קאָפּ פון זיין טאַטן; פון צווישן די פאַרווייסטע קופּקעלעך קוקט אַרויס דאָס אויג פון זיין שוועסטערל. אין די פאַרשיטעכצן טליעט זייער פאַר־גליווער. זייער איינגעשטילטקייט פאַרדעקט, ווי אַ שלייער — דער לעצטער געדיכט־איינגעפאַלענער רויך, וואָס ציט זיך אויבן. דאָס קראַנקע פעלד אָטעמט פון זיך אַרויס די שטויבן פון פאַרברענטן סדום און עמורה. ער האָט זיך געכאַפּט, דאָרט האָט גאָט פאַרברענט די זינדיקע פון איבער דער ערד; דאָ האָבן זיי, די זינדיקע, פאַרברענט גאָט, אָפּגעזונגט זיינע פליגל. זיי סמאַליען זיך איצט, גע־שפּרייט איבערן גאַנצן טאָל. זייער לוילעכער גערוך הייבט זיך, מיט אַ דורכזיכטיק־זיסלעכער כמאַרע, שיכט איבער שיכט. ווער איינאָטעמען עס וועט דעם געשטויב — לויפן אַזוי וועט אַ לעבנלאַנג, אַן אָנגעשטעקטער, איבער די שטעט. דאָס אַש אַרויסקוקן וועט אים בלוילעך פון די אויגן. ביז איצט לויפט ער אַזוי, דער געבלי־בענער, צווישן די אַנדערע, אין פּחד פאַר די כמאַרעס, וואָס איילן, ווי וואַלקענעס,

זיי נאָך. אין דעם לופטיקן געלויף, אָן פּיס, טראָגט ער פאַרויס נאָר זיין אייגענע נאַפּלשנור — אָן אָפּגעזעגנטע, זיך רויכערנדיקע, אָן אַרויסגעשלעפּטע פון די קראַנק־ווייסע בערגלעך. ער האָט געדענקט, אַז פון הינטן איז זי אים נאָך באַהאַפטן צו די זיך סמאַליענדיקע אין דער טיף קופּקעלעך. דאָס האַלט זי אים צוגעבונדן צו זיי. ביין, בישט קיין שלאַבאַן־שטאַנג איז אים געשפּרייט אונטער דער גאָמבע. דאָס האָט פּלוצעם פאַרן האַלדז אים זיך געגעבן אַ פאַרלייג, אָן איינגעשטייפּטע, ווי אַ דראָט, די נאַפּלשנור זיינע. באַלד וועט זי, אַ געשפּאַנטע, שלענגלדיק, אים ציען אויף צוריק.

דער געבליבענער האָט דערשפּירט, אַ בהלה ציט אים איין דעם גוף. די קני זענען אים שטייף, אָנגעפּילט מיט פּולווער. די צונג אין דרויסן, אַרויסגעבלעקעט, ווי ביי אַן אָנגעשטעקטן הונט. פאַרן האַלדז איז ער געבונדן אויף אַ לאַנגער קייט. ער רייסט זיך נישט אויף פאַרויס. פון דער וויטן ציט אים עמעצער צוריק אַהין, אין די איינפאַלנדיקע אונטער זיך בערגלעך. די נאַפּלשנור, פאַרטשעפּעט דאָרט אין די טיפקייטן פון די אָשפּעלדער — גרייכט אים ביז אַהער, אַ צוגעוואַקסענע צו זיין צערויכערטן בויך. די אָנגעלאָדענע פּיס ברעכן זיך אונטער אים. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד; איז מיט שטייפע פּיס געבליבן זיצן אונטער זיך.

באַלד האָבן לעבן אים זיך געזעצט אויך די אַנדערע, צוזאַמען מיט אים אַנטרונענע אַהער פון די ווייסלעכע פעלדער. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט ווי טשאַ־טעס העלע פייגל. אָט האָבן זיי זיך אַרויסגעהויבן פון די ווייך־אָנגעבלאָזענע אַשן, זענען אויפגעגאַנגען פון צווישן די פּולכנע בערגלעך, ווי פון וואַרעמע בעסטן אַרויס; האָבן דורכגעשניטן די ווייסע כמאַרעס; געוואָלט געבן זיך אַ פאַרנעם, פאַרשווינדן אין אַ וויטן געפּלי. אַ ווײלע האָבן זיי געקרייזט אויבן; נאָר אָן פליגל צו הייבן זיך הויך — זענען זיי באַלד צוריקגעפאַלן צום פעלד, און שלאַבעריק, אויף דינע פּיס, געלאָפן ווייטער. די ווייסע וואָלקנס הינטן האָבן זיי נאָכגעיאָגט ווי אַ מחנה אָן פּיס. דער שטויבגערוך האָט געצויגן. דער ווינט האָט זיי אַ הייב געטאָן, געטריבן אין פלייצע. געמיינט האָבן זיי, ער וועט זיי פאַרטראָגן אויף פאַרויס, נאָר דאָ האָבן זיי דערשפּירט, זייערע נאַפּלשנורן לייגן זיי זיך פאַר די העלדזער, אין דער ברייט, אָנגעשטייפּטע. זיי שטעלן די טריט אויף איין אָרט, ווי פאַרהאַלטענע, אויף פעסטע לייצעס, פערדלעך. די שנורן האָבן באַלד נאָכגעלאָזט; נאָכלעסיק־לויז האָבן זיי זיך געוויקלט אַרום די פּיס, זיי פאַרפּלאָנטערט. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער זיך — מיטן פּנים אויף פאַרויס. אָט גרייכט זיי די שטויבכמאַרע. זי שטראַלט זיי נאָך ווי אַ גרין־צעלאָזטער באַלאָן איבערן הימלראַנד. דאָ ווערט ער געל, ווי אַ צעפּלאָסן אָנרוקנדיק זיך ליכט. עס וועט זיי אַריבעראײלן,

זיך אויסדרייען צו זיי — און ווי אַ וואַנט שטעלן זיך זיי אויף פאַרויס. זיי פילן שוין, איר גערוך שרויפט אין זייערע נאַזלעכער שאַרף זיך איין. באַלד וועט דער חלל אַרום זיי זיך איינציען ווי אַ נעץ. ווי פאַרסמטע, נאָך צאַפּלנדיקע, פייגל וועט עמעצער אויף דער פּלייצע זיי נעמען און אַוועקטראָגן, זיי וואַרפן אין ים. ער וועט איבער זיי זיך דעקן.

עס איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיע פאַרשפּעטיקטע, יונגע זכרים מיט נקבות. זיי האָבן געטענהט, אַז אויפן וועג האָט מען זיי אָנגעיאָגט. די שטויבכמאַרע שפּרייט זיך איבער די טאָלן; פּילט זיי אויס ווי אַ ווייסע שוואָם, און גרייכט ביז די בערגשפּיצן. מען זעט זיי קוים אַרויס פון נעפּל, ווי קופּאַלעכלעך. זיי אַליין האָבן, פאַרזונקענע ביז איבער די קעפּ, אין איר געשפּרייזט. מען האָט, ווי מיט ביטערע וואַסערן, זיי אָנגעטרונקען. אויך דורך די אויערן איז דער גערוך אין זיי אַריינגעדרונגען. זיי האָבן געוויזן, זייערע נעז, פינגערשפּיצן און זכרות־איברים זענען, ווי הינערלייב, ווייס־פּולכנע אויפגעגאַנגען. אויך די באַקן גלאַנצן ביי זיי שווילענדיק־רויט. זיי שפּירן אין זיך גליטשיקייט. זיי האָבן זיך געפּרייט, וואָס זיי זענען דערגאַנגען אַהער.

זיי האָבן נישט געוווּסט, די יונגע, ווי אַלט זיי זענען; פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען אין טאָל; צי זענען זיי געבוירן אין די אַשן. דערפון — זייערע אָנהאַריקע לייבער. דאָס אַש האָט באַלד פון אָנהייב אַראָפּגעשיילט פון זיי יעדן געשפּראָץ. זיי האָבן אויך נישט קיין נעמען. זייערע איברים זענען דין־גלאַטיק, ווי ביי יינגלעך. בלויז די ערלה פעלט זיי. ווי יעדער זכר פון די טאָלן, זענען זיי, אפשר מיט אַ פּלאַמשניט, געמלעט. זיי האָבן פּלוצעם געוווּסט, אַז אין ערגעץ וועט מען זיי נישט אַריינלאָזן. זייער ריח גייט פאַרויס פאַר זיי.

ער איז צווישן זיי געזעסן. אויך ער ווייסט נישט ווי אַלט ער איז; פון וואַנען ער איז געקומען אין טאָל. מעגלעך, אויך ער איז דאָרט געבוירן, און אַזוי די אַלע אָנטרונענע מיט אים. אפשר האָבן, אין די וואַרעמע בערגלעך, זייערע נעמען אַראָפּ־געשיילט זיך פון זיי.

זיי האָבן געטראַכט, דאָ אין דער נעץ, דערוויל אויסצובויען אַ שטאָט. זי דערקלערן ווי אַ קוואַראַנטין. זיי וועלן פאַרבלייבן אין איר ביז אויסוועפּן עס וועלן פון זיי די גערוכן; דערמאָנען זיי וועלן זיך פון וואַנען זיי זענען געקומען. אויסשטאַרבן עס וועלן אין איר דורך דער צייט די אָנגעשטעקטע. פון די ביינער פון די געשטאָרבענע אויפשטעלן וועלן זיי הינטער זיך אַ וואַנט, אַ פאַספאַרדיקע, אַ הויכע ביז די אַרויפן. אין די נעכט וועלן אירע שטראַלן בלענדן איטלעכן פאַר די אויגן. אין דער הויכער וואַנט אָנשטויסן וועט זי זיך מיטן קאָפּ, ווי אַ בלינדער

וואַמפּיר, די נאַכאײלנדיקע כמאַרע. זי וועט אַראָפּפאַלן. דער געשטויב בלײַבן וועט פון יענער זײַט.

דערווײַל האָבן זײ גענומען זײער אויסטאָן פון זיך אַראָפּ, די נאָפּלשנורן, ווי אַ מחנה זעלנער, אין רו — די לעדער־פּאַסקעס. זײ האָבן זײ געלייגט בײַ דער זײַט; אָפּדאַרן זאָלן זײ אין זייער אומבאַהאָפּטנקייט. שפּעטער לאָזן וועט מען זײ דאָ, ווי געטויטע שלאַנגען. מען וועט געוואָרנט זײַ אַריבערשפּרייזן. אין צווישן וועט אפשר האָבן צעגאַנגען די נעץ אַרום דער שטאָט.

באַלד האָבן זײ מיט די אײגענע הענט גענומען זי אויסבויען, די קוואַראַנטין־שטאָט; אין דער לופט, ווי אין פעלדזנבערג, זי אויסהאַקן. מיט בײדע הענט האָט יעדער געהויבן דעם האַמער זיך איבערן אַקסל אַריבער, און — פון חלל אים, מיטן גאַנצן כוח, צוריקגעלאָזט אויף פּאַרויס, ביז דער ערד. דער שווייס געגאָסן האָט זיך זײ פון די שלײפן, דעם קאַרק און שטערן. זײ האָבן זיך געכאַפּט, זייערע בײנער זענען נישט אויסגעטרוקנט. אַ געזאַלצענע פײַכטקייט טריפט זײ אין די אויגן, צויטיקט זיך פון זייערע באַקן און גאָמבעס, אין ריטשקעלעך. זייערע לײַבער פאַרען פון זיך הייס אַרויס אַ נעפּל.

זײ האָבן געקוקט אַרויף צו די הײַזער, וואָס האָבן, חללדיק־לער, זיך געצויגן, וואָס אַ מאָל העכער, אָן פענצטער, נישט אָנצוטאַפּן זייער בוי־חומר. זייערע פיס האָבן זיך געהויבן איבער די שטיגן, אַרויפצוציען איבער די אומגעזעענע שטאָקן. די קני האָבן זײ זיך געבויגן בײַ יעדן טריט. זײ זענען געשטיגן פון שטאָק איבער שטאָק.

אויך ער, דער געבליבענער, האָט זי געבויט, די קוואַראַנטין־שטאָט, דאָ איבערצוואַרטן, ביז זײַן ייִנגליש לײַב באַוואַקסן ווערן וועט מיט האָר. ער האָט מיט אַ מאָל געוווּסט אַז געבוירן איז ער נישט צווישן די ווייס־לעבלעכע טאָלבערג־לעך. ווי בײַ אַלע אַנדערע מיט אים אַנטרונענע, האָט אַן אַנונג געקלאַפּט אים אין דופק, אַז ערגעץ דערמאָנט עמעצער אים. מען געדענקט זײַן נאָמען.

ער האָט געזען, נאָר בײַ די יונגע, די פּאַרשפּעטיקטע, איז דער זכרון אָפּגעהאַקט. עס איז זײ קאַלט אָן דער אַש־וואַרעמקייט פון וועלכער זײ האָבן זיך אויסגעפּיקט. זײ טראָגן־מיט די אײַנגעגליווערטע לופט פון טאָל. זײ האָבן נאָך אין זיך איר געדיכט־שטײענדיקע גליענדיקייט. ווער עס אָטעמט אין טאָל זי אײַן — קאָן מער זי נישט אויסאָטעמען. אַן עמוד פון בלײַ הענגט איבערן טאָל. די פײגל, וואָס זענען דאָרט אַרײַנגעפלויגן, זענען, יעדער אויף זײַן אָרט, אומבאַוועגלעך מיט געשפּרייטע פליגל, געבליבן הענגען איבערן דרויסן. נישט זײ פליען, נישט זײ פאַלן. דער שײַן פון די בײנער בעט זײ אונטער; האַלט זײ, ווי איבער האַנט־פלאַכן.

זיי האָבן געשפּירט, אַז אויך דאָ ווערט זי, די לופט, וואָס אַ מאָל איינגעגליווער־טער. די מענטשן שניידן זיך דורך, מיט די פּיס און הענט, אין איר דורכזעאיקייט, ווי אין געדיכטע וואַסערן; מאַכן זיך אין איר וועגן. אַ שטייגער, זיי בויען אַ שטאָט איבערן ים־דנאָ. דאָס וואַסער איז הויך אַריבער זייער קאָפּ. ניין, נישט אין וואַסער זענען זיי. אויך דאָ איז עס דאָס שטיינגעבליבענע טאָגליכט, וואָס בינדט זיי די איברים; זיין שיין הילט זיי, ווי אין בליי. זיי האָבן דערשפּירט, אויך אין זייערע אָדערן פליסט איצט דאָס ליכט, מאַכט זיי הייס. עס ווערן שווער אויף זיי די דינע טאָל־מלבושים. אַלץ דאַרף זיין ביי אויף זיי. אויך די קליידער.

זיי האָבן אין דער היץ געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַלטע בגדים; זיך אַרויסשיילן פון זיי ביז דער הויט, נאָר זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייערע גופים — מין פאַר מין — מאַן פון מאַן. אַנדערש — קומען וועט אַ מבול.

זיי האָבן אויך געשעמט זיך צו ווייזען נאַקעטע; לאָזן טריפן פון די אויגן, דורכן פּנים אַראָפּ, טרערן איבער זייערע הוילע לייבער. ביז איצט זענען זייערע פּנימער, אָנגעצויגן צום אַרויסכליפּן; נאָר די אויגן־רעמלעך אַרום, ביז די קינבאַקן, זענען פאַרשמאָלט ווי אויסגעטרוקנטע וואַדי־ראָווקלעך. גאַרנישט קאָן דורכנעצן. אויך נישטאָ ווער עס זאָל בעטן אויף טרערן, ווי אויף רעגן. אפשר וועט ער קומען, דער געלעכצטער געוויין, ווען אויפן לייב בלייבן וועט דאָס לעצטע מלבוש. די טרערן וועלן דעמאָלט איבערן האַלדז, פריי רינען אונטערן העמד אַרונטער. מען וועט נישט דאַרפן מיט די הענט פאַרשטעלן זיך די אויגן, אויב געזאַלצענע זיי וועלן טריפן אויף דער אייגענער נאַקעטקייט אַרויף.

זיי האָבן אויך נישט געקאָנט אין דער חמימה אַראָפּוואַרפן פון זיך די בגדים, כּל־זמן זייער לייב־נאַקעטקייט איז אַ יונגפרוישע; האָר ווילקלען נישט אַרום דעם גוף. ווי די פאַרוויסטע ערד פון טאָל, האָבן אויך זיי געוואַרט אויפן נס פון אַרויסשפּראָץ איבער זיך. אַ סימן, אַז זי הייבט ווידער זיך אָן, די באַפרוכפּערונג און די מערונג.

דער געבליבענער האָט געוווּסט, אַז זיינע אָדערן זענען נישט דורכגעגעסן פון שוועבל און זאַלץ. עס פליסן אין זיי זוימען, אויפגעזידטע. אַזוי אין אים — אַזוי אין די אַנדערע זכרים דאָ. אויך די נקבות טראָגן זיך אַרום מיט שפּריצנדיקע פונקען אין די געבערמוטערס. אין די פינצטערע נעכט, ווען זיי ליגן אין זייער אַליינקייט, גייען־אויף די פונקען, פליען פון זיי איבער דער שטאָט, אַרויף ווי אַ פייער־געשיסעריי פון באַהאַלטענע קוימנס. זייער גוף־געביין קנאַקט דערביי, אונטן, אין לעכצונג, ווי אַ קרבן עולה איבער אַן ערדענעם מיזבח. דאָס פאַרצערנ־

דיקע פייער לאָזט זיך נישט אַראָפּ אים אויפצובורענגען. דורך די נעכט ציט עס די זכרים פון אַלע פינצטערנישן אַרויס, צו וואַרפן זיך אין דעם פייער, מיט זייער אויסגעטרוקנטן לייב, אַז די בלויע פלאַמצונגען זאָלן פון זיי אַרויפזעצן ביז די הימלען.

אין די נעכט געזען האָט ער, דער געבליבענער, דורך די דורכזעאיקע פלאַקערן אַדורך, ווי זיי, מיט די נאַפּלשנורן אויף זיך, פּאָרן זיך אויף דער ערד, ווי דורכגע־לויכטענע הינט וואָס באַהעפטן זיך, געבונדענע אויף קייטן. אין דעם ליכט ווערן זיי צוזאַמענגעשווייסעוועט צו איינס.

אין די ווייטערדיקע נעכט זענען זיי געקראָכן אין געגראָבענע אין דער ערד שמאָל־לענגלעכע בעטן; אַריין אין זייער אויסגעצויגנקייט. זייערע ביינער, אין די גרוב־בעטן, האָבן פון זיך אַרויסגעלאָזט העל־בלוילעכע ליכטסנאָפּעס, וואָס האָבן זיך געלעקט, זענען אַרויפגעשאָסן אין איין רויטן רעפלעקטאָר. רעפלעקטאָרס האָבן פון אונטן, פון אַלע זייטן צווישן די הייזער, זיך אַרויפגעעקבערט און אויבן, אונטער די הימלען, שטאָלצע, שמעלער און שמעלערע, זיך געבויגן שאַרף צו שאַרף; האָבן זיך אַנגעלענט און פאַראייניקט אין איין שפּיץ, ווי ריזיקע ביקסן, אַוועקגעשטעלט דורך זעלנער אין מיטן לײדיקן פעלד.

געווען אַ סברה, אַז אין די הייכן וועלן די צוזאַמענגעשווייסעוועטע פייער־שפּיצן מיט אַ מאָל זיך געבן אַ פאַרנייג אויף הינטער זיך, אויף דער זייט, צום וועג וואָס פירט פון טאָל — גיין אויף פּיקעס און צוריקטרייבן די שטויבכמאַרע, אויב דערנענטערן זי וועט זיך. די פייערצונגען וועלן זי דורכגליען און אויף תמיד אויסרייניקן דעם חלל.

דערווייל האָבן די פלאַמזיילן זיך געשפּיגלט אין די פאַרשטאָפּטע פענצטער פון די הייזער, וועלכע האָבן זיך געהויבן ווי לופטיקע וואָלקן־קראַצערס. זיי האָבן, די זיילן, אין זייערע וואָרצלען, אויפגעקרעכצט פון דעם אונטערצונדנדיקן גערייב; געבילט אַרויף מיט קולות, וואָס באַהעפטן בריאיק צוזאַמענפאַלעניש. די הייזער־פונדאַמענטן געשמאָלצן האָבן זיך אין זייער פאַרשטעקטקייט. אויף זייערע אָפּגע־טיילטע, אין די לופטן אַרויף, שטיגן האָבן זיך, געבויגענע, געהויבן די געשטייפטע קני פון קלעטערנדיקע, אַראָפּ און אַרויף, זקנים.

געווען אַ מורא אַז די קלעטערער וועלן אַרויף אויף די העכסטע שטאָקן, און פון דאָרט אַריבערשפּרייזן אויף די זיך אַנלענענדיקע רעפלעקטאָר־שפּיצן. זיי וועלן דורך זיי אַרויפדערלאַנגט ווערן, ווי לעבעדיקע קרבנות.

דער געבליבענער האָט אָבער געוווּסט, אַז זייער גאָט איז אויבן נישטאָ. עס איז ליידיק אין די רוימען. ער איז, זייער גאָט, אַלץ געשפּרייט איבער די טאָלן. קיין

מאָל מער וועט ער נישט פאַרלאָזן די אַשן. אייביק שוין וועט ער זיי וואַרעמען אונטער זיך.

די עדה האָט באַנומען, אַז אויף תמיד האָט ער פאַרבאָרגן זיין פּנים פון איר. ער וועט צו זיי זיך נישט באַווייזן. אויף שטענדיק שוין וועלן זיי זיין אַן עדה אָן אַ גאָט.

פון רוב יאוש האָבן טייל געטראַכט צוריקגייען אין טאָל; דאָרט שוין בלייבן. איבער די אַשן אויסבויען אַ טעמפּל פאַר אים.

אין די פאַרטאָגן איז די שטאָט ווידער געוואָרן צו אַ קוואַראַנטין. עס האָבן גרוי זיך געלאָשן אירע רויטע, ברומענדיקע זיילן. ביי טאָג זענען די מענטשן געווען אַנגעשטעקט; זייערע גופים, — מיט ווייטיק אויפגעשפּיצט. דער געבליבענער האָט געשפּירט, מען האָט דורכן מויל אים אַריינגעלאָזט אַ שווערד, ביזן דנאָ פונעם בויך. איר שאַרף דרייט אים זיך אַרום די אינעווייניקסטע וועגטלעך. זי שטעלט זיך נישט אָפּ. זיי האָבן פון יסורים נישט אויפגעשריגן. דער פאַראייניקטער געיאָמער זייערער קאָן נאָך בלייבן אויפגעציירן אין שטאָט. זיי האָבן מורא, פאַרטויבן וועט זייער געוואָי דעם אַרום, ווי אַ צוזאַמענגעגאָסענער געבעטש פון אַלע זייט־אייביק געשאַכטענע אָקסן, מיט חלפים אין די העלדזער; אויפרודערן וועט זייער ריטש, מיט אַ סירענע־געשאַל, די צעעפנטע מיילער פון אַלע טאָלן.

געשען איז אַ מיראַקל: ווען זייער איברים־געוואָי האָט געוואָלט צו דער זון אויפבילן, ווי היינט ביי נאַכט, געשלאָגן מיט אַ מאָל זענען געוואָרן די שטימבענדער אין דער לענג פון זייערע העלדזער. די קולות זענען נישט אַרויס. געבליבן זענען זיי, אַנגעצונדענע, אונטער דער פאַרחתמעטקייט פון זייערע מיילער. דער אויפגעשריי צוריק אַראָפּ איז אין גוף; האָט איינגעשרויפּט זיך אין אים, ווי אין אַ קעסלגרוב. זיינע אַרויסגעלאָזטע פלאַמען געברענט האָבן אינעווייניק די בויך־וועגטלעך. די צעגליטע שווערדשאַרפן האָבן זיך געדרייט.

ביי טאָג געזען האָט מען נאָך אַ נס. די נעץ אַרום דער שטאָט געווען איז דורכגעלויכטן גלאָז. דורך אירע הויכע געשליפענע ווענט, געקוקט האָט מען פאַרגרעסערט אין די מרחקים, ביז די עקן פון די פיר זייטן. דער בליק דורכגעדרונגען האָט, נישט בלויז די לערקייט, נאָר אויך יעדן חומר, וואָס געשטעלט האָט זיך דעם אויג אין וועג. יעדע מאַסיווקייט אין רוים געבליבן איז דורכזעאיק, ווי דאָ — די גיגאַנטישע הייזער אין די גאַסן. זייער זאַלציקער בליק איינגעגליווערט האָט דעם חומר, אים איינגעשטייפט — אויף מער קיין מאָל זיך נישט באַוועגן. געבליבן

זענען זיי אַרומגעהילט פון דער גלעזערנער נעץ, געשיצט אין איר פאַר די דרויסנ־דיקע ווינטן.

געווען שעהען פון חסד, ווען די גלאָזוועגט געוואַקסן זענען אַרונטער אונטער זייערע פיס; האָבן אונטער זיי זיך געשפּרייט, ווי אַ דיל. זיי האָבן נישט פאַרצויגן דאָס פּנים פון דער ערד, ווי מיט אַ ריזיקן גלאָזנאָגל, נאָר געלייגט זיך ווי אַ דעק איבער די אָפּגרונטן. די טאָלן געבליבן זענען צעעפנטע פאַר זיי, ווי דאָס זייגערל מיט זיינע אינגעווײדן פאַרן באַגלאָזטן אויג פון דעם געוועוערק־מייסטער. זיי האָבן געוואָלט, זייער קאָפּ אויף שטענדיק שוין זאָל בלייבן איינגעשטייפּט אַראָפּ; מער אים נישט הייבן אַרויף.

זיי זענען אַזוי געשטאַנען מיטן קאָפּ געבויגן אַראָפּ; דער קאַרק פאַרהאַרטע־וועט; די אַראָפּגעלאָזטע הענט געשלאָסן אויף פאַרויס, נאָר דאָ האָבן זיי דערשפּירט די פאַרשטאַרקטע, דורך דער געשליפנקייט, שטראָלן. זיי האָבן וואַרעמע געבידערט איבער זייערע קאָפּשיידלען. אונטערן ליכט האָבן די קעפּ ביי זיי, ווי קנאָספּן, זיך געהויבן העכער און העכער, מיטן פּנים אַרויף צו. דאָס גלאָז געשפּרייט האָט זיך אויך פון אויבן, ווי אַ דאַך; האָט איבער זיי זיך געשלאָסן ווי אַן איבערדעק איבער אַ געשליפענעם קליאַש. אַט לאָזט ער איבער זיי זיך אַראָפּ. דערווייל איז איבער זייערע קעפּ געהאַנגען אַ דורכזעאיקע חופּה. זייער פאַרריסענער בליק, האָט שיער געגרייכט די פאַרלאָזטע אויביקע אין־סופן.

דאָ האָבן זיי אָבער דערשפּירט אַ האַנטפלאַך, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ; לייגט זיי זיך איבער די אויגן, ווי אַ זונדעכל, שליסט זייערע וויעס. איר שאָטן פאַרטונקלט פאַר זיי די מראה. אַ תּפילה איז אין זיי אויפגעגאַנגען: תּמיד שוין בלייבן אַזוי אונטערן געגנאָד פון דער האַנט, אונטער איר שוץ. זיי האָבן געוווּסט, אַט די בלינד־קייט איז די דערגרייכטע טרוימונג פון דורות מידע פון זען.

זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז איין מאָל, שפּעט אין די צייטן, ווען אַראָפּגענומען עס וועט ווערן די האַנט פון פאַר זייערע אויגן — אויפטייען וועט דעמאָלט אַלץ מיט אַ מאָל. איינפאַלן וועלן די מויערן אַרום דער קוואַראַנטין־שטאָט; אָפּגעטאָן וועלן זיין די טעג פון זייער פאַרשלאָסנקייט.

ווי יעדער נייער דור, געמוזט האָבן זיי, אין דער קוואַראַנטין־שטאָט, אַליין געפּרוווט ווערן מיט אַלע נסיונות. נאָכן פּטור ווערן פון דעם חוש פון קול און ראיה — פאַרשאַרפט האָט זיך זייער שמיעה. זיי האָבן געשפּירט, עס סווענדזשען זיי די אויערן; זיי וואַקסן בולט, ציען זיך אויס און ווערן, ווי האַלב־קיילעכדיקע

הילכער־טרובעס. זיי שטאַרצן אַרויס, אָפּגעבויגענע פון קאָפּ — שמאָלע אין דרויסן, און אַלץ ברייטער — אינעווייניק אַריין. דער געהער אָנגעשפּיצט איז ביי זיי, גרייט אויפצוכאַפּן פון די ווייטקייטן. אָט פּלאַצן ביי זיי אויף די געהער־הייטלעך. איצט גרייכן צו זיי די דינסטע געשורשן. זיי יוירן אויף אין זיי ווי פּאַרטויבנדיקע געשרייען. עס עקבערט אַ סודן זיך פון ווי ווייט — צעשיט זיך אין זיי קלאַנג נאָך קלאַנג. צו מאָל אויך גיסן זיך אין זיי אַריין דורכן אויער גאַנצע צעבערס גרימאַסעס, וואָס פאַרנעמען זיך ערגעץ אין אַ געוויין.

דער געבליבענער האָט געשפּירט, פריידיקע געברומען צעלויפן זיך אין אים, ווי צעשטיפטע חיהלעך; דער ערשטער רמז ערגעץ — פּילט אָן זיין בויך מיט משוגענע ווינטלעך, ווי פון דער באַהעפטונג פון מחנות באַשעפענישן. אַלץ שרייט אין אים מיט באַנומענע קולות. נישטאָ מער קיין אַנעז. די אַרייגדרינגנדיקע קולות צעשטערן די רו פון זיין שטומקייט.

און ווען געפּרוווט זיי האָבן זיך אַראָפּלאָזן אין די קעלערן פון דער קוואַראַנטין־שטאָט, האָבן פון אונטערן תהום אַרויף, גענומען אויפגיין צו זיי פּייפעניש, ווי פון פּישטשענדיקע ווערעמלעך אונטערביימער־וואָרצלען. זיי שושקען גלייך זיי אין די אויערן. פון אָפּגרונט טראָגט אויך זיך אָן אַ רייבעניש, ווי פון קנאַקנדיקע ביינער. אויף מיילן ווייט הייבט דער געפּליסטער די ערד. זי וואָרפט פון זיך אַראָפּ די שטאָט.

זיי זענען געוועזן מיד, איבערגעזעטיקט, פון די אַלע קולות — פון די אינעווייניקסטע און פון די דרויסנדיקע, וואָס רייסן זיך אין זייערע מיילער און אויערן.

געוואָרט האָט דער געבליבענער אויף אַ שווערער טויבקייט, וואָס זאָל פאַרשיטן אים די אויערן, ווי צוגעדעקט זי האָט, די ערד, די מידע עדה פון טאָל.

געוווסט האָט ער, אַז אַלע זענען זיי דאָ לייט פאַר אַ נייעם בראשית. דער נייער אדם געפאַרעמט ווערט — נישט פון ערד, נייערט פונעם אַש פון די טאָלן אַרויס. אַרייננבלאָזן אין אים וועט מען — נישט דעם רוח־החיים, נאָר דעם רוח פון אַלע דאָרט פאַרבליבענע, די שטילקייט זייערע. אַלץ פון פריער מוז פאַרגעסן ווערן. זיי אַלע דאָ אָנגעשטעקט זענען מיט געדעכעניש. זי ציט, די צייט, אויף צוריק. אָפּגעטאָן פון זיי מוז ווערן דער לעצטער וואָס געדענקט. אויפגיין מוז ער, ווי זייפנבלאָזן אין חלל.

ער האָט פּלוצעם זיך געכאַפּט, נישט געטאָרט האָט ער, אדם, עסן פון עץ־הדעת, נישט כדי נישט וויסן דעם ווייטער זיינעם, נאָר כדי נישט צו וויסן דעם פריער; דורכן וויסן אים — ווייסט מען דעם מאָרגן, און — אין דעם טאָג, וואָס וויסן ער וועט וויסן — שטאַרבן וועט ער.

און אין איינער אַ נאַכט האָט דער געבליבענער דערפילט אין זיך דעם אויפגעלעבטן רוח פון זיינע אייגענע — נישט איין רוח, נאָר פיל, פיל, קליינע רוחעלעך פון נאָענטע, וואָס זענען פון לאַנג שוין זיך צעפאַלן אין דעם אַש, וואָס שווילט אויף דאָרט, אין די הינטער זיך געלאָזטע פעלדער. ער האָט באַנומען, אַז אַנגעשטעקט איז ער, נישט פון פרעמדע גיפטן, נאָר דאָס האָבן זיינע אייגענע געלאָזט אַריינטריפן יעדער זיינע ריחות — אין זיינע נאָזלעכער. ער האָט זיי אַריינגעאָטעמט. ער שפּירט, זיי לויפן אין זיינע אָדערן, אַרויף און אַראָפּ, מיט לעבעדיקע אָטעמלעך; שווימען, ווי פאַרסמטע פיילן, אין זיינע בלוטגעפעסן.

און אין יענער נאַכט האָט אויך ער, דער געבליבענער, געוואָרפן זיין בייניקן גוף אין לענגלעכן גרובבעט, ווו געפלאָקערט עס האָט, פאַרצערט צו ווערן דאָס לייב פון דער יונגער פאַרבליבענער. ער האָט געוווּסט, אַז זי איז געקומען אַהער, צווישן די פאַרשפּעטיקטע זכרים און נקבות; איר לייב איז אַנהאָריק, אָן יעדן געשפּראָץ, ווייל געבוירירן איז זי אין די אַשן. זי האָט געשפּירט, אַז אַלץ אין איר איז לער, אויסגעלופּטיקט, ווי אָן אויוון, ווו די פלאַקערן איינגעשטילט האָבן זיך אַרום די ווענט. איצט איז ער גרייט ווידער אויפצונעמען אין ריינקייט, אַ דורכגעגליטע.

ער איז געקומען אויף איר אין סוף פון דער ערשטער אשמורה פון דער נאַכט פון דעם חודש דעם דריטן פון דער אַנטרינונג פון די טאָלן. דריי און צוואַנציק טעג אין אים. זי האָט געשפּירט עס שטראָמען אין איר זיינע הייסע אָטעמס. זיי לויפן, ווי געיאָגטע, אַרום אירע אינעווייניקסטע ווענטלעך; בריען זיי, פאַרסמאָליען אירע פאַרשטאָפּטקייטן.

אין איין רגע האָט זי דערשפּירט, ווי מען וואָלט אייל אַריינגעפלאָסן אין איר. ער דערגרייכט אין איר ביז אירע באָבעס, ביזן דנאָ פון איר נקבהשאָפט. די ווינטלעך גליטשען זיך אין איר גוף, ווערגן איר האַלדז, און זעצן פון איר אַרויס דורך דער נאָז און מויל, ווי רויכלעך — די הויפּנס שטויבן. אַ פייערצונג לעקט זי פון אינעווייניק; אַ היץ צעשפּאַרט זי. בייע אַשבערגלעך הויפּן זיך אָן אין איר, אויפגעדראָלענע פון די וואַרעמע ריחות, וואָס בלאָזן פון אים אין איר נידער. זי קאָן נישט אויפשרייען, מחמת דער פאַרחתמעטקייט פון איר מויל. אירע בריסטן, אַרויסגעהויבענע אין דרויסן, דרינגען אין איר אַריין, אינעווייניק; די בערגלעך פון איר גוף ווערן צו טאָלעכלעך. זי הערט זיך איין אין די ריזלענישן אין זיך.

אויך ער, ווי אַ טויבע מאַמע וואָלט אים אויסגעטראָגן, האָט אויף איר געהויערט שטום. פון דער היץ שמעלצן זיי זיך צו איינס. פלאַמיקע פליגל פון איר גוף אַרויס וויקלען אים אַרום.

מיט אַ מאָל האָבן זיי דערשפּירט, נישט קיין רויך שלאָגט פון איר מויל; דאָס

בוכעט פון איר אַרויס אַ פייער פלאַם. פון ערדבעטל זעצט אַרויף, אין קרעכצעניש, אַ רויטער וואָלקן, ווי אַ פייערדיקער זייל וואָלטן פון די גרונטן אַרויס, אַרויפגעשאָסן אין דער נאַכט אַריין. אויבן לענט ער אָן זיין פאַרשפּיצטן קאָפּ אין די זיך־פאַראייניקנדיקע רעפלעקטאָרן פון די אַנדערע ערד־גריבער אַרויס; ווערט מיט זיי צו איין דורכזיכטיקן, פאַרסנאָפּיקטן זייל וואָס לייכט. זיי ברענען אין דער נאַכט. זיי האָבן געפילט, אַז זיי ענדיקן זיך.

זיי האָבן געוואָלט איצט שוין אין אין דער רגע אַרויסגעבן פון זיך אַלע זוימען, לעשן מיט זיי דאָס פייער. אַ קינד זאָל פון זיי אַרויס ווי אַ שוואָם — אָנגעזאַפּט מיט די אַלע זידיקע בלייטייכן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געטובלט.

אויך איצט זענען זיי געווען פאַרשטעקט אין אַזאַ קאַכעדיק־צעגאָסענעם בלייטייך. דער טייך האָט זיך מיט זיי פאַרקרייזט אין אַ קעסלגרוב. זיי שטעקן אין אים ביז איבער די העלדזער. זייערע איברים זענען צעטאָפּיעט.

מיט אַ מאָל האָט ער באַנומען, אַז מיר, די חורבן־מענטשן ביז אַלע דורות, זענען באַפוילן צו זיין אַ זכר לחורבן. דעריבער געבוירן מיר קינדער. זיי וועלן אין זיך איינזאַפּן דעם געוואַי פון די פאַרדעקטע טאָלן. זיי וועלן אויף תמיד זיי ירשענען.

דער געבליבענער און די פאַרבליבענע האָבן אַרויסגעשטעקט שווייסיק די קעפּ. ער האָט געוווסט, ער האָט איצט דורך איר, בועל געווען אונטער זיך די ערד פון דער קוואַראַנטין־שטאָט. ער האָט זי קונה געווען, די שטאָט, דורכן באַהעפטן זיך מיט אירס אַ טאָכטער. איצט איז זי, די שטאָט, זיינע. ער האָט אַ ווײַלע זיך אַרומגעקוקט. ער האָט זי, די קוואַראַנטין־שטאָט, פּלוצעם דערקענט אויף צוריק, ביזן ערשטן טאָג פון זיין אָנקומען אַהער.

זיי האָבן איצט געוווסט, אַז זיי מוזן באַצייטנס אַנטלויפן פון דער קוואַראַנטין־שטאָט. אין איינער אַ שפּעטערער אשמורה פון דער נאַכט, ווען עס איז נאָר שטאָקפינצטער; עס לעשן זיך די פייער־זיילן — אַנטרונען מוזן זיי פון דאַנען. די דורכגעברענטע נאָפּלשנורן, וואָס שטאַרצן פון זייערע צערויכערטע בייכער, אָפּטשעפּן וועלן זיי לייכט. זיי וועלן זיי איבערלאָזן דאָ. זיי האָבן זיך דערמאָנט אַז די מוהלים פון פאַרשניטענע שטעט האָבן צווישן די חורבות, געלאָזט נאָך זיך די אויסגעטרוקנטע הויטשטיקלעך פון דעם ברית, וועלכן יידישע קינדער האָבן פאַרשניטן מיט זייער גאָט. אויך זיי פאַרגעסן מוזן דעם בונד, וואָס געשלאָסן מיט זיי עס האָט דער טאָל.

עס איז געווען שוין אין די ווייטע טעג. אַ סך פון די יונגע מענטשן האָבן פֿאַרגעסן פון לאַנג שוין אַז צו אַ קוואַראַנטין איז זי געבויט געוואָרן, די שטאָט. אַ טייל פון די אָנגעשטעקטע עלטערן זענען שוין אויסגעשטאָרבן. פון זייערע גופים האָט מען אָבער נישט פֿאַרלייגט אַ פּאַספּאָרדיקע וואַנט ביז די הויכקייטן, כדי זי זאָל נישט דורכלאָזן די שטויבכמאַרע, נאָר פֿאַרשטעקט האָט מען זיי, כמינהג היהודים, אין קברים, פון פיר עקן־שפּיצן, און אַרויפגעשיט פון אויבן — לענגלעכע, האָלב־גערונדיקע בערגלעך. מיט דער צייט זענען דאָ אויסגעוואַקסן שורות — בערגלעך ביי בערגלעך ווי בייטן אין אַ געסדרטן גאָרטן. די זקנים האָבן געטענהט, אַז קונה אַ שטאָט, איז מען, נישט דורך באַהעפטן זיך מיט אירע טעכטער, נאָר דורך קובר זיין דעם אייגענעם גוף אין איר ערד. מיט דער צייט וואַקסט דאָ אַרויס אַ וואָלד פון מענטשנביימער.

בעת דער קבורה האָבן אַלע פֿאַרזאַמלטע מלווים אַרומען מויל פון דער ערד, וואָס האָט זיך געגרייט אַראָפּצושלינגען דעם מת, און שליסן זיך איבער אים — אָנגענומען ערנסטע פּנימער. די ליפּן און די באַקן, אָנגעדראָלענע, האָבן ביי זיי, זיך אַראָפּגעלאָזט, אויסגעצויגן. מיט די הענט האָבן זיי זיך פֿאַרשטעלט די אויגן — זיי זאָלן איינער ביים אַנדערן נישט אַרויסזען דאָס אונטערשטע פּנים, וואָס האָט קלענער זיך איינגעשרומפּן אונטער דעם דרויסנדיקן, וואָס איז אויף דעם שוין אַרויפגעוואַקסן. בעת דאָס נייע פּנים האָט זיך געקאָרבט אין דורותדיקן פֿאַרגיין, האָט דאָס פּנים פון אונטן זיך געצויגן ווי אַ האַרמאָשקע אין באַגלייטונג פון אַ שווישפּיל. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז דער מענטש איז אַן אַשיקער באַל, וואָס ווערט געקאָפּעט אין דער לופטן — צום פליען אַרויף און אַראָפּ. ביי יעדן קאָפּ צעשיט זיך אונדזער אַש. זיי האָבן דערמאָנט זיך די גופים, וואָס די לופט האָט פון זיי זיך אויסגעפּאָמפּעט און זיי זענען, פלאַכע, געבליבן געשפּרייט איבער ערד־גרודעס; פון צווישן זייערע ליפּן האָבן אַרויסגעבלעכצט געשוואָלענע צונגען; דורך די ווינטערס האָבן די שנייען און אייזצאַפּנס נאָך בידעריקער זיי איינגעפּלאַטשיקט, און דורך די זומערס האָבן די זונרעדער איבער זיי זיך דורכגעקאָלערט. גרויסע פייגל האָבן איבער זיי זיך געשטעלט מיט די פּיסנעגל, און מיט די געהויבענע אַרויף קעפּלעך — געטראַכט.

איצט, ווען עס האָבן שוין זיך אָנגעזאַמלט אַ סך בערגלעך, מיט סטעזשקעס אין צווישן, זענען די אַרום קבר געשטאַנען אין שמאָלע שורות, פֿאַרנווייז און צעשיט, איינער הינטערן אַנדערן, מיט די פּנימער צום אָפענעם גרוב. צופוסנס זיי — אויסגעצויגן, דער מת. מען האָט מיט אים זיך געפּאָרעט. זיי האָבן שטיל געוואָרט, ווי יעדער אויף זיין ריי, אין יענע טעג פון נידערן אין טאָל. אָט ווערט ער אַליין

באַלד אַריבערגעפירט אין דער אַנדערער זייט. די פאַרבאָרגענע טיר הינטער אים וועט אויף תמיד פאַרקלאַפּט ווערן.

די אָרום קבר זענען איצט דאָ געשטאַנען מיט די פּיס, און די פינגער האָבן זיי געסוועטדזשעט. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז זייער חבר, דעם מת, ווי אַלע זיינע נאָענטע, האָט געדאַרפט צעקרישלט ווערן אין שטויב, און ווי פליגל פאַרשפּרייט ווערן איבער דער ערד.

די באַגלייטער האָבן געדענקט, אַז אַלע קברים דרייען לסוף פון אינעווייניק אַרויס, זיך איבער, ווי אַ קעשענע — אַרויסצוואַרפן דאָס נישט־פאַרדייעטע.

די קבורה האָט זיך פאַרענדיקט. די מלווים זענען צוריק צו זייער טואונג. ערגעץ ווו האָט עמעצער אַרויסגעלאָזט אַ צעמענט־צונג. זי האָט זיך געוויקלט אונטער די טריט, ווי זי וואָלט איבערגעלעקט דאָס פּנים פון דער ערד. די אַרויסגעקראָכענע פון זייערע בעטלעך קינדער האָבן אָנגעהויבן פייפן, אַז קונה אַ שטאָט איז מען נאָר דורכן אַרויסשפּראָצן ניי־געבוירן פון איר ערד אַרויס ; פון זיין אירער שוין אין די בראשית־טעג.

און דעמאָלט האָט די פאַרבליבענע דערשפּירט, אַז מען האָט זי געדענקט ; דער בויך בלאָזט איר זיך אָן. ער שווילט אויף, האַרט, ווי אַ באַלאָן. איר האַנט קאָן מער אין אים זיך נישט איינטאַפּן ; די פינגער — מער נישט מאַכן אין אים קיין בלאָסע גריבעלעך. פון שלאָף אַרויס האָבן אויף איר פּנים זיך געשפּרייט גליקזעליקייטן. זי האָט שטיל פאַרנומען, ווי זאַפטן ריזלען אין איר ; לויפן ציטעריק, אָפּגעהאַקט ; פּיקן אין אירע דינע ווענטלעך און נערן די פאַרבאָרגענע געפעסן. אין די נעכט האָט זי איינגעצויגן די קני אונטערן בויך, זיך צוצוהערן מיטן אויער צו די געהיימע טואונגען, צו די בלעזלענדיקע געצאַפּלענישן.

די פאַרבליבענע האָט געפילט, עס וועקן זיך אין איר פאַרגעסענע חלומות ווי פון פאַר די טאָלן. עס גייט אין איר אויף אַ ריח פון מוטערלייב. ווייטע שפּירונגען רירן אין איר אויף. אומבאַקאַנטע דערמאָנונגען לויפן ציטעריק פון די געבויגענע קני־פאַררונדיקטקייטן אין די דינע אַקסלשפּיצן. אַט כאַפּט זי זיי אָן, און אַט פאַרשווינדן זיי אָן עכאָ. זי האָט אין שלאָף איינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די צאַנקבדיקע אַרויף צו, יונג־מיידלשע אָרעמס. זי איז געבליבן — אַליין ווי אַן עיבור איינגעלייגט אין דער מוטערס געדערעם.

און אין איינער אַ האַלב־וואָכער נאַכט האָט עס דער פאַרבליבענער געגעבן אַ דריי, זייטיק, מיטן בויך אַראָפּ. זי האָט געגעבן אַ נערוועזן אָפּציטער. זי איז געבליבן

געשפּרייט מיט די הענט און פיס, מיטן פּנים אַראָפּ. אַ ווײַלע האָט איר געדאַכט, זי ליגט אַזוי ווי אַ קינד, געשפּרייט איבער אַ ווײַסן לײַלעך; אַ רגע איז זי געשווו־מען אין מיטן פון אַן אומענדלעכן ים. אונטער זיך, אין ים־וואַסער, האָבן די וולדות בולט זיך אָפּגעשפּיגלט פון איר דין־דורכזעיִקן לײַב אַרויס. נישט קיין קינד איז דאָס. עס זענען אין איר וואָרעם פאַרקנופּט מערערע קלײנע באַשעפענישלעך. זי קאָן זיי נישט אויסטײלן. זי האָט פאַרנעפּלט געשפּירט בײַ זיך אין די געדערעם, אַ פאַרעדיקן, רויט־זאַפטיקן געקנויל, וואָס הײבט זיך ווי אַ געוועלגער ביז אונטער איר האַרץ אַרונטער.

עס איז איר גוט געוועזן צו רוען אַזוי, צוזאַמענגעוואַקסן מיט אירע אַנהויטיקע וולדות אין זיך. זיי זענען איצט אַלע צוגעבונדן מיט בענדער־שנורן צו איר נאָפּל אינעווייניק. פון דרויסן האָט זי מיט אַ מאָל דערזען צוויי לאַנגע שנורן, וואָס ציִען זיך פון איר נאָפּל אַרויס. זי האָט זיי דערקענט. דאָס איז זי אַליין מיט זיי צוגע־בונדן, ווי מיט לײַצעס, צו די נאָפּלען פון אירע צוויי עלטערן — פון דער מוטער און דעם פאָטער. אָט טײלט זי זיי אויס, זי וועט זיי דערקענען. זי האָט פּלוצעם געוווּסט, נישט אָפּגעזונדערט איז זי, נאָר איין לײַב אין דעם לײַבער־געקנויל פון דער משפּחה געווינערינס — אַלע איין פאַרוויקלטע אין זיך מוטער־מאַסע, וואָס שפּרייט זיך. זי איז אויסגעבריט פון זייער לײַב, וואָס וועלקט און פרישט־אויף כּסדר — אַזוי פון קינד צו קינד — זינט דער ערשטער מוטער. נישט אין די אַשבערגלעך איז זי געבוירן.

זי האָט געקוקט אין וואַסער, אויף די אָפּגעשפּיגלטע אין איר בויך, וולדות. זי האָט געשמייכלט. זי האָט געוווּסט: פון זיי, וואָס אַרויסשפּיקן וועלן זיך פון איר צעעפּנטקייט — וועט די זעלביקע לײַביקייט איבעררוקן זיך אויף ווײַטער. איין טײל וועט אָפּוועלקן, און גלײַך זיך איבערגיסן אין אַ צווייטער. איצט איז געקומען איר ריי.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי געטאַפּט זיך דאָס לײַב. זי האָט געשפּירט, אַז מיטן אָנטאַפּן זיך, טאַפּט זי, ווי אַ בלינדע דאָס לײַב ביז איר אורמוטער אַרויף. זי שפּירט אין זיך די פרישקייט און וועלקנדיקייט פון אַלע זייערע לײַבער, וואָס דער טאַטע און זײַנע אורפאָטערס האָבן באַפרוכפּערט.

אין די ווײַטערדיקע נעכט האָט איר זיך געחלומט, אַז דאָס טראָגט זי גאָר אין זיך לאַנגע בינטלעך נאָפּלשנורן. זיי זענען אין איר צונויפגעפּאָרט אין צווילינגס, דרילינגס אין צענטלינגס. אַלע זענען זיי אײַנגעוואַקסן מיט די וואָרצלען אין איר נאָפּל אינעווייניק. צו מאָל זעען זיי אויס, ווי לאַנגע דינע שלאַנגען, צונויפגעוואַק־סענע אין זייערע עקן. די עקן שפּאַרן זיך נישט צום אַרויס. זיי יוירן אין איר.

די פֿאַרבליבענע האָט מורא געקריגן פֿאַר דער זיך קלעפּנדיקער מאַסע, וואָס האָט זי איצט שווער געקלעמט אין לייב. צו מאָל זענען דאָס געווען נישט קיין דינע שלאַנגען, צונויפֿגעוויקלטע — איינגעוואַקסן אין איר אינעווייניק — נאָר לאַנגע קישקעלעך העל־גרינע. עס האָבן זיך געמישט וויכע פּיסעלעך און קעפּע־לעך — זי האָט נישט געוווּסט צי פֿון קעצעלעך, קאַליריקע, מיט קליינע מײַלעכלעך און פֿאַרנומענע אייגעלעך. צי פֿון הינטעלעך, ווייס־געלאַטעטע, ווי ממזרימלעך, וואָס איר הונט לאָזט איבער אין די ווייטע הויפֿן — מיט נאַסלעכע פֿעלעכלעך און דינע מאַטע וויידעלעך, צי גאָר פֿון אָן פֿעדערדיקע פֿייגעלעך, מיט שפּיציקע דזשאָ־בעלעך צו פּיקן; גרינע און בלויע פּאַפּוגייעלעך, וואָס בריען זיך אויס פֿון די אייעלעך.

זי האָט אין אָט דער רגע דערשפּירט, דעם פּלוצעמדיקן געבורי פֿון די אייעלעך, וואָס זײַ ליגן, די פּאַפּוגייעלעך, בײַ איר, אין דעם ווייך־רויען אינגעווייד. זײַ פֿאַלן פֿון זייערע צעעפֿנטע הינטנדלעך, אין איר, ווי אַ הייסער האָגל; גיבן זיך אַ קאַלער, בלייבן לייכט־שווערלעך ליגן אין איר דנאָ. פֿון איר גוף נעמען שטראָמען ביז אַראָפּ, געדיכט־וואַרעמע געפֿליסן. באַלד בריען זיך אויס, אין דער דריקנדיקער מאַסע, וואָס יוירט אויף אין איר בויך, די ווייך־העלע, פֿליישיקע באַשעפֿענישלעך. פֿון איר נעמען זײַ פּלוצעם אַרויסגייען, די חיות, שטעלן זיך אויף די פֿיס.

זי האָט נישט געוווּסט, צי זי שלאָפֿט, צי זי איז וואַכיק, אָדער גאָר חלומט זי מיט איבעררייסן: זי כאַפּט זיך אויף און דרימלט ווידער איין, און די שפּירונג, וואָס פֿילט אויס אַלע אירע איברים, פֿאַרלאָזט זי נישט אויך אין דער וואַכקייט; זי דויערט פֿון דרימל אין דרימל.

זי האָט אויך נישט געאַנט, צי זי איז שוין שטראָמיק באַפּרוכפּערט. זי האָט זײַ שוין פֿאַרחתמעט אין זיך, און איצט יוירט עס אינעווייניק זיך אויס. דעריבער רוט זי דאָ מיטן פּנים אַראָפּ — אין די קישנס אַריין. אָדער איז זי נאָך פֿאַר דעם. אַלץ אין איר איז צעעפֿנט. גרייט אויפֿצונעמען. באַלד וועט עס זי געבן אַ דריי איבער מיטן פּנים אַרויף. שווערע צודעקן פֿון אויבן לייגן איבער איר זיך און דרענגען זי אַראָפּ. איר אויפֿגעלאָפֿענער בויך, האָט זי געשפּירט, פֿאַרעמט דאָרט אונטן אויס אין בעטגעוואַנט אַ גרוב אין זיין געשטאַלט, זי איז אין אים אַריינגע־וואַקסן. פֿון אויבן, איבער איר פֿאַרוואַרפֿן זיך איצט בערג.

זי האָט איצט פֿאַרגעסן אין איר דרימל, אַז די לעצטע מאַמעס און באָבעס אירע שווימען ערגעץ אין די ווייטע אונטערערדישע ימים, ווי שטייפֿע פֿיש, וואָס שיקן פֿון זיך פֿאַרסמטע שטראַלן. דאָס האָט זי, די אַנטלאָפֿענע פֿון טאָל, מיט אַ שער זײַ אָפּגעשניטן פֿון איר לייב, ווי מען שניידט גיך אָפּ אַ פֿאַרגיפֿטיקטע ערלה,

איידער זי צעוואַקסט זיך ווי אַ העמדל אַרום גופל. זי האָט זיי אָפּגעטיילט פון איר לייב, ווי מען האַקט אָפּ אַ שלאַנג; נישט זיין מער איין לייב מיט זיי. פון דאָס ניי וויל זי זיין אַ חוה, די מוטער פון אַלע לעבעדיקע פרויען־גופים.

דער געבליבענער האָט געזאָרגט זיך, אַז זיין בן־יחיד, וואָס אַרויס וועט פון דער פאַרבליבענערס טראַכט, וועט זי קונה זיין, די קוואַראַנטין־שטאָט — זיין וועט אַ שטאַמלער מיט געבריטע לעפצן, אַ סגי־נהר. ער האָט גענומען, דער פאַר־בליבענער, און גיך זיך געלאָזט אויפן וועג אַרויס די שטאָט. דאָ האָט ער זיך געזעצט רוען; געוואָלט פאַרשטאָפּן דערוייל איר טראַכט, פאַרחתמענען אים צווישן די בויכוועגטלעך; בינדן אים אינעווייניק, ווי מיט אַ קייט, מיט דער שנור צו איר נאַפּל. ער זאָל נישט קאָנען זיך אָפּרייסן.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ; געזען, די נאָכיאָגנדיקע זיי שטויבריחות האָבן פון לאַנג שוין זיך פאַרהאַלטן הינטער דער קוואַראַנטין־שטאָט; זיי האָבן זיך פאַרנומען איבערן הימלראַנד. זיי הענגען הויך, אויף איין אָרט, ווי אַ וואַרנדיקער געלער רעגן־בויגן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז די ערשטע אַנגעלאָפּענע אין שטאָט, ריחות, זענען אַריין אין די קברים. דאָרט האָט מען זיי פאַרשיט. די צעמענטצוגנג האָט פון אויבן זיי פאַרגלעטיקט.

ער האָט זיך געשראָקן פאַרן רעגן־בויגן צו גיין ווייטער. ער האָט זיך געריכט אין וועג אויף אַ כליאָפּ. ער האָט מיטן האַנטדעכל פאַר די אויגן געקוקט ווייט אין האָריזאָנט; נאָר דאָ האָט ער דערזען, ווי גאָט גייט אָן אויף זיי פון דער ווייטנס — אַ מעכטיקער; אויפגעשטאַנען פון זיין געשפּרייטקייט איבער די טאָלן. ער האָט זיי פון זיך אָפּגעשאָקלט. ער גייט אָן אויף זיי מיט אַ לאָמטער צו באַלייכטן זייער וועג. ער הייבט זיך איבער דער שטאָט. ער איז ווידער זייערער, דער גאָט פון זייערע אבות, וואָס געשווירן האָט ביים בויגן, אַז נישט ברענגען וועט ער מער אויף זיי קיין טאָלן.

# אַרויס פון טאָל

דער טאָל איז באַשטאַנען פון הויך־אַרומגעצוימטע פעלדער — אַ פעלד קעגן אַ פעלד, אַ טויער קעגן אַ טויער, און פון דרויסן — געדיכטע שטעכל־דראָטן וואָס רינגלען אַרום. נאָכן אַריינגעמען, האָט זיך פאַרמאַכט הינטער די פּלייצעס. אויף ווי ווייט אַרום — נידעריקע פעלדער אין גרין־מיניענדיק, אויסגעלאָשענע, קאָלירן. שטחים ציען אַהער זיך — אָפענע, נישט הויך באַוואַקסענע, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. זיך בוקנדיקע, בלייבן זיי ליגן האַרט פאַר דער הויכער מויער אין דרויסן. ער איז ווייט, דער מויער, פון שאַסייען. בלויז אַ שמאָלער וועג, ווי אַן אויסגעצויגן־געבויגענער, פון אויבן אַראָפּ, לאַנגער רידל — פירט גרוילעך אַהער אַראָפּ. אין דער זייט פון אים — האַלב־איינגעזונקענע באַן־רעלסן. זיי לויפן איצט נישט נאָך; זייער בלישטש באַהאַלטן זיי, קריכנדיק, ווי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן, אין דער ערד. דער הויכער טויער איז איצט צעעפנט, נאָר קיינער קומט נישט אַרויס.

ווען לייבל מיט אסתרקען, און די אַנדערע צוויי האַלב־באַרוועסע, זענען אינע־ווייניק פאַרשלונגען געוואָרן, האָבן זיי נישט געוווּסט, ווו זיי זענען. זייער אויג האָט מרוזשנדיק געטאַפּט דעם מרחב. ווו דער בליק גרייכט — גלאַנציקע שטעכל־דראָטן, וואָס הייבן זיך הויך, ציען זיך אין דויער. צווישן זיי, בלייכע הימל־פּאַסן, וואָס לעשן זיך פערלמוטערדיק. דראָט־בלומען צייכענען זיך אין דער געלאַשנקייט. איבער די וועגן — געבויגענע טריט — אָקאָרשט פאַרביי.

עטלעכע טעג זייט זיי זענען אַרויס אויף דעם אייבערפלאַך. איינגעוואַקסן געווען זענען זיי טיף. איצט וואַקלען זיך זייערע פיס ווי אָפּגעריסענע געוויקסן. אַ פאַר־מאַכטקייט אונטער זיי. די ערד — צעשויבערט, ווי אויפגעציטערט; אָפּגעשאָקלט פון זיך די געוואַנטן פון די טאָל־טרייבער, זיי פאַרטראָגן. אַרמייען אויפגעגאַנגען מיט די קעפּ פון מיזרח, פאַרבייגעיאָגט האָבן אויף מערב. דאָ נישט פאַרהאַרטעוועט אונטער זיך די טריט. געבליבן איז אַ קראַנקער טאָג, אַ לאַנגער. דאָס זאַמד אַרום בלעזלט זיך, קנאַקט אויף אין גריבלעך.

דער טויער געבליבן איז אָנגעהאָנגען זייטיק אויף זײַנע אַקסן — אויסער הינטער לייבלען מיט אסתרקען — אויך הינטער די פּלייצעס פון אפרימען מיט צפורהלען. אפרים — אָן די ברילן. מען האָט זיי פון אים אָפּגענומען. אָן די מחיצה־גלעזלעך טרערן בלענדיק זײַנע אויגן. די טראָפּנס — בלוילעך, ווי דאָס קיילעכדיקע אָפּל אויבן — אָפּגעשפּיגלט אין זיי. זײַנע אויערן־פּייקלעך דראָלן לויז זיך אָן, ווי אויפּצופּיקן. צפורהלע פּירט אים. ער האַלט אין איר זיך אָן. בלויז זי, מיט אַ צעבליונג אונטער דער דין־ווייכער הויט, אָנט די בלוילעכקייט, וואָס ווישט פון ערגעץ זיך אויף. אַ פאַרהוילעניש קוועלט זי אָן. עס ריזלען אין איר אויף לעבלעכע טראָפּנס, ווי זיי וואָלטן געוועקט.

עמעצער, וועמען זיי האָבן באַגעגנט אויף אַ פּרשת דרכים, האָט זיי געוויזן אַהערגייען. דאָ פּולכט אויף די ערד. מען קאָן אויף איר לייגן די קעפּ, מיט די אויערן אַראָפּ. אין איר אינעווייניק רוישט ווי אין אַ ריזיקן ים־מושל.

דאָ און דאָרט האָט אַ בוים זיי אַנטקעגן זיך אַרויסגעהויבן. זײַנע צווייגן און בלעטער — ווי זיך וויקלענדיקע ברואים, מיט קליינע אויגן, וואָס לויפן פּלוצעם איבער. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט, איז עס געווען דער ווייסער שטויב, וואָס האָט, ווי אַ שייד, זיך אַרומגעלייגט. זײַנע לעכלעך באַוועגן זיך, שיטן זיך — פון איין אָרט צום אַנדערן.

זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף לינקס פונעם אינעווייניקסטן וועג — אויפן פעלד נומער III. די אָפּצוימונג האָט אַהין זיך פאַרנייגט, זיי געפירט. פאַרן האַלבן טויער, מיט אַ קרומען אַקסל, איז געשטאַנען ליידיק די וואַך־בודקע. זיי האָבן געדרייט צו איר די קעפּ. ווען זיי זענען אַריבער, זענען זיי געווען נאַקעט. אין דער אַרומיקער אויסגעטרוקנטקייט פון אַ באַקאַויוון, זענען פאַרצערט געוואָרן די רעשטלעך פון זייערע קליידער. זייער הויט, ווי אויסגעריבענער מעש, האָט געגלאַנצט. זיי האָבן זיך געשטעלט איינער הינטערן אַנדערן. זייערע פיס זענען געטראָטן אויפן שמאָלעכן טראָטואַר. זיי האָבן איבער אים זיך פאַרבייגעווישט ווי בלויז לער־גייענדיקע קליידער.

פון דער לינקער זייט געווען זענען אויסגעשטעלט גלייך שורות איבער שורות באַראַקן. טראָטואַרלעך צווישן זיי. זיי האָבן נישט געוווּסט, צי עמעצער הערט זיך איין, פאַרנעמט זייערע טריט. זיי האָבן מורא געהאַט צו קוקן. פון די שייבלעך האָבן זיך געצויגן שטראַלן, געשווייסעוועט זייערע אַפּלען. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די וויעס; מיט זיי זיך פאַרדעקט.

די באַראַקן זײַנען געלעגן קליינע ביז ווייט, ווי אויף אַן אומענדלעכן ים־ברעג. דער ים — אויפן ראַנד, ווו אַלץ לאָזט זיך אַראָפּ. אויך זיי ציען שווימענדיק

אַהין אַריין. עמעצער באַגלייט זיי פון הינטן. זיי האָבן, מאַרשירנדיק, געשטעלט ווייכע טריט.

דער אַרום אינעווייניק איז פול מיט וואַרעמע פּריטשעס — שטאָק איבער שטאָק. פון די הילצערנע ווענט זעצט אַ ליידיקע דעמפּיקייט. פליגעלעך האָבן געזשומעט אין די אויערן; זיך איינגעדרייט אין דער לופט אין געווירבלען; אויפגעראַיעט, ווי באַוועגנדיקע זיך טונקעלע פּאַרהאַנגען, אַרום זיילן; זיי אַרומגעדרייט, זיך אָפּגעזעצט און אויפגעהויבן. זיי האָבן אַלע זיך אויסגעצויגן אין דער אָפּגעלעגענער איינגעטיפטקייט פון די שעניקעס; פאַרשטעקט אין איר די נעז. עס האָט אין זיי פון דער נאָענט אַריינגעהויכט דער ריח פון מידע גופים; געקראָכן אין האַלדז. זיי האָבן אים אַראָפּגעשלונגען. די פליגעלעך זענען איצט איבער זיי געפלויגן נידעריק; זיי געביסן די אויגן־דעקלעך, זיך געדעקט איבער זיי ווי קאַלדרעס, זיך פאַרשפּילעט שטעכיק אין זייערע לייבער. זיי האָבן געשפּירט ווי דער פרעמדער גופים־ריח צעגייט זיך אין זייער אינגעווייד. אונטער דעם געזשום, נידערט דער דרימל; זינקט אין זיי שווער ווי אַ טונקעלע טוך.

ווען זיי האָבן זיך איבערגעוועקט, האָבן זיי זיך נישט געכאַפּט, וועלכע צייט עס איז; ווי לאַנג זיי זענען דאָ. זיי האָבן נישט געוווּסט, צי די צעפּינטלטע העלקייט וואָס בליצט פון פענצטער, איז פון שטערן־ליכט, וואָס גיסט זיך איבער זייערע פּנימער, אָדער פון רעפלעקטאָרן, וואָס פאַרבלענדן; צינדן אַליין זיך אָן, לעשן זיך, צינדן ווידער זיך און באַלייכטן זיי. און אפשר איז פאַרטאָג? זייערע אויגן פאַר־קלעפּט בלויז אַ דין הייטל, לייגט זיך איבער זיי, אויסגעצויגן; זיי קוקן דורך — דער בלאָסער רויטקייט?

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די פיס; אַרויס אין דרויסן. עס האָט זיי אַרומגענומען אַ לבנה־ליכט, טונקל איינגעזילבערט. אַ ראָזע היץ האָט, ווי אַ האַרץ, געזעצט פון דער ערד. זייערע הוילע סטאָפּעס האָבן איבער איר לייכט זיך געשטעלט. דער הימל — פאַרלוירן אין דער ווייטער הויכקייט. צעפלאָסענע ליכט־פעדעם האָבן זיך געוועבט. זיי זענען געטראָטן ווי אין אַ פאַרקראַטעוועטן גאָרטן, אָן ביימער; געקוקט זיך אויף די לייבער; געזען, אַז אויך די האָר אויף זיי וועגגלען אָפּ.

אין דעם פאַרגאַנג פון דריטן טאָג האָבן זיי געטראָפן נאָך איינעם, אַ מענטש. געבליבן איז זיין געשטעל פאַר זיי אויסגעהוילט. בלויז ביינער־ראַמען אַרום, מיט איינגעפאַלנקייט אין צווישן. אַ שטריק אין זיין גוף, פון אויבן ביז אַראָפּ — האַלט אים שטייף. זיין פּנים — געשוואָלן אַרום, ווי אַ פאַרוואַקסענע סטאַטוע. זיינע אויגן, טיפע פענצטער מיט אויסגעהאַקטע שויבן, שפּיגלען נישט אָפּ דעם אַריינקוקער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ייד וואָס באַהאַלט זיך דאָ נאָך פאַר די

טאַל־טרייבער. ער האָט נישט געדענקט, ווען מען האָט אים אַהערגעבראַכט; דורך וואַנען עס האָבן געפירט די וועגן.

ער האָט געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון לובלין, דאָ נישט ווייט. זיי זענען אין מאַידאַנעק, אין בויך פון טאַל. מען האָט אים אַהערגעטריבן צוזאַמען מיט זיין שטאָט. זיי אַלע האָט ער געבראַכט צו קבורה. זייט דעמאָלט באַהאַלט ער זיך אויס. זיין באַהעלטעניש איז הינטער די הייזלעך. ער טוישט זי כסדר. ס׳רוב באַהאַלט ער זיך אין דער נאָענט פונעם הויפּט פון די באַפעלער. שוין טעג ווי יענער איז נישטאָ.

דער ייד איז נאָך געווען דערשראָקן פון דער שטילקייט. זי איז פּלוצעם אויפגעגאַנגען פון דער ערד דאָ, געפּלאַטשיקט אים אַראָפּ. איצט פילט זי אָן דעם אָרום; גייט איבער זיינע אויערן. ער טרינקט זיך אין איר. נאָכן בום פון יאָרן, קאָן ער צו איר זיך נישט צוגעוויינען. עס איז שטיל אויך אין די נעכט. עס האָט אין זיי געראַשט. תמיד האָט מען פאַרנומען דעם געגאַנג; ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. פון אַלע וועגן האָבן אַהער זיך דערנענטערט טריט.

ער האָט אויפגעשמייכלט צו זיי; געבעטן, אַז זיי זאָלן נישט אָפּשטייען ווי פיש. ער מוז זיי פילן. אַליין — פאַרלירט ער דעם פאַדעם; דער טאַל איז פאַר אים אַן אינדזל, געשיט איבער אָפּגרונטן.

פון איינגעפרעסטן באַרג האָט ער זיי געבראַכט קליידער, צו פאַרדעקן זיך. נישט בלייבן זאָלן זיי נאַקעט. זיי זענען צוגעפאַלן אויף זיי ווי לייבער אָרום לייב; זיי אַרומגענומען ענג. אויך שפּייז, אָפּגעשאַרט פון די פעלדער, האָט ער זיי געברענגט. ער האָט דערביי געזאָגט, אַז אַלע האָבן זיי איבערגעלאָזט אין אים זייער זריעה, כדי מיט איר איבערצוואַרטן. ער טראָגט זי אין די לענדן.

זיי האָבן דערפילט די אייגענע ליידיקייט. אַלץ פאַלט פון זיי אָפּ. עס האָט זיי געדאַכט, פרעפּלעניש לויפן, ווי הייסע ווינטלעך, אויף דער ערד, דרייען זיך צווישן זייערע פיס, זענקען זיי אָרום ווי רויך.

זיי האָבן באַשלאָסן, כאָטש עס איז שוין אויף צו מאָרגנס — דאָס אָרט נישט פאַרלאָזן; דאָ בלייבן. אַנגרייטן זיך בונקערס, ווי קרעטן אין זיי זיך פאַרגראָבן, דרייען זיך צווישן טעג און די נעכט. ער וועט זיין זייער וועגווייזער. עס האָט זיי געדאַכט, זיינע אויגן לעכערן אים דורך, זעען פוןביידע זייטן. זיי שפּירן אויס אויך פון הינטן.

אויך ער האָט זיך נישט געאיילט. ער פלעגט פּלוצעם פאַרשווונדן; מיטשלעפּן, ווי אַ געוואַנט, זיין אָטעם. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער צוגעלענט דאָס אויער צו דער ערד, צו פאַרנעמען. ער האָט געזאָגט, אַז אויך אין זיין אַליינקייט, האָט ער אים איינגעשרומפּן אַזוי, דעם גערוך אָרום; אין זיין באַהעלטעניש אים

איינגעצויגן, געוויקלט אַרום זיך. אַזוי ליגנדיק, איינגעזאַפּט דעם געברום פון שטאָט, איר רויש. אויך איצט ציטערן־איבער די טעלעגראַף־דראָטן; קולות, ווי ווינטלעך, לויפן אין חלל.

זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דעם דרויסנדיקייט אַרום. זי רירט אין איר עק אָן די ווייטקייט, וואָס הוילט אָן אויף דער לויפנדיקער ערד. זי קאָן אויסשפּרייטן זיך ביז אַהער.

דורך טעג איז ער איצט מיט זיי געזעסן און דערציילט: ער האָט זיי געזען אָנקומען שוין די ערשטע רגעס. ער האָט זיי נאָכגעקוקט, נישט ווייסנדיק צו וועמען זיי געהערן, דורך וועלכן טויער זיי זענען אַריין. אין די נעכט פלעגט ער קוקן אין די באַראַק־שויבן: געזונקען זענען זיי אין דרימל. זיי זענען געלעגן ווי געבונדענע מיט פרייע פיס. אָפּט מאָל — געשטרעקט די העלדזער. די נאַכט־שטרייפן האָבן זיי געקנופּט, זיך צעגאָסן איבער זיי. געוואָלט האָט ער וויסן ווו זיי זענען געוועזן דורך דער גאַנצער צייט; ווי עס זען אויס די שטעט. לויפן נאָך אויסגעהונגערטע ווינטלעך, ווי געווירבלען, דורך די גאַסן? צי איז נאָך געבליבן דאָרט די לערקייט? אַלץ קערט זיך אום צום פאַרן באַשאָף? דאָ, האָט ער געזאָגט, האָבן אַלע זיך פאַרזאַמלט. מען האָט זיי געברענגט פון מזרח און מערב. ביים אַריבערגיין דאָס טויער האָט אַ לויטערקייט איינגעזאַלבט זייערע פּנימער. אויך זייער זכרון אויף צוריק איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

זיי האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן באַהאַלטן זיך אין פאַרגאַנגענע צייטן. ערשט איצט אַרויסגעשטעקט האָבן זיי די קעפּ. די ערד איז אָפּגעליידיקט. עס קומען אָן אַנדערע באַשעפעניש. זיי קאָנען אויף איר קיינעם נישט. זיי קוקן אַריין אין גאַסן — זייערע הענט פאַרביידע זייטן אויגן: די גאַסן זענען אָן אַ דנאָ. אַלץ האָט פון זיי זיך אַרויסגעשאָקלט. פרעמדע פיס גייען אויף אויך פון הינטער זיי.

צום ערשטן מאָל האָבן זיי דערפילט, אַז זיי קאָנען זיך אומקוקן אויף הינטן. די טריט זענען וועגווייזערס אויף צוריק. די שטעט — ליידיקע סימנים פון אַ מאָל. די ערד אַרום זיי איז אָבער פאַרשיט. אַלץ איז פאַרווישט. ווי שטויב־טייכן פליסט זי אָפּ פון אונטער זייערע פיס.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט ער זיי געפירט איבערן טאָל, ווייזן די ערד אַרום, פון אומעטום האָט זי גערופן צו זיך, ווי אין אַן אַראָפּגאַנג. זיי זענען געגאַנגען, ווי אין אַ ריזיקער שטייג, וואָס איז ווייט הינטער זיי פאַרקלאַפּט. געווען פרימאָר־גנס, ווען עס האָט זיך געהויבן, פון אונטן ביז אַרויף, אַ וואַנט פון רעגן. ער איז

אויפגעגאַנגען פון טוי אין דער ערד און געשטיגן ביז די הויכן; געשטעלט זיך זיי פאַר די אויגן. צו מאָל האָט דער רעגן, געענדערט פון אויבן, זיך צוזאַמענגעטראָפן אין דער מיט — מיט דעם פון אונטן, וואָס גרייכט אַרויף. דיקע טראָפנס, ווי טרערן פון אַ מענטשן־ים, האָבן זיי אַנטקעגנגעזעצט אין פנים; זיי נישט געלאָזט גייען, כאָטש זיי האָבן אין דער מיט דורכגעשטעקט די קעפּ. זיי האָבן נישט געוווסט, צי די מחיצה איז אַ דינע; פאַרעקשנט קאָן מען זי דורכברעכן. פון יענער זייט גאָס איז דער חלל שוין אַ צעשיינטער, פאַרשפּרייטסט די אויגן און זעסט אויף ווי ווייט.

געוועזן טעג, ווען קליינע נעפּעלעך האָבן זיך געוויקלט איבער דער ערד, זיך געדרייט זיי צופוסנס. אויבן אַרויף; געוואָרן אַלע מאָל געשוואָלענער, ווי מיט אַ טראָגן — פאַרגאַנגען אין שלאָף. זיי האָבן זיך געמערט, די נעפּעלעך, און זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. אָט זענען זיי געוואָרן גרויס, ווי וואָלקן־הינט אין וועלכע מען קאָן בלויז פאַרשלונגען ווערן. איינער זעט נישט דעם אַנדערן. אויך די רופנדיקע קולות ווערן אויף אַ ווייל דיק, אַנגעטיורן, ווי אָט וואָלט אַ געדיכטע פּאַרע זיך אַריינגעקאָלערט אין האַלדז. פון דער ווייט, פון אינעווייניק, לייכט דורך אַ זון, ווי דורך פיס, אין קאַלירן. אָט דערגרייכט מען זי. מען קאָן זיי צעדריוולען, די נעפּלען, גיין אין זייער פייכטקייט, און מיט אַ מאָל ווערט טונקל. ווי אין פאַר־לאָשן ליכט, מען זעט נישט די אייגן אויסגעשטרעקטע הענט. עס צעשווומען זיך אין דער צעלויכטנקייט פנימער, וויעס; איברים דערווייטערן זיך קיילעכדיק איינער פון אַנדערן.

ער האָט געזאָגט אַז אַזוי איז תמיד ווען עס קומט אַ פרעמדער. די טאָלעכלעך דאָ ווערן אויסגעפּילט. די געבערגלטע העכערקייטן רויכערן־אויף אין די שפּיצן. אין דער גרויקייט פאַלט אַ שניי; עס פרישטשעט, פייפט אין די אויערן. אַזוי וואַקסן אויס וועגט, ווייכע, איבער וועגט. דער אינעווייניק דאַרף זיך צוגעווייגען צו זיי; אַנדערש, פאַרדעקט ער זיך. אויך זייערע אויגן דאַרפן זיך אַנגעמען מיט דעם חלל דאָ; זיך שטאַרקן איבער אים.

לייבל איז געוועזן אומרואיק. מיט אַן איינגעשפּאַרטקייט האָט ער געפּרוווט גיין ווייטער; צעשפּרייטן מיט די הענט די נעפּלען; זיי דורכלעכערן; שטעקן אין זיי די טריט. צו מאָל האָט אים געדאַכט, ער קומט פאַרויס; ער שטעלט די פיס אין די וואָלקנס. ער פאַרלירט זיי אַלע הינטער זיך. זיי בלייבן פון אים אָפּגעריסן. מעגלעך, ער גייט אַרויף. די וואָלקנס ווערן צו שטאָפּלען. ער שטייגט ווייך. ער האָט געוואָלט צוריק; דערשפּירן זייערע לייבער. זיך אַנשטויסן אין זיי.

צו מאָל איז פּלוצעם לויטער געוואָרן דער חלל אַרום. ער האָט זיך צעעפנט

קלאָר. קיין וואָלקנדל נישט. מען זעט אויף ווי ווייט. דער דרויסן צעמיניעט זיך פאַר די אויגן.

אין איינעם פון די טעג איז דאָס געווען. אַלץ האָט זיך איינגעשטילט. דער טאָל איז ווידער געוואָרן אויסגעגלייכט; אַ פלאַך פעלד, געקעסטלט; געטיילט מיט שטעכל־דראָט. אויף ווי ווייט — זאַמדן, מיט קליינע באַראַקן, געבויגן צו דער ערד. פון אַלע זייטן אַראָפּ — ליכט. נישטאָ קיין שאָטן. אַ זון נעמט דורך. דער ייד האָט זיי מיט זיך געפירט פון טויער אין טויער. זייערע קעפּ — אויבן, איבער די גופים. ער — פריער, אין דער זייט; זיי — אין דער ברייט; פון קיינעם נישט הינטערגעטריבן. בלויז זייערע רוקנס געבויגן צום פאָרויס.

ער האָט זיי געבראַכט צום פעלד I. אויך דאָ אינעווייניק, האָט ער געזאָגט, איז פאַראַן אַ וועג וועלכן מען מוז דורך. יעדער בלייבט דאָ אויסגעשטעלט בלויז אויף זיין אייגענעם באַראָט.

זיי האָבן באַנומען אַז דאָ ווו זייערע פיס טרעטן איצט, זענען געפירט געוואָרן יענע. זיי קומען זיי נאָך. זיי שטייען פאַרן סוף וועג, ציען אים אויס. עס רוקן זיך אונטער די לעצטע טריט.

זיי זענען נאָך געווען פון דער זייט, פריער. ער לויפט, דער וועג, זיי אַנטקעגן, אַ זיך לאַשטשענדיקער. ווי אַ טעפּעך בייגט ער זיך אַרויף ווייט הינטער זיי. ער נעמט זיי אַריין. מיט די שענקלעך רוקן זיי זיך פאָרויס.

ביסלעכווייז איז זיי קלאָר געוואָרן, אַז זיי דערגרייכן. אָט איז ער, דער איבער־גאַנג. טרעטסט אים אַריבער אַפילו ביסט נאָך נישט גרייט. די אויגן זעען דעם פאָרויס. אַנטקעגן וואַרט זי, די צעעפנטקייט. די פיס קומען אין איר. זי איז שמאָל. ציסט צו איר אין אַן ענגן וועג. ווי מיט אַ רידל ווערסטו באַלד אַריינגעשיבט ווערן. פוןביידע זייטן האָבן ליכט אויפגעצאַנקט פאַר זייערע אויגן. זיי זענען געגאַנגען צווישן זיי.

זיי האָבן זיך געפונען אויף אַ לאַנגן פּלאַץ — פאַר אַ טויער. לייבל איז געבליבן שטיין. ער האָט מורא געהאַט צו באַטרעטן די ערד. זי קרישלט זיך. אַרום — ליידיקע בענק; געשפּרייטע מיטן פּנים אַראָפּ, הויזן; האָר — קורצע, צעשיטע, שטויביק. די סטאַפּעס טרעטן איבער גאַרשטן, געבליבענע אין מיטן קריכן. זיי רייבן זיך פאַר די פיס.

ער האָט געוווּסט, ביז אַהער זענען יענע געיאָגט געוואָרן. דאָ האָט מען זיי אויסגעטאָן. אויף דעם פּלאַץ, וועלכן זיי פּילן איצט אָן, האָט אַ האַנט, ווי אַ שלאַבאַן, זיי פאַרהאַלטן; באַפוילן: פאַלגן, זיך אַראָפּלאָזן! אַ געדונעריי האָט פאַרטויבט

דעם אַרום. אויך דאָס לייב האָט זיך געשמאָלצן; די מלבושים — זיך געבלאָזן, ווי אַן גופים; זיי באַהאַלטן מער נישט. אַלץ פאַלט אָפּ. הענט, געליימטע, האָבן צום לעצטן מאָל זיך אויסגעטאָן פון אַרבל; פיס געהויבן זיך פון הויזן. ווי ערשט געבוירן, זענען טאַטעס געבליבן פאַר זייערע טעכטער; זי׳ס האָבן אַרויסגעוויקלט זייערע היפּטן אין דער לופט. אַ בלאַנקעדיקייט ווי ווייט. אַ וואַלד מיט לייבער. פון אַלע זייטן האָבן מאַשינקעס איצט אַרומגעגאָלט קעפּ; קיל געגלעט פאַרבאַרגענישן. אָפּגעטאָן יעדע מאַכט; ווערסט אויסגעטאָן פון איר. אַ ווײַלע זענען זיי געוואָרן צו פעלדער פאַרן פאַרדאַרבן; אַראָפּגעשניטן האָט מען פון זיי יעדן אַנוווקס, ווי תבואות אים געזאַמלט אין זעק. אָפּגעשיידטע, זענען אין זיי געפלויגן צעפּ, בערד אַן פּנימער; ווייך־זײַדענע ראָלן — אַן די לייבער.

מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט, אַזוי זענען זיי אַריינגעלאָפן — טויזנטער נאָך טויזנטער. זיי האָבן אויפגעריסן די אויגן. דער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. אונ־טערן אויפגעפּייף פון דינע פייערן, זענען געצויגן מאַמעס מיט צענומענע אָרעמס — אָפּגעשיידט פון זייערע קינדער; ברידער — אויף פלאַטשיקע פיס; טעכטער — אַן שוץ. פאַרשלונגען געוואָרן זענען אויספּיקנדיקע זיך שוועסטערלעך; יתומים — אַליין אין זייער אַליינקייט. געיאָגט האָבן זקנים מיט כרת אין די לענדן; קינדער, אַריבערהיפּערנדיקע איבער זייערע יאָרן, ווי איבער גריבער. צווישן די פיס פון זכרים און נקבות זענען דורכגעצויגן יינגלעך, אויסטויגערס, זיך צו ראַטעווען, אַנקומען די ערשטע.

אויך לייבל האָט אויפגעריסן די אויגן. דער געלויף דויערט. מחנות אַן אַטעם איילן, ווי אויסגעשפּאַנטע פערד, אים פאַרביי. אונטער די פיס פון בלינדע אָן שטעקנס, האָט ער געצויגן אויף צוריק, דער באָדן; איינגעזאַמלט אין זיך געליימטע — אַן וועגעלעך; טויבע — מיט פאַרחתמעטע, שאַרוועדיקע אויערן; שטומע — שטיינער פאַרשלונגען אין זייערע העלדזער. דער ווינט בלאָזט אויף זייטיק פון זייערע מיילער. עס שפּרייזט אַליין דער פאַריסאָוועד רבי. שוין אויף תמיד — זיין דויער פאַרשטאָפּט; אָפּגעדעקט — זיינע אבות. זיי גייען־איין אין טראַכטן. בייטשן שניידן זיך, פינקלען פאַר די שלייפן. זיי ווערן קלענער און קלענער.

ער האָט פּלוצעם דערשפּירט די לעצטע רגעס. אַזוי זענען זיי געווען ביי אַלע: מיט אַ געבלענד פאַר די אויגן, אַנטפּלעקט ביזן שורש, זענען זיי געלאָפן — די הענט באַהאַפטן אונטער זיך. אַלץ לאָזט זיך אויס; ווערט — אָפּגעהאַקט אויף צוריק. פון תמיד זענען זיי, די איברים, געווען איבעריק. אַנגסטן האָבן אַרויסגעזעצט פון לייבער. צונויפגעקלעפּטע מיטן לעצטן שווייס, האָבן זיי איצט זיך אויסגעמישט; געריבן זיך איינער אין אַנדערן; אַרויסגעשטעלט פיס ווי פון איין גוף: וואָס גיכער

צוריק אַריין, אַנטרינענ פון יעדער רגע. פון דער ווייטנס האָבן מיט פייער זיי אַנטקעגנגערעגנט די אותיות ״האַקנהאַלט־באַד״. זייער בליק האָט זיך געטונקען. פאַר די אויגן האָט געבליצט. גרויסע בלומענטעפּ; פרישע געוויקסן. די גופים — שלעפּן זיך מיט. דאָ איז עס! נישטאָ קיין אויגנבליק צו פאַלן; אַריינשטעקן דאָס פּנים; אַ רגע זאָל זיך איבער עס אַ וויש טאָן.

איצט זענען זיי, די אותיות, איינגעלאָשן. עס איז שטיל דאָ. די רייע אָפּגעהאַקט. אַלע אויערן דערווייטערט, אויסגעדרייט. נאָר וואָס איינגעזאַמלט געוואָרן. געבליבן זענען בלויז, ווי איינגעקריצט אין חלל, די בלעטער — צעוואַקסענע אין שטויב. זיי שטייען פאַרגליווערט, איינגעטוען אין דער ליידיקייט.

ווען זיי זענען אַריבער, האָבן זיי זיך געפונען אין אַ האַלב־פינצטערן באַראַק, אַ גלאַטן. פון ביידע זייטן אינעווייניק האָט ער צוגעלענט די עפענונגען אָן קלאַמקעס; די טירן הינטער זיך פאַרקלאַפּט, ווי ווייך־פייכטלעך האַלץ. די לער־קייט האָט זיי אַריינגענומען אין זיך; זיך געשלאָסן פון הינטן. נישט דרייסטע, האָבן זיי ווייטער געשטעלט טריט. זיי האָבן דערשפּירט אַרום זיך אַ פּוסטקייט — נישט צום דערכאַפּן; אַ חלל — אָט זיך אויסגעהוילט. אונטן האָבן זייערע סטאָפּעס געטאָפּטשעט אין אָטעמס; געטרעטן קיל אין ווינטלעך. די שפּיצן פון זייערע פּיאַטעס האָבן באַרירט גלאַט דעם אַספאַלט; געשטאַנען אויף אים. אַ מיניענדיקע גרויקייט פון אַנטקעגן האָט, ווי אַ נעפּל, דורכגענומען די טונקלניש, געציטערט אין איר, כוואַליענדיק זי געשטופּט אין די ווינקלען. גאָר נישט האָט מען פון זיי אַרויסגעזען. זיי האָבן דערפילט ליכט־זיילן ווי שטויבפּאַסן, וויקלען זיך קרומלעך פאַר זייערע אויגן; פאַרלייגן זיך ענג ווי ווייט־בלישטענדיקע קייקעלעך. זיי נעמען זיך אַראָפּ, די ליכטזיילן, ווי צעהעלטע באַנדאַזשן, לעכערן דורך די קאַמער־ברייט. שפּרייטנדיק אַלע מאָל זיך גרעסער, בלאָזן זיי זיך אָן, צעגיסן זיך, שאַריעדיק, אין אַ וואַסערגאַס. עס האָבן אויסגעטיילט זיך די ווענט. ער האָט איצט קלאָר דערזען אויף זיי, זייטיק, איינגעמויערטע שיסעלעך מיט אַרויסשטעקנדיק־געקירצטע גריבע זייף־צונגען, טרוקן־אויסגעצערטע. די שיסעלעך הענגען, נידעריק, ווי קעשענעס אויפן אַרומיקן בעטאָן. לייבל און זיי אַלע האָבן זיך געהאַלטן אין דערמיט אַספאַלט. ווייט פון די ווענט, אין די זייטן. די הענט אַרומגענומען, פאַרלייגט איבער די גופים. פון אויבן, איבער זייערע קעפּ, האָבן געסטאַרטשעט דין, ווי אויסגעקוועטשטע מעטאַל־אייטערס, די שפּריצערס. ער האָט געוווּסט, פאַרבלענדטע, האָבן זיי צו זיי געלעכצט, צוזאַמענבאַהאַפּטן די לייבער — געגאַרט נאָך אַ טראָפּן, ער זאָל אַראָפּ־טריפן. זייערע שוואַרצאַפּלען — אויבן אַנגעהאַנגען; די צונגען אַרויסגעבלעקט;

די גאַרגלען — אַרויפגעכאַרכלט, און — ווען גאָר נישט איז געקומען — האָט עס זייערע גופים אונטערגעהויבן. זיי האָבן זיך דערלאַנגט; די אויפגעריסענע מײַלער — גענייגט אַרויף; די קעפּ — פאַרוואָרפן.

זיי האָבן איצט געדיכט געשלונגען, יענע, דעם אײַנשרומפּנדיקן זיך חלל. ווי אַן אומגעזעענע פלאַכטע, האָט ער, שווער זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די אײַנזייגנדיקע זיך אייטערס. אַ האַנט פון אויבן האָט ענג זיך פאַרלייגט פאַר זייערע אויגן; פאַרקוועטשט זײַ די נאָזלעכער, ווי מיט האַקעס — זיי אַרויסצוהייבן. די מײַלער — צעשפּרייט פון דער אַרײַנדרינגנדיקער לופט. נאָענטע, ווי עוברס, האָבן זיך אײַנגעקוועטשט — איינער אין לײַב פון אַנדערן; די אָרעמס אַרומגעשלאָסן; די גופים צוזאַמענגעשווייסעוועט. צעבערס מיט דער אומגעזעענער פליסיקייט האָבן זיך געגאָסן אין זיי.

ער האָט זיך געכאַפּט, לײַבל, אַז אין די געציילטע רגעס, וואָס זיי זענען דאָ, איז עס געשען: די בײַנערדיקע פויסט האָט דושנדיק זיך געשטעקט אין זייערע העלדזער; פון זייערע גופים טיף אַרויסגעשלעפּט די אָטעמס; זיי אויסגעפּאָמפּעט. זיי אַליין, ווי לײדיקע פאַרעמס אַוועקגעוואָרפן — דאָ איבערגעלאָזט.

אויך ער האָט טיף אַ שנאַפּ געטאָן. ער האָט קלאָר זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז זיי האָבן געדאַרפט זײַן צווישן יענע. זיי האָבן זיך אויסגעבריט אין איין טראַכט — צו אַ לײַב. זייערע אָדערן, די זעלביקע, ציען זיך צו אים. נאָר געציילטע שריט שיידן זיי פונאַנדער. זיי האָבן פאַרשפּעטיקט אויף איין אויגנבליק; מיט אַ רגע, וואָס שפּרייט זיך. איצט האָבן זיי אָנגעיאָגט. זיי שטייען אויפן זעלביקן אָרט; די פּיס באַרירן דעם דיל.

ער האָט זיך געטאָפּט דאָס לײַב. ער האָט פאַרנומען, ווי עמעצער פון דרויסן לענט צו אויך די אַנטקעגנדיקע שפּאַרעס. זיי ווערן אַרומגערינגלט מיט פינצטערניש. זי פליסט אָן, העגנט זיי אַרום ווי טיכער. זיי ווערן פאַרוועבט אין איר. ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן אָפן די אויגן, זיי אויפצורײַסן. די שוואַרצקייט פאַרטרונקט, פילט אָן זייערע אויערן. זיי ווערן אײַנגעעקבערט אין דער געדיכטעניש.

אַ רגע האָט ער זיך אײַנגעהערט. ער האָט באַנומען אַז דאָ, אין דער צעעפנטקייט, אין אַרײַנטריפנדיקן ליכט, האָט מען נאָך דעם יענע אַלע געטראָפן שטייענדיק; מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ ווי געהאַנגענע; די הענט אַרומגענומען; אויף די אָרעמס — די פּיצלעך קינדער, ווי גרייט צו גייען. אַן עדה שטייענדיקע מתים אין אַ גרויסן אָרון. דער אומרו — פאַרשוווּנדן פון פּנים. ווינטלעך האָבן זיי געטרוקנט, פונאַנדערגעקלעפּט. דאָ האָט מען זיי אָפּגעטיילט, יעדן. צעוואָרעמט נאָך, מיט אַן אויסוועפּנ־

דיקער פּאָרע, האָט מען פון דאַנען — שוין ליגנדיקע, אין אַ שורה איינעם הינטערן אַנדערן — זיי אַרויסגעטראָגן דורך דער הינטערשטער טיר. די לופט האָט זיי געוואַשן. ווי אין שפּיל, האָבן צו צוויי הענט פון יעדער זייט, זיי צעוויגט, געוואָרפן אין דער לופטן, ווי געטאָן זייער רעכט.

מיט אַ מאָל האָבן זיי דערפילט, אַז זיי זענען נאָך דאָ, יענע. פאַרעקשנטע, ווילן זיי נישט אַרויס. דער קאַמער איז פול מיט זיי. פאַרשטעקט זענען זיי אין די ווינקלען, ווי זיי וואָלטן צוגעוואַרט. מען פאַרנעמט דעם געשאַרך פון זייערע לייבער. די הויטן ווישן זיך. זייערע באָרוועסע טריט זענען פאַרזעצט נאָך אין באָדן. זיי פּאַטשן אונטן, בלעזלען אויף וואָס העכער; הייבן זיך, אויף אַלע פיר, פון דיל. עס ווערט ענג און ענגער. זיי דאָ זענען פאַרשטעקט צווישן יענעס ליגנדיקע גופים. זיי רייבן זיך, יענע, מיט די הוילע פלייצעס אַרויף, געפּאַלענע — ווי ביי כּורעים.

זיי האָבן אויך פאַרנומען, ווי עס גיסט זיך פון די ווענט. עס ווישט זיך פון זיי. נאָכן געשעפּטש פון זייערע רופן, וואָס האָבן פאַריאושט געוואָלט זיך דערלאַנגען נאָך דער נישט געקומענער הילף, פאַלט ער אָפּ, דער עכאָ, פון זייער קול. ער טויכט אויף, וויל זיי אַראָפּנידערן. עס גליטשט זיך פון אַרום דער געזעץ פון זייערע פויסטן. ער דריקט זיך ביינערדיק צו זיי, וויל זיי אָנכאַפּן פאַר זייערע זוימען. פינגער גייען אויף, הייבן זיך איבער זיי; שטעקן זיך אויבן; ברעכן זיך איבערן דאַך אין אַ לייכטן געוויש. עס שיט זיך. דער אַרום ווערט אָפּגעשטופּט, אויסגעפילט מיט דער זיך ברעקלנדיקער ברומעניש. עס דעקט זיך, ווי אַ שטייגנדיק וואַסער, איבער זיי.

זיי האָבן זיך אייגנגעהאָרכט אין דער שאַרכעניש. אויך ער האָט דערפילט, דער דיל אונטער זיי זינקט. דער אויבן בלייבט ווייט. זיי שטייען איבער גופים, וואָס שפּרייטן זיך אונטן, ווי אויסצופּלאַסטערן, צו פאַרשטאָפּן מיט זיך די ברייטקייטן.

באַלד האָט ער באַנומען אַז אַהער האָבן זיי נישט געטאָרט קומען; זיי מישן דאָ מיט זייערע גופים. זיי שטערן דעם חלל, פאַרשוועכן מיט זיי דעם אַרום. זיי זעגן־איבער, זייערע אָטעמס — די פולקייט דאָ. זיי קרייצן זיך אַראָפּ צום דיל, און אַרויף הויך איבערן צודעק; זיי באַרירן די לויטערקייט.

ער האָט געטראַכט, אפשר איז נאָך נישט צו שפּעט; אפשר זיך אויסדרייען; דערכאַפּן די רגע פון פריער, אַריין אין איר, און זיך צוריקציען?!

פּלוצעם האָט ער אַרום זיך זיי דערשפּירט, זייןַ באַגלייטער. די רגעס טריפן אין זיי. עס האָט אים געדאַכט צו פאַרנעמען דעם אויפבְרום פון זייער גוף. זיי

רוקן אַלע זיך צוזאַמען. עס ווערן לויזער זייערע הענט אַרום אים. זיי פּרירן. די מלבושים בלאָזן זיך אויף זיי, ווי האָר; טיילן ווינטיק זיך אָפּ; שטעלן זיך שטעכיק. זייערע גופים קרעכצן אויף, לאָזן זיך נאָך. ער האָט געוווּסט, זיי ווערן שוואַכער. אַ געליימטקייט פּילט אָן זייערע איברים: דרייט זיי אַראָפּ. אויך זייערע אויגן ווילן זיך שליסן; די דעקלעך אַראָפּהענגען. עס איז אים באַפאַלן אַ בהלה, אַז באַלד וועט ער זיי נישט האָבן. זיי וועלן אים מער נישט קאָנען איינהאַלטן, דעם אָטעם אין זיך. אויך ער ווערט אַריינגעצויגן. אָן אָנמאַכט, ווי אַ משא, צעלייגט זיך איבער אים. די לופט אַרום איז ווי אָן אויפגעשוואָלענע. זיי קאָנען נישט אויפשרייען, זיך באַוועגן אין איר.

באַלד האָט ער זיך איינגעשניטן פאַרויס. מיט די אויסגעצויגענע הענט געטאַפּט פאַר זיך. ער האָט געפילט, זיינע פינגער באַרירן די ווענט. ער קרייזט זיי אַרום. זיי אַלע האַלטן זיך אין אים אָן; זייערע פיס שאַרעווען באַרוועס איבער דעם אַספאַלט. אַ רגע האָט ער געוואָלט היפּערן ווי איבער אונטערגעלייגטע דלאָניעס. עס האָט אים געדאַכט אַז מיט יעדן רייב מעקט ער אָפּ, פאַרווישט שפּורן. ער פאַרגלעט זיי. מיט די פיס, האָט ער מורא געהאַט, קאָן ער נאָך אויף עפּעס אָנטרעטן. באַלד האָט ער דערגרייכט די טיר־לויזקייטן. ווי פון דרויסן האָט מען זיי צעעפנט. אַ שטיק הימל. אויך פון דער אַנדערער זייט איז געווען אָפן, זוניק. אַ לופט־שטראַל האָט בלענדיק זיך געגעבן אַ שנייד אַריין. ער האָט דערזען די פּנימער פון הינטער זיך. אַלע זענען זיי פייכט געקנייטשט, ווי פון קינדער, עופעלעך, וואָס וויקלען ערשט זיך אַרויס.

נאָך דעם זענען זיי געגאַנגען פון דער אַנדערער זייט גאַזקאַמער. זיי האָבן זיך געפונען אויף דער סטעזשקע צו דרום — צווישן הויך־אָפּגעצוימטע פון ביידע זייטן פעלדער. זיי זענען געטרעטן איבער איר לענג. אונטער זיי — גרודעס־פאַרהאַרטקייטן מיט געהעכערטע זאַמדרעלסן, פאַרשטייפטע פון רעדער — פאַרנ־דיקע אַהין און צוריק. דער וועג — שמאָל, ראַמפּעדיק. זיי רוקן זיך אין צווישן. די גלאַטיקייט — פון קיינעם נישט באַרירט, אָן אָפּדרוק פון פיס־סטאָפּעס. זיי גייען מיט מורא אויפצורירן די פרישקייט אונטער זיך. אין דער ברייט אונטער די פאַר־טרוקנטע זאַמדרעלסן, ליגן גופים — באַן־שוועלן. זיי קאָנען נאָך מיט די פיס זיי אָפּדעקן. פון דער הייך, פון ביידע זייטן שטעכל־דראָט, גרייכן די ווייסע ליכט, לאַנגע; מיט בלאַסע פלעמלעך, לייכטן דורך זייערע אויגן־דעקלעך, רויטלען זיך אין שיין. זיי שטרעקן זיך קרומלעך, ווי צעשמעלצטער זילבער, ווייך־געסטאַיט, אָט

לאָזן זיי איבער זיי זיך אַראָפּ, ווי צעהעלטע פאַן־שטאַנגען. דאָס ליכט לייכט תמיד, אויך ווען קיינער איז נישטאָ, אויף די ליידיקע פעלדער.

זיי האָבן זיך געכאַפּט אַז דער לובלינער ייִד, וואָס האָט דאָ זיך אויסבאַהאַלטן, גייט צווישן זיי — דאָ פאַרנט, דאָ הינטן. זיין קאָפּ — אויסגעצויגן. ער קוקט אַריבער. זיי האָבן נישט געדענקט, צי ער איז מיטגעווען אין גאַז־קאַמער, צי איז ער דאָ אויסגעוואַקסן. דער ייִד האָט זיך גערוקט, ווי אויף די שפּיץ־פינגער. זיי האָבן געזען, זיינע שיך — פון אַלטער לייוונט. זיין געשטעל הויערט בלאָס אַנטקעגן זייערע שטערנס. ווי פון הינטער בערג האָט דורכגעוואָרעמט אַ ליכט־שאַרף. אַנטקעגן זיי האָבן זיך גערוקט די וואָלקנס, זיך אַראָפּגעלאָזט וואָס טיפער, ווי אַ חיה וואָס שפּרייט זיך פון אויבן. אירע לאַנגע, הענגענדיקע פיס צעגייען זיך אַראָפּ. ער האָט זיי געזאָגט אַז יעדע רגע איז דאָ דער עיקר, ווייל עס האָבן אין איר ביי ווענען זיך פאַרמאַכט די אויגן. דורך דאַנען האָבן וועגענער, הויך אויפגעלאַדענע, זיי אַוועקגעפירט, זיך געשלעפּט איבער אַ לאַנגן זאַמד־צודעק. די אייזן־רייפן אַרום די רעדער — צעווייסטע, אויפגעוואָרעמטע; צו מאָל האָט ער, דער ייִד, אַריינגעקוקט אין זייערע אָפענע שפּעלטעלעך, געוואָלט אַריינלאָזן אין זיי ליכט.

זיי האָבן איצט געזען אַז זיי זענען שוין פון דער אַנדערער זייט. וואָס אַ מאָל בלייבט אַלץ מער הינטער זיי. זיי דערווייטערן זיך. די ערד אַרום אָטעמט זיי נאָך. מיט קליינע טריט שפּרייזן זיי פון איין קיילעך איבערן אַנדערן. אָפּט האָט זיי אויסגעזען אַז דער טאָג פון יענער זייט ציט זיך אייננער. ער דעקט זיי איין. אויך פון אַנטקעגן פאַרט מען נישט. עס ציט זיי צוריק דער הינטער זיך. אין ערגעץ קומט מען נישט אָן, זיי אָטעמען אַריין אין דעם אַרום.

דער ייִד האָט זיי געהייסן גייען אין דער מיט, צווישן די דראָטן. אויך אין צווישן טאָר מען נישט בלייבן.

ערשט ווען זיי זענען אַריין אין צעפּראַלטן טויער פון פעלד V, האָבן זיי זיי דערגרייכט. אַ ים מיט לער ליכט האָט זיי אַנטקעגנגעשיינט; פאַרטרונקען ביז איבער די אַקסלען. אַלץ איז פאַר זיי געלעגן צעעפנט; אַ גלייך פעלד, אומענדלעך. זיי האָבן געקוקט פאַרויס אין דער צעצויגענער העלקייט. זי האָט זיך געזעצט און געשטיגן; זיך געוויקלט ווייט איבערן פלאַך. קיינער איז אין דער אַרומיקייט נישט געווען. אויך אין זייערע גופים שווילט אויף ליידיק אַ ליכט. די שטראַלן האָבן פאַרלייגט פאַר זייערע אויגן געשליפענע ברילן, אויף ברילן, צעלאָזט זייערע שוואַרצאַפּלען. זיי האָבן נישט באַנומען צי דער ריטעם, וואָס גייט אויף, איז פון

זיי. צו זייערע אויערן דערגרייכט אַ געקלאַפּ, ווי פון טויזנטער זייגערלעך. דער אַרום גייט; קלאַפּט זיך איין אין דער שטילקייט.

זיי האָבן געוווּסט, זיי זענען אינעווייניק. זיי זענען אַריינגעדרונגען ווייט, מחוץ לתחום. זיי זענען אין דעם עיקר. עס פאַרבלענדט זיי דאָס פעלד. פון אַלע זייטן רייסט זיך צו זיי אַ ריח, קלאַפּט זיי אין די שלייפן. זיי האָבן געוואָלט ווישן זיך פאַר די אויגן. אַ רגע האָט זיי געדאַכט, ז׳ גייט אָן אויף זיי, די פאַרדעמפּעניש, ווי שווערע טייכן; ז׳ פאַרגיסט זיי; זיי זענען אין איר. עס דערנענטערן זיך ווינטיקע ימים מיט וועלף, בייגן זיי אויף הינטער זיך. ווי באַריערעס איבער וואַסערן רינגלען זיי — זיי אַרום. באַלד צעלאָזן זיי אַליין זיך אין פליסיקע פעדעמס.

ווען אַלץ האָט זיך צעקלאָרט, האָט זיי אַריינגענומען — איז דאָס פעלד געלעגן פאַר זיי ביז אַראָפּ ווייט, ווו דאָס אויג גרייכט — אָן אָפּנס. הונדערטער ברייטע בית־עולמס, צוזאַמען. זיי האָבן דערזען, שוין דאָ, נאָענט פאַר זייערע פיס, פאַרנייגט זיך שאַרף די ערד, פּלוצעם ענדיקט זי זיך; ווערט אָפּגעהאַקט. אַ תהום ציט זיך פון דאַנען ביז ווייט אין ראַנד. זיי שטייען נאָענט איבער אים. אַרומגענומענע, מיט באַרוועסע פיס זענען זיי געטראָטן. לייבל, אַ גרויער פון שטויב, וואָס האָט אים אַרומגעקלעפּט, האָט פון איין זייט, די האָנט געבויגן אַרום אסתרלען, ז׳ צוגערוקט צו זיך, ווי אַ קערן אין גוף צו פאַרבאַרגן. פון דער אַנדערער זייט, האָט ער געהאַלטן צפּורהלען מיט אפרימען — פאַרשטעלן, ווי פאַרווישן מיט זיך, די זון פון פאַר זייערע אויגן; זיי זאָלן נישט זען; זייערע גופים דאַרפן נאָך וואַקסן. זיי זענען איצט געשטאַנען איבערן ברעג. זיי האָבן זיך נישט געכאַפּט, צי זייערע פיס אונטן שטעקן זיך אין אויפגעגראַבענעם זאַמד; זייערע סטאַפּעס וואַרעמט די ערד־שיטערקייט, אָדער ווי קראַנק בליעכץ בלייבן זיי פאַרזעצט אין דער אַשיקער לעבלעכקייט אונטער זיך. די ריחות, ווי ריזיקע ליילעכער, ציטע־ריקע אין ווינט, האָבן פון אַלע זייטן זיך געהויבן אַרויס פון די פעלד־אָפּנקייטן; געפלאַטערט ביז די אומענדלעכקייטן; פאַרשטופּט ווייט די לופט, פאַרפולט איר אָרט. מען קאָן נישט שטעלן די טריט. אונטער זיי איז דער גרוב.

זיי האָבן געקוקט פאַר זיך. זייערע אויגן — פאַרטרונקענע. די צעעפנטקייט שווימט אין זיי; צעשפּרייט אויף ווי ווייט, פאַר זייער בליק, מיט אַ פאַרטרוקנטער שוים — די אָרעמס. פון דער ווייטנס, אין סוף פון פעלד — האָבן פון הימל זיך אַראָפּגעלאָזט קופּערן־צעשטראַלטע זיילן; צערויטלטע האָבן זיי זיך געגליטשט ווי צוין אין תהום, זיך צעגאָסן זידיק, פאַרשווענקט די ראַנדן; זיי פאַרבלענדט.

און אפשר לאָזן זיי, די צעצונדענע ציין זיך נישט אַראָפּ פון אויבן? דאָס

גרייכן זיי גאָר פון די טיפקייטן אונטן — קיילעכדיקע, ביז אַרויף די הויכקייטן? זיי גייען אויף איבערן פעלד, ווי כּוהנים; צעשמעלצן זיך ליכטיק, מיט בלינדקייט פון אָפענע אויגן, וואָס ווילן זיך הייבן, געבויגן איבער דער ערד?

פון אַלע זייטן האָבן איצט ריזיק־דורכזיכטיקע ווענט אַרומגענומען דאָס פעלד; זיך צערוקט און צוריקגעקומען.

דער גרוב האָט זיך אַרויסגעהויבן מיט אַרויפדערלאַנגטע שיכטן — איינגעלייגטע איינע נעבן דער אַנדערער. אויפגעגראָבענע קברים — אָן מחיצות וואָס צעטיילן. זיי זענען דאָ געלעגן פּאָר זיי — אַלע מיט די פּנימער אַרויף, ווי זיי זענען געבוירן — קאָפּ ביי קאָפּ, פוס ביי פוס. ס׳רוב — מיט אָפענע אויגן — פאַרגלייזט צוליב דער געבלענדעניש אין זיי. שורות בייכער און לענדן, נאָך מיט לייב אויף זיך. די הויט מיט פאַרברוינטער האַרטקייט; פאַרקאָוועט מיט גרויעכץ. די פויסטן פאַרמאַכט, ווי מיט גאַרשטן אין זיי. אַלע — שטערן ביי שטערן — אויסגעגלייכט ווי לאַנגע פּאָסן. מוטערס מיט קינדער — די קעפּלעך געטוליעט אין זיך. די הענט — אויבן, פאַרלייגט ווי אַ שאָל אַרום. די מאַנסבילן — אַלע ווי געמלעט דערצו. זייערע נאַקנס פאַרדעקן עקשנות. זיי זענען איינגעשפּאַרט. זיי באַהאַלטן זיך אַראָפּ, כאָטש זייערע פּנימער געווענדט צו אונדז. זיי באַרירן, די פּיס־פינגער פון יעדער שורה — די קעפּ זיי צופוסנס, זענען פאַרשטעקט אין זיי. די זייטיקע סטאַפּעס שאַפן אַ זוים אַרום אַלע ברייטן. אויך פון די אונטערשטע שורות זעט מען זיי אַרויס, ווי אויפגעשטעלטע האַטשיקס, מיט איינגעבלייכטע פינגער, אין אָנשטרענג אַרויסצוקריכן.

לייבל האָט געקוקט ביזן ראַנד, דאָרט ווו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ. זיין אויג קאָן זיי נישט אַרומנעמען. עס איז אָנגעפילט. וואָס ווייטער ווערן זיי קלענער, די שורות, ווי קברים פון קינדער. געוווּסט האָט ער, אַז דאָ איז דאָס טויטן־פעלד. זיי שטייען איבערן טויער. דורך דאַנען קומט מען אַראָפּ. יעדע שורה פאַרדעקט זי, די שורה פון אונטער זיך, ווי זי וואָלט זי מיט זיך קובר געווען. יענע, די אונטערשטע, קלאַמערן זיך אין זיי. אַנדערש, פאַלן זיי אין פאַרהוילעניש. זיי דעקן איבער אויך די שורות אונטער זיך. די הענט און פיס פאַרשפּילעט איינע אין דער אַנדערער. אַזוי נעץ אונטער נעץ, אָן אַ דנאָ.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, אַז דאָס איז גאָר נישט אַזוי פאַרהוילן. אַלץ פליסט פּשוט. זיי שטייען דאָ, זיי אַלע, פאַר אים, דעם איבערגאַנג. ער האָט דער־

גרייכט יעדן יחיד. ער איז איבער אים אַריבער. יאָרן זענען זיי, אַלע אַרום אים, איינגעזאַמלט געוואָרן. ער שטייט איבער זייער קבר. ער איז זיי נאָכגעקומען. זיי ליגן, ווי די דורות — אונטער דער ערד — אויף אַלע בתי־קברות. מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך צעעפנט, די קברים; אָפּגעטאָן איז געוואָרן די אייבערשטע שיכט פון צווישן; זי האָט זיך אָוועקגעשאַרט, די ערד, פון איבער זיי — ווי אַ קאָלדרע. ער האָט געזען, זיי ליגן אַלע מיט די העוויות, מיט יסורים פון דער לעצטער מינוט — אויף זיך; צעקרימט די פּנימער, די גופים; אויסגעדרייט אין גרימאַסעס. יעדעס איבר גייט באַזונדער, ווייל אַנטלויפן — פּאַר זיך. אַזוי די אויערן — יעדער פון זיי — אַליין. די גאָמבע — פאַרקראַמפּט, ווי נאָך אין מיטן וועלן זיך אָוועקרייסן. קיין מאָל וועט זיי שוין נישט אַרומנעמען אַלע — דער צלם אלוהים.

אויף תמיד שוין וועט זי, די ערד, בלייבן אָפּגעדעקט. מיר זענען איצט איין עולם, אָן אָפּענער — מיר און זיי. מער זענען מיר נישט צעטיילט.

ווען זיי האָבן זיך אויסגעדרייט אויף לינקס, האָבן זיי דערזען, ער שטייט דאָ נישט ווייט, דער ייד, פאַר רויט־ציגלנע רער־בנינים. זיי זענען אין דער זייט, הינטער אים. ער איז אַ טייל פון דעם פעלד. ער פליסט אויף ווי אַ הבדלה. אַרום זיי וויקלען זיך אַלץ די ריחות, איצט — ווי פּעק צעדריוולטע שטריק. זיי צעפּאַלן, טרינקען זיך אָן מיט איבערגעשטאַנענקייט פון די גופים. זיי שמעקן זיי איין. זיי קומען אין זיי, ווי צעליכטיקטע שטויבן. עס עפענען זיך — אַנטקעגן — זייערע מיילער. זייערע צונגען שטרעקן זיך. די געדעמפעניש גרייכט אַראָפּ אין זייער אינעווייניק. די גערוכן וואָס וויקלען זיך אין זייערע געדערעם — נעמען אויף, זאָפּן זיי איין. זיי שוועבן אַרויס פון יענע אונטן, ווי דורכלויכטנדיקע זיילן, און — שטעקן זיך אין זיי. זיי פאַרייניקן זיך — נישט אָפּצושיידן. זיי אַליין גייען מיט די פיס אָן אויף זיי, אין די אויסגראָבונגען.

ערשט איצט האָבן זיי זיך געכאַפּט אַז ער שטייט, דער ייד, פאַרן אויוון. ער וויל אויפשטייגן; פאַרמאַכן זיינע אויגן שוין פאַר אַנדערע זעאונגען. אַרום בלייבט קיינער נישט אויף אים צו האָפן. אַ זיך לאַשטשענדיקע היץ קנאַקט כסדר זיי אין פּנים. אויף ווי ווייט זענען זיי אָפּגעדעקט; נאַקעט, אַליין; אָן עמעצן, וואָס זאָל זיי וואַרעמען. די רויטע ציגעלעך, ווי נפשלעך, איינער אויפן אַנדערן — זענען פון דעם אויוון. פונעם רויען פלייש עסט זיך איין אַ צוגעזענגטע זיסקייט; דרייט אַרום דעם קאָפּ. פינף לעכער, ווי פאַרדייענדיקע מיילער, שטרעקן זיך. עס טליען נאָך אין זייער אינעווייניק, ווי מידע צונגען, ווייסע פלאַמען, וואָס האָבן פריער,

דורך יאָרן, זיך באַלעקנדיק, געקנאַקט. ער וויל זיך שפּרייטן אין זיי, דער ייד; אויפגיין אין דעם הויכן קוימען; זיך קייקלען אין אים ווי אין אַ ריזיקן שופר; אַרויפוואַקלען זיך נאָך די קינדישע און דערוואַקסענע קולות. זיי האָבן באַנומען, ערשט נעכטן האָט אַ רויך געזעצט פון דאַנען אין קיילעכדיק פעטע רייפן. טעג און נעכט האָט ער זיך געהויבן געדיכט, דערלאַנגט די אומזעעוודיקייטן. דורך אַ ברייטן אויסהויל אין די צייטן האָט ער זיי אַלע, געוויקלטע אויפגעבראַכט; נאָך אַמאָל אויסגעפירט זייער פּסק־דין.

איצט ליגט ער איינגעפאַלן, זיין אויפברום. די בלאָזעניש נידערט אין ווינט. ער צעפליסט זיך, דער נעפּל; לייגט זיך יעדן איינעם — ווי וויט — פאַר די פּיס, ווי ער וואָלט געשאַפן אַ וואַנט אַרום. די צעגליטע אייזערנע טירלעך — ווייס. ווי פּלאָסטערס פאַרלייגן זיי זיך פאַר די לעכערדיקע מיילער — דורכגעברענטע, אויפ־געפּראַלט. די פלאַמען אינעווייניק — בייגן נידעריק זיך, ווי פליגל — איינער אויפן אַנדערן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום פעלד. זיי זענען אַלץ געלעגן פאַרגליווערטע אינעווייניק אין די טיפענישן, ווו דאָס אויג נעמט נאָר אַרום. די רויטקייט פון יענער זייט, ביים ראַנד, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט; אַנגעגאַנגען אין גרוב מיט פּיס. ווי אַ ריזיקע לבנה, זיך געקאַלערט איבער די פּנימער און גופים אונטן, זיי איינגעפּרעסט. זיך שפּרייטנדיק זיי איבערגעדעקט — דאָ ווי וואָלן, וואָס ציען זיך, דאָ — מיט פינגער וואָס לאָזן זיך אַרויס, צו היפּערן איבער זיי; זיי צו פאַרמאַכן די וויעס און אַנטאָן אַ ווייסקייט, ווי נעפּלדיקע תּכריכים.

מיט סטעזשקעס זענען זיי געגאַנגען ווייט און ווייטער — שוין אָן דעם ייד, וואָס איז ווי געבליבן הינטער זיי. ערגעץ איז ער נעלם געוואָרן, מער נישטאָ. דאָס וועגל האָט זיי געפירט. פוןביידע זייטן — דראָטענע ווענט. מען קאָן בלויז גיין פאָרויס. די געסטאַיטע לופט שטייפט איין; פאַרזעצט פעסט די אָרעמס. אויך די פּיס־שענקלען קאָן מען נישט אַרויסשטעלן. געדיכט זענען זיי געוויקלט — ווי נאָך אין די פאַרגליווערנדיקע רויכן. אוודאי קאָן מען נישט לויפן. קיין צוריק איז נישטאָ. פון דער נאָענט קערן זיי נאָך בעזעמס. די טריט פילן זיי פון הינטן. זיי ווייסן נישט, די גייענדיקע, צי דאָס קול איז זיי איינגעטרוקנט פון די שטויבן; עס ווערט פון זיי דורכגענומען; צי — בליט עס אָפּ פון די פאַרבליבענע אינעווייניק, ריחות; זיי וועלקן עס איין. טעג און נעכט ווערן זיי געפירט, זיי קאָנען נישט אַרויס. צו מאָל דאַכט זיך, אַז זיי דרייען זיך אין אַ האַלב־קרייז, זיי זענען אין אים

פאַרכאַפּט. שוין תמיד וועלן זיי זיך אַזוי דרייען ביז פון זייערע אויגן וועלן אויסוועפּן זיך די זעאונגען; וועלן פון זיי אַרויס. אַן אויפפלאַקער וועט ערגעץ זיי פאַרצערן, דורכגעגליטע אויפן וועג וועלן זיי בלייבן. צו מאָל גייען זיי ווי בלינדע; זיי טאַפּן און זעען נישט די טריט פאַר זיך. אויך אַראָפּלאָזן זיך טאָר מען נישט. ווי ווייסלען, איז די ערד גליטשיק. אונטער איר זענען פאַראַן שיכטן. מען דרימלט גייענדיק. אָפּגעהאַקטע אַטעמס לויפן אַרום, ווילן אַריין, זיך פאַרשטעקן אין האַלדז.

אָפּט האָט זיי געדאַכט, אַז זיי דרימלען שוין אַזוי יאָרן. דער דרימל איז דער כוח וואָס באַוועגט זייערע טריט. זיי גייען שוין פון תמיד. ערגעץ קאָן פּלוצעם זיך ענדיקן די ערד אונטער זייערע פיס, אָדער זי וועט זיך אויפהייבן. זיי וועלן בלייבן שטייען.

פּלוצעם, ווי מיט אַ מאָל, האָבן זיי זיך געטראָפן פון דרויסן. פון יענער זייט פון אַ טויער זענען זיי. הינטער זיי — פאַרמאַכט, פאַרהאַקט; אַלץ אַראָפּגעלאָזט. זיי האָבן נישט געוווסט, צי זיי זענען אַרויסגעשטעלטע, אַרויסגעטריבן; מען טאָר נישט קלאַפּן אין טויער. אויף ווי־ווייט זענען זיי אַליין. זיי ווילן זיך אָוועקזעצן, אָבער זיי ווייסן, אַז מען טאָר נישט בלייבן. זיי דאַרפן גייען. זייערע קערק זענען שטייף — נישט אויסצודרייען זיך, פאַרקלאַמערט ווערן זיי.

זיי האָבן געשפּירט, גאָר נישט איז אויסגעמעקט, אָפּגענומען. אַלץ טראָגן זיי אין זיך. די פּרעס פון שיכחה — איבער זייערע אויגן איז נישט אַדורך. זי האָט זיי געמיטן, פאַרגעסן אין זיי. אַלץ בלייבט ווי אַראָפּגעשלונגען. עס פאַרדייעט זיך אַראָפּ ביז זייער דנאָ. זיי איז באַשערט זיין די לעצטע עדות, זיך אָנצוהאַלטן אין דעם.

# דאָס ראָד

איך גיי אויף די גאַסן אין דעם געדראַנג פון ירושלימער שבת צו נאַכטס — שוין אַ שעה צייט פאַרשלונגען צווישן די יונגע שפּאַצירער. שבת פאַר נאַכט עפענען די ירושלימער שטיינערנע הייזער פון די ווייטסטע שכונות, אַרום און אַרום, די טירן; וואַרפן אַרויס אין צענטער, אין דעם באַלויכטענעם האַנדלס־דרייעק — פון די גאַסן יפו־קינג־דזשאָרדזש־בן־יהודה — טויזנטער ברוינהויטיקע ייִנגלעך און מיידלעך. זיי גייען פאַרויס מיט שוואַרץ־צעבליצטע אויגן. עס טרייבט זיי פון די היימען דער אַנגעזאַמלטער אומרו פון די נעכט אַ גאַנצע וואָך. שבת פאַר נאַכט, ווען די עלטערן זיצן פאַר די טירן פון די ענגע שטיבלעך, מיט בענקשאַפט נאָך דער רו וואָס פאַרגייט, וואַכט אויף אין זייערע זין און טעכטער דער אָנגעזאַמלטער אומרו. זיי דערפילן ביז זיסן ווייטיק די אייגענע גופים. אין די טונקעלע קרומע געסלעך, וואָס ציען זיך זיגזאַגיק פון אַלע זייטן צום צענטער־צו, שטראָמען זיי מיט אָפּגעהאַקטע אָטעמעס. ייִנגלעך מישן זיך אין געדראַנג צווישן מיידלעך, און מען שפּאַנט אָן רייד. אַרום רוישט; עס פייפט אין דער לופט; אין הייף פאַלן שטיינער אין טיף־געמויערטע רעגן־וואַסער־גריבער.

אַלץ ציט איצט צום ליכט פון צענטער — אויף די טראָטואַרן און אין דער ברייט פון די שאַסייען. יונגע מיידלעך, פון פערצן־פופצן יאָר, ווערן געפירט דורך עלטערע חברטעס, פאַרלירן זיך אין דעם געדראַנג, יאָגן זיך איבער; איינגעשרומפּענע וואַרטן זיי ביי די ווענט פון די הייזער. כמאַרעס ייִנגלעך גייען אָן; דריקן זיך אין דער ענגשאַפט — צווישן די הויכע מויערן.

מיט דער טונקלקייט זענען אָנגעצויגן פון ווייטע גערטנער, זיך געוויקלט אין דער לופט — ריחות. דער חמסין טרייבט זיי, כוואַליעסדיק, ווי פון נידערלאַנד, דורך די בערג, קיין ירושלים — אַריין אין די געסלעך און הייף. פאַרשיכורטע זענען זיי זיך צעגאַנגען; אָנגעפילט, ווי זיך אויסגעמישט — אין דעם אָוונט.

די גאַנצע צייט בין איך פאַרכאַפּט אין דעם געשטראָם, ווער געשטופּט פאַרויס.

די הענט — אַראָפּ, איינגעפּרעסט. עס ווילֿ זיך אַזוי גיין און גיין. שוין שעהען פֿיל איך די בייסנדיקע דלאָניעס פֿון די הענט.

און אפשר זענען די אַלע דאָ גאָר נישט קיין מענטשן; בלויז אַ פֿאַרבלענדעניש וואָס האָט מיך פֿאַרפֿאַנגען?!

פֿאַר נאַכט, בין איך געזעסן אויף אַן אָפֿענעם פֿאָרטער־באַלקאָן, אַרויס צו דער דורכגאַנגס־גאַס. לעבן מיר — ש., דער איינציק־פֿאַרבליבענער פֿון מיין שטאָט. מיט מוטנע אויגן האָט ער נאָכגעקוקט די איינגעפּרעסטע שטראָמען וואָס זענען פֿאַרביי, געמישטע — רייען נאָך רייען.

די טונקל האָט אַראָפּגענידערט, אונדז פֿאַרוויקלט מיט שאָטנס. די שטאַרע קינבאָקן פֿון ש.ינס אַליון־פּנים זענען וואָס אַ מאָל געוואָרן מאָטלעכער באַלויכטן; זיין אַראָפּגעלאָזטער קוק — אָנגעשטעלט אויף איין פּונקט. עס האָבן דורך אים דורכגעצויגן די כוואַליעס. פֿון קורצע פֿאַרביקע זאָקן האָבן זיך אַרויפֿגעהויבן נאַקעטע פֿיס — רונדיקע, קלאָרע. פֿאַרבאָרגן האָבן זיי געגרייכט, די פֿיס; האָבן זיך געמישט צווישן קרעפּטיקע — האַריק־מוסקולירטע. כוואַליעס אונטן ציען אָן אויפֿהער צו זיך אין שטומקייט, בלאָנדזשען, זוכן זיך אין דער פֿאַרפּלאָנטעריש. אויבן גרייכן פֿיל־קאָלירטע קליידער און פֿאַסן־העמדלעך. שווייגנדיק פֿירט מען זיך פֿאַר הענט. אויגן קוקן אין זיך. גופֿים, איינער אויפֿן אַנדערן, גייען אָן אין דעם געדראַנג.

ש. — פֿאַרוועבט. אַ פֿאַרטרוקנטער איז ער געוואָרן פֿאַרשוויגן. זיין קול האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין די טיפֿענישן.

שפּעטער, ווען די ריחות זענען אַדורך, האָט ער אַ זאָג־געטאָן:

— פֿילסט נישט דעם הייסן ווינט?! דאָס קומט ער זיך בוקן אין ירושלים. די אשכנזים בלייבן איצט פֿאַרמאַכט אין די שטובן; די ספֿרדים, מיט זייערע הייסע לייבער, טרייבט ער אַרויס אין די גאַסן.

זיין קול איז געבליבן הויל אין דער לופֿט. זיין מויל — ווי פֿאַרהאַקט. ביסלעכווייז איז אַרום אונדז געוואָרן טונקל־בלוי. באַשעפֿענישן האָבן זיך געטוליעט מיט אַ רויטער צעצונדנקייט אין די אויגן. הינט זענען אין די פֿיס געוואָרן אָנגעפּילט מיט געבעט. קעץ, פֿאַרסמטע, מיט בריאיקע פּיסלעך, זענען געלאָפֿן איבער די פֿלאַכע דעכער פֿון ירושלימער פּירקאַנטיקן שטיין.

איך האָב נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן.

ראַפּטום איז צוגעפֿאַלן די טונקלקייט. נישט זי האָט זיך דערנענטערט, די נאַכט, צו דעם פֿאַרגייענדיקן טאָג, נאָר איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז זי געקומען

און זיך איבערגעגעבן, ווי באַצוווּנגען, דורך אים, דעם הייסן טאָג. ער איז פֿאַר־שיכורט געוואָרן פֿון אירע אור־ריחות. מיר האָבן ביידע געבענקט נאָכן לאַנג־דויענדיקן בין־השמשות פֿון פּוילן.

עס האָבן איבער אונדז אויפֿגעבליצט איינער נאָכן אַנדערן — לאַנגע נעאָנ־לאַמפּן. בלענדיק האָבן זיי זיך איינגעשניטן אין די אויגן; זיי טיף באַלויכטן ביז אין די פֿאַרבאַרגענע קנייטשן אַריין. ש.ינס גלאַנציק, ווי גרין, פּנים, האָט בלאָס געקנאַקט. איך האָב געוווּסט, ער וועט אומקומען. אַ באַדויער פֿאַרצערט זיינע ביינער.

איך בין פֿון אים אַוועק און גלייך אַריין אין דעם אימפּעטיקן געדראַנג פֿון דער גאַס. די מענטשן־כוואַליעס האָבן וואָס אַ מאָל מער זיך געשלאָסן אַרום מיר. כ׳האָב נישט געקאָנט אַרויס. אַ געפּאַנגענער בין איך געטראָגן געוואָרן אונטער דעם טיף־צעשטערנטן הימל — אומענדלעך איבער ירושלים.

אַ רגע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב נישט וווּהין צו גיין. מיינע נאָענטע זענען ווייט. איך בין מער נישט צו זיי געבונדן. איך האָב זיך אין זיי דערמאָנט. זייערע גופֿים זענען דורכזעאיקע. אַלע אַנדערע זענען מיר אַ ווײַלע געבליבן שטיין פֿאַר די אויגן מיט מאָדנע באַוועגונגען, נישט אַנצוטאַפּן. מען קאָן אָן ווייטיק זיך אָפּרייסן פֿון זיי. זיי האָבן איצט אַלע גענומען מיר דורכשווימען פֿאַר די אויגן. כ׳האָב אַ שוידער געטאָן, ווי האָב איך דאָס פֿריער נישט באַנומען?

עס האָט פֿאַר מיר אויפֿגעבליצט צווישן אַנדערע די געשטאַלט פֿון מיין חבֿר, ק. — אויך ער — מיט אַ גרין פּנים. איך האָב געשלאָסן די אויגן. איך בין געבליבן שטיין. זיין נאָענטקייט האָט פֿאַמעלעך פֿון מיר זיך אַראָפּגעגליטשט, ווי אַ באַנדאַזש פֿון אַרום קערפּער. איך האָב אים ווייטיקלעך געריסן פֿון זיך ביז די לעצטע פֿאָסן.

אַ ווײַלע האָט פֿאַר מיר פֿאַרבייגעשוועבט די געשטאַלט פֿון דעם קינסטלער מ. שוין וואָכן מייד איך אים אויס. כ׳האָב איצט פֿאַרגעסן זיין פּנים ווי דאָס פּנים פֿון אַ מת. איך בין אַריין טיפֿער אין דעם עולם, זיך אויסגעמישט אין אים. אַן אַראָפּגעשאָסענער שטערן פֿון הימל, צוגעבונדן אויף אַ זילבער־שנירל, האָט מיך געפֿירט אין צענטער שטאָט אַריין.

פּלוצעם איז אין מיר אויפֿגעאַנגען די פֿרייקייט פֿון בלייבן אַליין. ווי נאָכן מיטאיינמאָליקן טויט פֿון אַלע נאָענטע.

באַלד האָב איך זיך געפֿונען אין צענטער, צווישן די באַלויכטענע וויטרינעס. עס זענען איבער זיי, פֿון אויבן, אין דער ברייט, געהאָנגען קאָלירטע שאָטן־פֿלאַנדע־קעס, מיט שאַרפֿע לייוונט־שפּיצן אַראָפּ. איך בין מיטן קאָפּ געגאַנגען אונטער זיי. — עס האָבן אין דער ענגשאָפֿט זיך פֿאַרבייגערוקט אומצאָליקע פּנימער; גופֿים —

הויכע און נידעריקע; סטודענטן און סטודענטקעס. אויך צעוואָרעמט־בערדיקע יידן מיט שטריימלעך אויף די קעפּ. קערפּערס האָבן זיך אַנגעשטויסן, זיך געריבן אין דער איינגעפּרעסטקייט. פון הינטן האָט מיך געשטופּט פאָרויס אַ ווייך־אונטער־לענענדיקע וואָרעמקייט אין רוקן. אין דער נידער האָבן פרעמדע קני מיר געבויגן די פיס — פאַרפּלאָנטערט נישט אַרויסצוּוויקלען.

פּלוצעם איז מיר געוואָרן פון הינטן לויז — אַ קילע לײַדיקייט. נישט צום דערכאַפּן דעם ווייך־וואָרעמען אונטערלען. איך בין אויסערן שטראָם — אָן אויס־געטיילטער. איך וואַקל זיך ווי שיכור.

אין דער צוריק־אָנגעפּולטקייט, האָב איך ווי ערשט איצט זיי דערזען. איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן אויף די מענטשן: אַזוי פיל ווונדער גייען דאָ! ווי פרעמד זיי בלייבן; נישט צום דערגרייכן; אַלע — ווי פון באַזונדערע צייטן — צוזאַמענ־געגאָסן. איך בלייב אַרויסגעפאַלן. איך שטיי צווישן זיי — אין דער צייט.

אַ געפּלעפּטער בין איך געבליבן. דאָס זילבער־שנירל צערונען. מען זאָל מיך נאָר נישט באַמערקן. באַזונדערע געשטאַלטן אַרום האָבן גענומען זיך אויסשיילן־יעדער אַ טייל פון דער שטאָט, אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד; קיין מאָל נישט אָפּגעריסן פון דעם אָרט.

אָט נישט ווייט — אַ ברונעטער האַרשויבער פון אַ מאָן מיט אַ פּייקע אין מויל; אַ הויכער, אַ ברייטער — מיט מיושבדיקע טריט. אַ פּאָר הענט — אַרומצואָרעמען. ער האַלט זיי פאַרוויקלט, נידעריקער, אַרום אַ גופל וואָס גיסט אין אים זיך אַריין. אָנגעצויגענע אונטער בלויער וואָל אויפגעשפּיצטע בריסטן. זיי רייסן זיך, שפּרינגען פון דעקאָלט אַרויף. אין דעם טונקל — ליכט פון דעם ווייסן האַלדז. גאָר אויבן, איבער איר, גאָלדיקן זיך פלאַקסהאָר. איין אויג איז אים באַלויכטן פון אַנטקעגנדיקן ליכט. עס פאַלט אויף אים ווי אַ רעפלעקטאָר. די שאָטנס, וואָס פאַרוויקלען דאָס איבעריקע פּנים זיינס — באַוועגן זיך ווי דורכזעאיקע בלעטער אויף אַ בוים. די איברים פון דעם יונגן מיידל ציען זיך אַרויף — וואָרעם־פאַרטוליעט. זיין אָפּגע־האַקטער אָטעם הויכט זייטיק איבער איר. אין זיין גוף שפּרייט ער זיך שוין, דער שוידער, פון קריכן, נישט איבערצוּוועקן, אין דער געגעצדיקער פאַרכאַליעטקייט.

מיין גוף איז געליימט. ער ווערט צו שטיין אין וועלכן עס ריזלט; אַן אָפּגע־האַקטער פּיעדעסטאַל — אָן אַ פיגור איבער זיך.

און אָט אַ פּרוי אין באַגינען פון טראָגן. אַ שעמעוודיקער שמייכל דעקט זיך איבער דער באַפרידיקטקייט פון אירע וואָרעם־פאַרבאָרגענע גלידער. זי באַהאַלט אונטער די אויגן־לעדלעך דעם סוד פון אירע אויפגייענדיקע איברים.

פאַר וואָס שטופּט זי אַזוי דעם בויך פאַרויס אין געדרענג? מען וועט איר נאָך אָנשטויסן?!

אַרום אונדז ברומט איצט ירושלים פון די שטיין־אײַנגעווײדן. אין אירע פאַרטײַעטע טיפענישן בליצן, לויערנדיק איבער די מויערן פון דער אַלטשטאָט, פאַרבאָרגן־ווײַסע ציין. אויגן, אונטער רויטע אַבאַיעס, שטעכן זיך אײַן אין דער פינצטערניש, בלישטשען איבער דער ייִדישער שטאָט.

עס האָט אויפגעוואָיעט אין מיר אַ פאַרלאָזטער הונט.

פּלוצעם איז מיך באַפאַלן אַ מורא: איז עס נישט צו שפּעט איצט צו פאַרען זיך? ווער וועט אים שיצן, דעם וולד?

ווײַטער לאָזט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, פּייכטהאַריק, אַ קליין מאַנעלע אַרײַנרעדן אין זיך. אַן אַנונגס־שמייכל פון דעראָבערן גליטשט זיך פון איר פּנים — אַראָפּ אין גוף. דאָס מאַנעלע וועט אין סכנה־נעכט קריכן, זיך באַהאַלטן, אין איר, ווי אין אַן אַלט־באַוואָקסענער נאָרע. ער וועט מורא האָבן צוריק אַרויס.

פאַר וואָס אַנטלויפט ער נישט?!

מיט איין מאָל האָט זיך אָנגערוקט אַ ליכטסלופּ. כ׳האָב נאָך באַוויזן אָפּצושפּרונגען. הינטער דעם סלופּ רעדט אַ זעלנערל אַרײַן אין אַ יונג מיידעלע — מיט אַ פּנים פון אַ פייגעלע. זי איז היינט צום ערשטן מאָל געטריבן געוואָרן, דורך אַן אויפשוידערנדיקן באַריר אין קערפּערל — אין גאָס אַרײַן. זי קוקט צו אים אַרויף אונטערטעניק — מיט אַ ווײַטער אַנונג, וואָס לאָזט אין איר זיך אַראָפּ; גרייט שוין צו איר באַשערטקייט.

די אויערן פון דער נאַכט זענען אײַנגעהאָרכט.

פּלוצעם האָבן די אויגן מיר זיך ברייטער אויפגעריסן. דאָ, אין דעם באַלויכטענעם פלאַך, איז איצט די צייט שוין פון דער נאַכט: פון אַלע זייטן רופט זי — אין די גאַסן. אין די בערג־צווישנס ענטפערט אָפּ; בריסטן שווימען אַן, קיילעכיקע, פאַרריסענע; פלאַצן אַרויס אין דעם לונאַטישן ליכט, אין שאָטנס — פון הינטער רויטע, בלויע און געלע בלוזקעס — כוואַליעס, כוואַליעס. זיי מאַרשירן אויף, די זי׳ס — מיט זייערע רונדיקייטן. נאָך זיי, ווי סטאַדעס וועלף — ציען פאַרבלענדטע, הויכע יונגען מיט האַריקע, ברוסטקאַסטנס — אָפענע; מיט שמאָלע לענדן, לאַנגע פיס, און — קליינגעוווקסיקע בחורימלעך — מיט בערדלעך, ווי פון פעטע, אַנגעקנוילט־פאַרבאַרגענע האָר. אַלע טאַפּן זיי מיט די גופים אין דעם העלן ליכט — מיט לבנה־אָפּשטראַל אין די אויגן; זיי יאָגן אין דעם אומענדלעכן געלויף. עס

ווערט איצט די צייט פון רצון. עס שפּרייט זיך דער ווילן. איך ווער פאַרשפּינט. איך רויכער זיך אין רוים פון דער שטאָט.

איך בין געבליבן דערשראָקן: ווהין איילן זיי; ווהין שטראָמען זיי אין דעם בלינדן געאַמפּער; וואָס יאָגט זיי אין דער לבנהדיקער נאַכט איבער ירושלים?

אויך די שטאָט גיט פּלוצעם זיך אַ הייב איבער די אַרומען. האַלב־באַלויכטן ווערן אירע בערג. בולט זעען זיך אין דער נאַכטשיין זייערע קיילעכיקייטן. זיי וויקלען זיך אַרום, די בערג, מיט שלייערן. אַ ליכטל פּלעמלט אין שפּיץ אויבן, ווי עס וואָלט דאָרט זיך צעגאַנגען אין זילבערדיקן גאָס — אין מאַטע לייכטערס. אויך די לבנה — פאַרלייגט ווי אַ טעלער. אַלץ אונטן גרייכט אַרויף צו איר. זי דעקט זיך אַ פּולע — איבער דער אונטערהייבנדיקער זיך שטאָט. ערגעץ טיף זינקען איצט די פּלאַכן; געלאַשענע פאַרשווינדן זיי אין די אַראָפּן. אין דער פינצטערניש זעט מען זיי נישט. מען שטעקט די פיס, און זיי דערלאַנגען זיך אין ערגעץ נישט.

איך האָב געוווסט, אַז דאָס אַלץ ווערט געקאָלערט צו אַ באַנייענדיקן זיך ווילן; עס איז ניגזר געוואָרן; ער קומט ווידער, דער אַנהייב. עמעצער באַפעלט. דאָס גיסט די צעגייאונג זיך אַריין אין דער נאַכט. אַלץ אין אַרום ווערט מיט איר צו איינס.

און אפשר איז דאָס נישט קיין אַנהייב? די אַלע דאָ זענען לצים. דאָס האָבן זיי מיך פאַרמאַניעט מיט זייער שווישפּיל?! זיי מאַכן עס אַזעלכע באַוועגונגען. ס׳איז גאָר די צייט פון פאַרבאַרגעננישן. אַרויס זענען זיי אויף דער בינע. עס ווערט שפּעט. ס׳איז זיי באַנג זיך צו שיידן. שפּעטער, אין דער לעצטער געדיכטקייט, וועט עמעצער אַ ווונק געבן; ווידער וועט ווערן שטיל.

בלויז די רויטע לבנה, ווי אַן אַנגעהאָנגענע לאָמפּ פון איבער די בערג, וועט ווייטער אַריינלייכטן אין די גאַסן.

די שטאָט האָט געברומט פון אירע טיפעניש.

אין איין וויילע האָב איך דערפילט הינטער זיך, די לאַקנדיקע טיפענישן רוקן זיך אָן. די אַראָפּהאַנגען בלייבן אָפן הינטער אונדז. כ׳האָב געוואָלט זיך אָפּרייסן, באַווייזן אַנטרינען, אָבער איידער איך האָב באַשלאָסן, האָט דער באָדן זיך געהויבן, געשפּאָלטן. איך בין געבליבן מיט די הענט פאַרקלאַמערט אין די גאַס־ראַנדן; די פיס — אין דער לופטן.

די צונויפגעמישטע מאַסע שטראָמט איצט ווייטער מיך פאַרביי, נישט אומקוקנ־דיק זיך — אַרויף צו, איבער די אַראָפּהאַנגען. זי ציט אַוועק. מען זעט מער נישט. דער אָפּגרונט איבער די בערג שווייגט. אַלע קולות — איינגעשטילט. אַ דונערן

בלויז — פון צייט צו צייט. אַ ווייט געשריי קאָלערט זיך, ווערט פאַרשלונגען. די אויערן פאַרנעמען אַן עלנט געוויין, אַ קינדישס — כוואַליעס עכאָן אָפּ נאָך כוואַליעס. זיי מישן זיך נישט. יעדע פון זיי — באַזונדער. איך האָב געוווּסט, די גופימלעך זענען לאַנג שוין אין געשוועב, נאָר דאָס געוויין איז דאָ. מען פאַרנעמט עס. עס לעכערט דורך. עס טריפט אין די צווישנס.

ווי ביי אַ געטריבענעם אין סוף פון געלויף, האָט אַלץ פון אַ מאָל מיר פלוצעם דורכגעבליצט; אין איין רגע — זיך צעשפליטערט: וויפל תקופות האָבן די בערג דאָ שוין אַראָפּגעלאָזט; וויפל חיילות האָבן די עברס געזען שוין דורכמאַרשירן; פון וויפל אויסגעשרייען, אָפּגעהאַקטע, זענען זיי געווען עדות?! איצט שווייגט דאָ פאַרטויבט; אין אַן דנאָען איז אַלץ פאַרשלונגען. ווי קורטינעס זענען די נעכטנס אַראָפּגעלאָזט. די שיכטן זאַפּן איין; זעצן זיך אָפּ אין פעלדזן; ברענגען נישט אויף קיין ערד־ציטערנישן.

איך הער זיך איין: אַן אַנטרונענער קלאָגט איצט פאַרלוירן אין חלל. דאָס געוואָי איז דאָ — אַן אים. איך הענג אַ ווײַלע, ווי אויף אַ פּעטליע, קאָפּע מיט די פיס. איך פאַרמאַך די אויגן. זיי פאַרלויפן אין אַ גלאַנציקער מאַטקייט. כ'וויל זיך אָנכאַפּן. איך צאַפּל, קלאַמער זיך אין דער שטאָט — צו דערוועקן אַן אָפּהילך. איך האָב געוווּסט, מיין קול ווערט פאַרשלונגען. עס דערגייט נישט. עס בלייבט אַן עכאָ. אויך ווייטער וועט אַזוי זיין.

כ'האָב דערפילט, איך פאַרליר די שיך אין אָפּגרונט. איך דראַפּע זיך מיט די באָרוועסע פיס; בלייב אין דרויסן. איך טאַפּ אַן אונטער די סטאַפּעס אַ קאַלטן שטיין — פאַרגליווערט איבערן תהום. איך שטעל זיי אויף אים, איבער דעם ערדקיילעך. אויך די טעג טראָג איך מיט זיך, ווי לוחות.

די מענטשן אַרום זענען שוין געהאַט אָוועקגעקלעטערט אַרויף צו. מען זעט זיי מער נישט אין נעפּל. מען הערט זיי קוים.

באַלד האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעק: ס'איז שוין דאָס צווייטע מאָל ווי מען לאָזט מיך איבער. דאָס ערשטע מאָל — דאָרט, ווען אַלע צוזאַמען זענען זיי אַוועק. זיי האָבן געשפּאַנט צו זייערע שבטים; צווישן זיי — מיינע נאָענטע. מיך האָבן זיי געלאָזט הינטער זיך. זיי האָבן אַוועקגעקערט פון מיר דאָס פּנים; זענען אַוועק ווייט; איך בלייב אַליין.

פון דאָרט נעם איך זיך אַהער. איך האָב געוואָגלט דורך לאַנגע הינטערוועגן ביז דאָ.

איך האָב איצט געוואָלט נאָכלויפן, פאַלן מיטן פּנים צו דער ערד און שרייען:

— העי, זענט איר עס נישט יענע? יאָרן האָט איר געוואַנדערט דורך די פּאַר־הוילעניש! תמיד האָט איר דאָך געזאָגט ״לשנה הבאה בירושלים״!

— מאַרשירט איר נאָך אַזוי אין די צווישנס??

כ׳האָב דערפילט אַ שוואַכקייט אין די לענדן. אַ קאַלטער שווייס האָט מיר אַרויסגעשלאָגן.

און פּלוצעם האָט דער באַרגיקער אָפּגרונט זיך אָפּגעקערט אויף הינטער זיך. ער איז פאַרשוווּנדן. די מאַסע האָט צוריק זיך גענומען אַנרוקן. זי האָט זיך אַרייַנגעגאָסן אין די גאַסן — אין אַ שטראָם; זיי אַנגעפילט, אָבער איידער איך האָב נאָך באַוויזן צוצופאַלן, אַריינהויכן זיי אָטעם, האָבן זיי אַלע, די יונגע פון די שטיינערנע געסלעך, ווי אויף אַ באַפעל, שנעל זיך אַנגעהויבן צו אַנטבלויזן. מיט די הענט האָבן זיי גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך די פּנימער, און גיך די קליידער, די לייבער — די מענער, פרויען, יינגלעך און מיידלעך. זיי האָבן זיי אַוועקגעלייגט אין דער זייט. אַלץ איז אָפּגעפאַלן. זיי האָבן זיך אַרויסגעשיילט אין זייער סקעלעטישער נאַקעטקייט. געבליבן זענען זיי, די מענער און די פרויען, אָן זייער גוף־בולטקייט. אַלץ — פלאַך, אָן אַרויסשטאַרצנדיקייטן. די האַריק־אָפּשטייענדיקע אויערן — ווי אָפּגעפאַלן; געפעלט האָבן אויך די פלאַטשיקע סטאָפּעס מיט די ברייט־קריכנדיקע פינגער. די פיס — אונטן שמאָל־אַראָפּ, גלייך — ווי שטעקנס. זיי רוקן אָן זיך פון אַלע זייטן. עס האָבן מיר גענומען גליווערן די האָר־וואָרצלען. זיי זאָלן נאָר אין דער ענגשאַפט נישט אַרויף אויף מיר; נישט אָנרירן מיך מיט זייערע גופים. באַלד האָב איך געוואָלט אויפשרייען אָן אַ קול דאָס פאַרגליווערטע געשריי אין מיר פון דער גאַנצער צייט, אַרויפוואַיען אין חלל — כ׳האָב נאָך נישט געוווּסט, צי מיין אייגן געשריי וואָס הויערט אין מיר, צי די געשרייען — איבערגעלאָזטע אויף די וועגן.

זיי האָבן אַלע זיך געדרייט ווי אין אַ ראָד — אין דער אַנצייט. איך האָב געוואָלט זיי דערשנאַפּן. דערקענען זיי מיך? אָדער זעען זיי מיך נישט? זיי האָבן מיר זיך געוויזן אַזוי באַענט — ווי פון נעכטן. זאָל איך זיי אַנטאַפּן? לאָזן זיך דערקענען? אַרומהאַלדזן זיי מיט מיינע אָרעמס?

איך האָב נישט געוווּסט, צי דאָס זענען זיי אַליין, יענע? צי זייערע זיידעס? צי גאָר זייערע קינדער און אייניקלעך, וועלכע קענען מיך מער נישט? און אפשר אַלע צוזאַמען? זיי דרייען זיך אַזוי אַריבער די צייטן? די אינעווייניקייטן פון מיין גוף דרייען מיך אויס, כאָטש די שנור פון מיין נאָפּל איז אָפּגעהאַקט.

ראַפּטום האָט די גאַס זיך אַ שטעל געטאָן משופּעדיק. אַלע האָבן זיי גענומען זיך רוקן אַראָפּ, ווי פּאַלנדיקע; שיטן זיך צום ראַנד. ס׳האָט מיר פאַרפעלט אָטעם. איך האָב דערקענט: דאָס איז זי, די ירושלימער יוגנט פון פאַרנאַכט. ווייסט זי נישט וווהין זי לויפט? איך מוז באַווייזן אַ געשריי טאָן. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן.

און מיט אַ מאָל, אַזוי לויפנדיק, האָבן זיי אַלע, די יוגנט פון די געסלעך, צום ריטעם פון מוזיק וואָס האָט אַרויסגעשפּילט פון די קאַפעהייזער — גאָר זיך צעטאַנצט אין שפּיל פון דעם שבת צו נאַכטס אויף די גאַסן פון ירושלים. פון אַלע זייטן האָבן זיי זיך צעלאָזט. זכרים האָבן אין דער ענגשאַפט געשלעפּט יונגע נקבות; זיי געקושט מיט אַנמויליקע ציין; די מיידלעך האָבן געלאַכט מיט אַן־שוואַרצאַפּלדיקע לעכער; פאַרלעך האָבן זיך געלעקט מיט אַן רויטע צינגער; מענער מיט ביינערדיקע הענט האָבן געגלעט אַנהאַריקע קאָפּשיידלעך. טיף אין אַ פינצטערן הויף, צו אַ וואַנט, האָט אַ יינגל געפירט אַ מיידל, פאַרביי אַ שוואַרצן אויטאָ מיט נאָכהענגענדיקע טירן, ווי פליגל — צוזאַמענגעגאָסן אין דער פינצטער־ניש. ווי תמיד, האָט זי, מיט איר ווייבלעכן אינסטינקט, גלייך זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט, און ער — איבער איר. אַן בולטקייטן האָבן זיך אַרומגעאַרעמט.

איך האָב געוואָלט זיי וועקן, רופן; צוריקציען זיי אין דער נאַכט.

עמעצער האָט אויסגעלאָשן דאָס עלעקטרישע גאַסנליכט. אין דער פּלוצעמדיקער פינצטערניש האָט די גאַנצע באַוועגונג פאַרלוירן די ראיה, ווי געשלאָגן מיט בלינדקייט.

פוןביידע זייטן פון איינגעהאַלטענעם שטראָם, זענען איצט אַרויס אַנטקעגן זיך, צוויי בלינדע — אַ זי און אַן ער — ביידע מיט פאַרוואַקסענע אויגן. זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט בעת דער לעצטער זעאונג אין דער נאַכט. מיט ווייסע שטעקנס האָבן זיי געפּאַכעט אין דעם חלל פאַר זיך, געשניטן די פינצטערניש, צעפּראַלט אויף ביידע זייטן דעם עולם. די שטעקנס האָבן זיך געזוכט אין קרייציקן לופטגע־פעכט, געצויגן צו זיך, זיך אַנגעשלאָגן, געהיפּערט, זיך באַשמעקט. זייער טרעש־טשענדיקער געראַנגל האָט אָפּגעקלאַפּט אין דער שטילקייט. באַלד זענען זיי זייטיק אַראָפּגעפאַלן. בלינדע גופים האָבן געלאָזט זיך ווייטער אַראָפּ, אַראָפּ, דורך דער צעשניטענער וואָרע. אַלץ אַרום איז געבליבן פאַרזונקען, ווי צובאַהאַפּטן צו די ערטער. די באַוועגונג איז שטיינגעבליבן, איינגעהערט.

פון אַ סטודיאָ פענצטערל האָט איצט אַרויסגעלויכטן די קאַנדעלאַברע פון קינסטלער מ. זיבן דינע רערן פון שוואַרצגלאַנציקן מעטאַל מיט לאַנג־פאַרשאַרפטע

שפּיצן אַרויף צו, איינגעשטאָכענע אין ווייסע ברענענדיקע ליכט. די פּלעמלעך
האָבן געוואָרפן שאָטנס אויף די פּנימער אין דרויסן. פּלוצעם האָט מיך אָפּגעדריגעט.
איך האָב געפילט: די שפּיצן, טיף־פאַרזעצט אין די ליכט, שטעכן זיך איין וואָס
טיפער אין מיין אונטערלייב; הייבן מיך, ווי אַ קינד אויף אַ שפּיז.

איך האָב נישט געוווסט, צי זוך איך, איינגעבויגן — מיין זכרון, צי געשעט
עס איצט אין דער מינוט. אונטערן ליכט לאָמט עמעצער דורך און פאַרשווינדט.
ער לאָזט בלויז נאָך זיך אין חלל דעם שאָטן פון זיין נאָכשלעפּנדיקן זיך פוס.

איך האָב געוואָלט אַנטלויפן מיט די שפּיצן אין זיך.

איך בין געבליבן שטיין. איך האָב נישט געוווסט, צי איך דרימל איין. ווי
אונטער גלעטנדיקע הענט — ווערן מיר די איברים.

פון דער נאַכט אַרויס האָט אַ מויד זיך אָנגערוקט. איינע אַליין האָט זי זיך
אויסגעטיילט פון אַרום.

ווי אַ פּייל אין בויגן, האָב איך געשטרעקט די האַנט — מיט אַ פינגער צו
גרייכן אין דער לבנה. מיין דלאָניע האָט געטאָן אַ וויש פאַרביי דער צאַרטקייט.
זי איז צוגעצויגן געוואָרן צו לייב. זי האַלט זיך אָן ביי אַ ברוסט. זי יוירט, צעגייט
זיך אין דער וואַרעמקייט.

אַ ווײַלע האָט מיר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. מיין האַנט דערפילט אַ
מערביקייט. צווישן די פינגער — אַ וואַרעמער גאַרשט מיט ווייכקייט ווי אַש. ער
צעשיט זיך מעליק.

די מויד האָט זיך געכאַפּט. זי האָט אויפגעצאַפּלט, צונויפגעדרענגט די פיס. אַ
רגע האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט נייגער. באַלד, ווי זי וואָלט אַרויס פון בגילופינדי־
קייט, האָט זי זיך צעשריגן מיט באַנומענע קולות, אַז מען וויל דאָ אָפּדעקן איר
שאַנד.

איך האָב געפילט, מען רינגלט אונדז אַרום. פון אַלע זייטן שטופּט מען זיך. ביי
אַן עלטערן מאַן איז אין געדראַנג אָפּגעהאַקט געוואָרן אַ גענעץ. ביי די אַנדערע
אין געזעמל האָבן, ווי ביי שטייענדיקע יונגע אַגערס, אומרואיק זיך באַוועגט די
פיס. זיי האָבן געקאָפּעט אונטער זיך דעם אַספאַלט. דער אַרום איז אָנגעפילט
געוואָרן מיט דערוואַרטונג צו עפּעס, וואָס זאָל ראַטעווען דעם היינטיקן אָוונט.

זי האָט געגעבן אַן אָפּגעהאַקטן קוויטש מיר אַרויף אין פּנים אַריין.

אין דעם אַנגעלויף, האָט זיך באַוויזן אַ פיגור הינטער שוואַרצע וואָנצעס,
געוויקלט אין אַ בלויען מונדיר. אין דעם טומל האָב איך אויפן היטל איבער זיין

קאָפּ קלאָר געזען צוגעטשעפּעט דעם מגן־דוד. פון אַלע האָט ער פאַר מיר זיך אויסגעטיילט.

די איברים זענען מיר געוואָרן ווי אויפגעלופטערט. אַ לעבן־לאַנג האָב איך געאַנט, אַז דאָס וועט מיך נישט מיידן; מען וועט קומען מיך רופן.

אַרום איז געווען שטיל. צווישן די ביינערדיקע פינגער האָט ער געהאַלטן פּאַפּיר מיט אַ לאַנגן שטיפט, און געפרעגט אויף מיין נאָמען:

— ווער בין איך?

דאָס קול איז מיר נישט אַרויס פון קעל.

אַ שטראָם אויגן, אַרום און אַרום, איז געווען אַנגעשטעלט אויף מיר.

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן. איך האָב אָנגעהויבן און נישט געוווּסט וואָס.

איך האָב דערפילט, די פאַרשעמונג רייסט זיך פון מיר. איך קאָן מער נישט.

איך האָב געגעבן אַ פּרעפּל אַרויס:

— זאָגט, טוט איר שפּעטן פון מיר, אָדער האָט איר מיר בלויז איבערגעשראָקן? ווער זענט איר? און אפשר איז קיינער קיין מאָל נישט געווען? באַלד וועל איך הערן אַ לאַכן און וועל דאָ בלייבן שטיין — אַליין אין אַ לויזקייט.

איך האָב געהערט אַז דאָס וויינט די נאַכט אַרויס פון מיר. טראָפּנס האָבן מיר געטריפט איבערן שטערן.

— אַ, איך קאָן מער נישט! האָט רחמנות! זאָגט, זענען מיינע נאָענטע, וואָס איך פאַר זיך מיט זיי אין די נעכט, אויך נאָר אַן אויסדאַכטעניש, וואָס דערוועקט אין מיר באַגער — שטאַרקער פונעם טויט?!

איך האָב געוואָלט רייסן פון זיך שטיקער, האַקן פון אומבאַהאָלפנקייט זיך דעם קאָפּ.

אַ געלעכטער פון ווייט האָט מיר אָפּגעקלונגען אין די אויערן.

איך בין געוואָרן פאַרשטילט. מיין בליק, צעשפּריצט, האָט זיך פאַרזעצט אין דעם אַרום.

מיין אָטעם — איינגעהאַלטן.

— קאָן דען זיין, אַז דאָס אַלץ איז נאָר צוליב מיר?!

איך האָב געוואָלט זיך אָנכאַפּן, פאַרטשעפּן זיך אין דעם געדאַנק.

נאָך פאַרצווייפלטער האָט מיך אַרומגעכאַפּט דער אַרום. איך פיל נישט דעם אונטער־זיך. איך זינק מיט די פיס, אָדער גאָר פאַרנעם איך זיך אויף צוריק — אין די ברייטקייטן. מיינע אויערן בריען מיר רויט אין אַ קאָכעדיקן רויש.

— אפשר בין איך טאַקע אָן אָן עבר?

— צי גאָר אָן איינרעדעניש?

אַ געפּרווירענער שטראָם גרייכט מיר אַראָפּ אין די שפּיצן־פינגער. קוים ער פּליסט מיר אין די אָדערן.

מיינע פיס אונטן טרעפן אויף גאָרנישט זיך אָן.

איך וויל שאַרעווען, זיך אָפּרייסן, אַרויסציען זיך אויבן — צוריק פון דער ליידיקער ברייטקייט.

איך פאַל שווער, ווי אין טיפן נאַכט־שלאָף — אין חלל.

עס האָט מיר געדאַכט, איך זע ש.ינען פאַרבייגיין אין יענער זייט, אויפן טראָ־טואַר, אין דעם געזעמל, וואָס איז איצט ווייט, ווי פינטעלעך.

ער איז נישטאָ.

די מענטשן אַרום האָבן זיך געפּאַקט לויזער. דער אַלטער האָט ווידער זיך אויסגעגענעצט. פון אַלע זייטן טריפט אַלץ אין מיר אַריין.

די מויד לעבן פּאָליציאַנט האָט זיך גענומען אָנטאָן. איך האָב געזען, זי האָט אַ קאָפּ רויטע האָר און שנאָפּנדיק־פאַרריסענע נאָזלעכער. פון אונטער איר הויט האָט אָפּערגעגלאַנצט איר אָפּשטאַם. זי איז אַן אור־טאַכטער פון לאַנד דאָ. אַ נעפּל שלאָגט אַלץ פון איר. ער צעלאָזט מיינע איברים. ער איז אָנגעשטעלט צווישן אונדז ווי אַ פאַרהויכטער שפּיגל. דורך דער דורכגענעצטקייט, ווי פון אַ פאַרטראַ־פּעט גלאָז — זע איך זי.

איך קוק זיך איין: עס ראַיעט אין איר גוף. איר בליק היפּערט. איך זע, די גלאַטיקייט איבער איר לייב איז קורצהאָריק, זיידיק־אויפגעשטעלט זענען זיי, די האָרעלעך; די הויט גערינצלט; צו מאָל — ווי אַ פּלושענע קאָלדרע.

איך האָב געוווּסט, זי איז נאָך אַלץ באַזעסן פון דער נאַכט. זי רעדט פון איר אַרויס. אויך פון מיר רייסט זיך. איך האָב געוואָלט רופן, רעדן ווי אַריבער; פאַרטאָן ווערן אין איר גאַנצקייט; גאָר נישט פאַר מיר זאָל האָבן איבערגעריסן געוואָרן.

די לבנה פון יענער זייט באַרג איז געהאַט פאַרשוווּנדן, געפאַלן אין תהום.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דער סכנה אין וועלכער איך בין.

פון יענער זייט, ווי פון איבערן ווענטל, איז זי פול געוואָרן מיט דערבאַרמונג צו מיר.

— דו זעסט אויס שלעכט, טייערער!

איך האָב זיך איינגעשפּיגלט אין רויטלעכן אָפּליכט.

זי האָט אויפגעריסן די אויגן:

— זאָג, פאַר וואָס האָסטו געריסן פון מיר שטיקער?

— איך וויל זיך ראַטעווען!

— אַזוי פּרעך ?!

איך האָב פּלוצעם אַרויסגעשטאַמלט — נאָר צו איר:

— ווייסטו נישט, אַז דו, מיין גלוסטעניש, ביסט בלויז דער שומר פון דיין לייב; זיין תוך געהערט צו מיר. צי פילסטו נישט, ווי מיינע אָדערן זענען פון אים פאַרסמט דאָס גאַנצע לעבן ?!

דורכן נעפּל אַדורך האָבן אירע בליקן צו מיר זיך געעפנט.

אַלע אַרום האָבן זיך אָפּגערוקט.

מיר איז געוואָרן אומהיימלעך.

— בין איך אפשר טאַקע נאָר אַן אויסדאַכטעניש ?

אַ רגע איז מיך באַפאַלן אַ ווילן, זיך איינצושטעכן מיט אַ שפּילקע אין גוף, צו דערשפּירן דינעם ווייטיק. ער וועט אַרויספּליסן; זיך שפּרייטן אויף ווי ווייט אַרום.

אויך זי, מיט אַ בליק ווי פון אַן אויפגעוואָרעמט מייזל, האָט געקוקט מיט שטוינונג, ווי אין פאַרבלענדעניש אַריין. מיינע ריחות טראָג איך אין זיך ווי געזאַמלטע ווינטן. יעדער ווערט אַנגעטרונקען פון זיי.

איך האָב באַנומען, אַז זי ווערט איינגעלאַשן. בלויז גרויסע בריסטן סטאַרטשן פון איר אָפּ. די ריחות ווערן אָפּגעטאָן. זי טיילט איצט זיך אַרויס מיט פּשוטע אויגן — טונקל־בלוי. איר הויט אָפן. זי גלאַטיקט זיך מיט אַ צעצויגנקייט — אַ וואַרעמע.

באַלד האָב איך דערפילט, זי איז קלענער פון מיר. גאָר נישט טיילט אונדז ווי אַ מחיצה. זי איז נאָענט. איך קאָן זי באַוועלטיקן. איך בין מענלעכער גוף, וואָס פּענקעט אַרויס, ציט זיך איבערצופלאַנצן. אַלץ שפּרייט זיך אונטער אים.

אַ רגע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז די ערד אונטער אונדז מוז זיין בולט. עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז בלויז מירביידע, איך און זי, זענען ממשות. אַלץ אַרום ציט זיך, זיך איבערצוגיסן, מוז אַריין אין דעם אַלעם.

ווידער איז מיך באַפאַלן אַ פּחד: איך קאָן פאַרשפּעטיקן. איך בין אַ רינג, וואָס ווערט געצויגן אין דעם ראָד.

צוזאַמען מיט איר וויל איך זינקען אין דער נאַכט.

מיר האָבן זיך געפירט. מיינע פיס זענען געוואָרן אַנגעגאָסענער. אַ וואַרעמקייט האָט כסדר אין מיר זיך אַראָפּגעלאָזט.

אין שטאָט איז שוין געווען נאָך דער דריטער אשמורה. אַלץ האָט מער נישט געשטראַמט. אויך די בערג האָבן זיך אויסגעברייטערט, זענען געוואָרן נידעריקער. די פייערלעך אויף זייערע שפּיצן — איינגעגאַנגען. אונטן — איצט שטיל. די גרונטן

טונקען זיך ווי אין אַ ים פון צעלאָזטער חשכות. גאָר נישט איז מער געדיכט. אַלץ, ווי ווייט — הויל. אין דער לופט הערט מען נישט קיין אָפּקלאַנג. אויף די גאַסן — וואָס אַ מאָל שיטערער; אַלע טריט איינגעהאַלטן. די עלטערן שלאָפן שוין לאַנג אין דער פאַרנעקייט פון די שטיינערנע שטיבלעך. באַלד וועלן זיי זיך וועקן. די יוגנט לאָזט אַראָפּ זיך פון די באַלויכטענע גאַסן — צוריק אין די ווייטע שכונות. ערגעץ האָט אַ ווײַלע אָפּגעשיינט, ווי צעגייענדיק פּאַספּאָר־ליכט, דער בײַנערדיקער גוף פון ש. ער איז געגאַנגען אַ היים, אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים — צווישן די ווענט פון זיין ענג שטיבל.

# דער פּחד
## (היפּיס אין ירושלים)

עס איז פרייטיק, ערב שבת, אין ירושלים; אָנהייב זומער. דער הייסער טאָג שמעקט מיט יאַסמין, אַקאַציע־בליעכץ און בעז. ריחות פאַרשיכורן, שלעפערן איין. שוין עטלעכע שעה דריי איך זיך אין דרום־ירושלים, פאַרשווינד אין דעם צווישן.

דרום־ירושלים איז ווי אַן אַרומגעצוימטער, פון אַלע זייטן מיט שטאַכייטן, פּאַרק — פול מיט בלומען און גראָז־בייטן. אַלייען און ברייט־געפלאַסטערטע גאַסן ציען זיך אינעווייניק. צווישן די ביימער, אַריינגערוקט אין ביידע זייטן ווי הייף — מיניען זיך רויט־ציגלנע שינדל־דעכער פון הויכע פּירקאַנטיקע שטיינהייזער. די ביימער דאָ זענען אַלט. איין מענטש קאָן מיט זיינע הענט זיי נישט אַרומנעמען. זיי שטייען הויך אַרויף, מיט גרינע קרוינען, וואָס פאַרבלענדן. די צווייגן שטרעקן זיך איבער אונדזער קאָפּ ווי לאַנגע הענט — איינע איבער דער אַנדערער. מיר גייען אין די אַלייען, שטעלן טריט. עס גלייבט זיך נישט, אַז אין די אַלטע הייזער געפינען זיך איינוווינער; מען ווערט אונטער זייערע דעכער געבוירן. קיין מענטשן זען זיך נישט אין די צעעפנטע פענצטער. פאַרהאַנגען זענען זיי מיט באַוועגנדיקע זיך אין ווינטל, קורטינעס.

די תושבים טוישן זיך. מיר פאַרגעסן זיי. בלויז די שטאָט טראָגט אין זיך זייער געדעכעניש. מיר לאָזן זינקען אין דעם גלאַט־צעהיצטן שטיין אונטער זיך אונדזערע טריט. אין מיינע געדערעם וויקלען זיי זיך ווי רצועות — זיך נישט אַרויסצופּלאָנטערן.

איצט ווייס איך אויף זיכער, אַז די שטילקייט דאָ אָנגעלאָדן איז מיט געדענקען. איך וויל זיך אויסציען איבער דער ערד, זיך פאַרשפּרייטן מיט מיין גוף; אָנלענען אַן אויער, זיך דערמאָנען.

איך צי זיך אויס, אין דער זייט, אויף אַ גרינער באַנק. איינצלנע גייען דאָ. אויטאָס גליטשן זיך פאַרביי. איך ווייס נישט צי מען זעט מיך אונטער די צווייגן. איך ליג — אַרויף מיטן פּנים. מיינע הענט שפּאַרן אונטער דעם קאָפּ. איך פּיל

נישט איבער מיר קיין בליקן. איבער מיין פּנים — אַ גרין הייטל. פון אונטערביידע ראַנדן קוקט זייטיק אַפּער מיינס אַן אויגן־שפּעלטל. איך בין אַ רואה ואינו נראה.

די זילבער־ביימער שטייען איבער מיר נידעריק געבויגן, שפּרייטן זייערע צווייגן, ווישן מיר דאָס פּנים. איך זע זייטיק, די יונגע בלעטער שאָקלען צו מיר זייערע דין־ראַזיקע שפּיצן. זייער געשטראָכנקייט צייכנט זיך אין מיר. אויפן באַרגשפּיץ, אין ווייטן האָריזאָנט — בלענדן זיך זייטיק ביימער, אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה. עס לייכט דורך זייער צווישן — דער הימל. איך וועל מיט ביבעלע שפּילן אויף זיי ווי אויף אַ קעמל.

איך שליס צו די אויגן, בייג אונטער דעם קאָפּ, ווי צום בענטשן. אַ מינוט דאַכט זיך מיר, איך ליג אַזוי אויף אַ שמאָלער מיטה. מיינע הענט אויסגעצויגן. די געבויגענע איבער מיר — חברה־קדישא לייט. פֿאַרענדיקט האָב איך מיין דור, באַלד וועט מען מיך אונטערהייבן. געקומען זענען זיי מיך אָוועקטראָגן.

אין דער פֿאַרמאַכטקייט, דאַכט זיך מיר, איך בין אַ בוים, אַן אויסגעצויגענער; פֿאַרזעצט אין די אורצייטן. אויסגעהאַקט דעמאָלט האָט מען וועלדער. אָדער — געווען איז דאָס דעם לעצטן ווינטער, ווען די ערד פֿאַרמאַכט האָט, איבערגעצויגן, אַ פּראָסטיק הייטל. אין ירושלים געפֿאַלן איז אַ געדיכטער שניי. די הימלען האָבן נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט; גיריק, מיט לאַנגע, אַראָפּציענדיקע־זיך ווייסע פּאָסן — געוואָלט זיך באַהעפטן גאָר אונטן. די ערד, אַן אַנגעדראָלענע, מיטן פּנים איבער־געדרייט, האָט זיך אונטערגעהויבן, איינגעשרומפּן, מיט אירע גאָסן אַרויף. דער נעפּל געניידערט האָט אויף ביידע, זיי אַרומגעהילט. נאָר די ביימער געבליבן זענען אַרויפגעריסן. זייערע קרוינען זענען ווייטער געשטאַנען מיט דער ווייסער לאַסט איבערן קאָפּ, ביז געהערט האָט זיך אַן אָפּגעהאַקטער קראַך. דאָ און דאָרט האָט אַ בוים ביי זיין שטאַם זיך אונטערגעבראָכן, איז געפֿאַלן. בלויז זיינע וואָרצלען, ווי קאַלטע לאַנגע פֿינגער, זענען געבליבן פֿאַרשטאַרט אין די פֿעלדזן אונטן.

אויף צו מאָרגנס געווען איז די לוויה. שטאָט־אויטאָס זענען אַרומגעפֿאָרן. פֿון אונטערן שניי אָפּערגעשטעקט האָבן לאַנגע שוואַרצע פֿלעקן פֿון אויסגעצויגענע ביימער. פֿאַר יעדן טויער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. צוויי דאַרע באַאַבערדיקטע יידן האָבן פֿון ביידע זייטן זיי אויפגעהויבן און אַרויפגעלייגט. די עגלות האָבן געררירט. ווי פֿון שעכטהויז־וועגענער נאָכגעהאַנגען זענען גרין־צעצווייגטע איברים. קלעפּיקער זאַפֿט האָט אונטן באַגאָסן דעם אַספֿאַלט. די אַרבעטער, גרין־דורכגע־נעצטע, זענען נאָכגעגאַנגען.

פֿון יענעם טאָג אָן זענען זיי געבויגן, די געבליבענע ביימער — מיט די קעפּ אויף מיזרח.

איך וויל איינדרימלען. ביי נאַכט שלאָף איך ווייניק. אין דער שטוב־פינצטערניש הער איך כסדר טריט. אָפּגעהאַקטע קולות דערנענטערן זיך. אויך אין מיין דרימל גייען זיי אַן, ווי אַן פּיס.

שוין יאָרן ווי מיר אַנטלויפן פון די הייזער. מיר האָבן מורא זיך אומצוקוקן. מיר ווייסן, אַז עס איילט אונדז נאָך, עס קאָן אונדז גרייכן.

איך וויל זיך איבערדרייען אויף דער באַנק; געמאַכט איז זי פון ירושלימער ביימער. אונטער מיר פאַרטריקנט איז די גרינקייט.

עטלעכע זומערס שוין, ווי זיי באַפאַלן אונדז פלוצעם, קומען פון דער ווייט. זיי פאַרשטאָפּן די וועגן; דעקן צו די שיין. זייער גאַנג — אַ מידער. זייערע האָר — געשפּאָלטענע פאַרהאַנגען פאַר די אויגן. דער פאַרנט ביי אַלע — מיט פאַטשער־קעס. אין די פאַרקאַלטענטע בערד בלויז דערקענט מען דעם מין. אָפּשאָפן ווילן זיי אויך אים. זייערע געדיכטע בערד — אַן ווילן. נישט אַנדערש, ווי אומגעקומען זענען זייערע עלטערן פאַר זייער געבוירן.

אַלע קאָפּע־הייזער — געפּאַקט; די גאַסן — איבערפולט; די טרעפּ — פאַר־לייגט. אין די נעכט, אין גערטנער — שלאָפן זיי אַרום פייערן. די פלאַמען רייסן זיך אַרויס. אַ רויך שוימט אויף. זי רוישט, די שרפה, מיט פייערצונגען.

ש., מיין יונגער פריינד, וואָס איז פון דאָרט, זאָגט, אַז צום באַרג פון גאָט קומען זיי, צוריקנעמען דעם בונד וואָס געשלאָסן האָבן זייערע עלטערן. זיי פאַרציען דעם ברית ווי מיט אַ הייטל. אויך ווען נישט באַשניטן זענען זיי, האַלט זיי דער צובונד. ער לייגט זיך פאַר זייערע שוואַרצאַפּלען ווי אַ וועגווייזער. ענ־דערן דאַ אין איר מקור ווילן זיי די בריאה.

איצט שפּיר איך די מגפה אין מיינע נאַזלעכער. אפשר איז זי דאָ שוין — אין מיינע ביינער. ווי יעדן טאָג אַנטלויף איך זיך אויסבאַהאַלטן. איך ווייס, אויך אַהער וועלן דורך די ביימער די פלאַמען זיך אויסשפּרייטן. ווען זיי וועלן לסוף זיך לייגן אונטער זיך — וועלן מיר אַרויסקומען ריזיק־אויפגעשוואָלענע, אויפגעלאָפן די גופים.

אַנגעהויבן די ערשטע קומען צו מיר האָט אַ הויך מיידל. געוווען איז פריער אָוונט ווען אַריינגעלאָזט זיך האָט זי אין מיין שטוב. אַ פולע, האָט זי זיך אָוועק־געשטעלט. הייזעריק, פון איר אינגעווייד, האָט זי אַרויסגערעדט איר נאָמען. ווען איך האָב זי איבערגעפרעגט, פאַרנומען האָב איך אַן עכאָ. פון צווישן די געקעס־טלטע פענצטערלעך פון איר באַרדאַ־קלייד, אַנגעקוקט האָבן מיך אויגן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און איז איינגעשלאָפן. פון איר גוף געשלאָגן האָט אַ לייכטער ריח. מיטן אויסאָטעמען און איינאָטעמען האָט זי אים אַרויס און אַריין געצויגן. אויך מיר זענען שווער געוואָרן די פיס, זיי האָבן זיך געבויגן. באַפאַלן איז מיך אַ מורא, אַז נישט אויפכאַפּן וועט זי זיך. איר אָטעם איז אין ערגעץ נישט אַנגעבונדן. גאָר נישט וואַכט איבער איר. די אויגן אין די באַרדאָ־פּאַסן פון איר קלייד — געווען זענען פאַרמאַכט.

געטראַכט האָב איך, אַפּצושערן אירע האָר, אָדער באַהאַלטן זאָל איך אירע קליידער; קיינער זאָל זי נישט זען. איבערבלייבן זאָל זי דאָ אַ חודש־צייט, ביז אַריבער עס וועט דער צאָרן.

ש. זאָגט אַז אויפגעבראַכט אַהער האָט זי טאָקע די מגפה. זי לייגט כסדר אַוועק קרבנות. אויך אונדז וועט זי אַנשטעקן, ביז פאַרלענדן וועט זי נישט יעדן גוטן טייל.

ש.ינס פּנים טוישט זיך. מיט זיין אַסקעטישער הויט — זעט ער אויס אַן אַנטרונענער פון אַ שטאָט, אַנגעגריפן דורך אַן אַנלויפנדיקער כמאַרע. דין, אַן האָר, וואָס זאָלן ביים שלאָפן אונטערלענען זיין קאָפּ. זיין שווערער שאָטן — אַ נאַקעטער, ווי אַ באַזונדער איבר, אַן קנייטשן. ער דעקט זיך איבער אים — וואָרעם. דער שאָטן, נישט ער, זאָגט עס פאַר די קורות פון די קומענדיקע טעג.

אַ פאַרשלאָפענע האָב איך זי אונטערגעהויבן. זי האָט זיך געלאָזט פאַרמאַכן אין אַ קעסטל. ליגנדיק האָט איר אויגן־הייטל, ווי אַ לאָדן, איבער איר זיך אַראָפּגעלאָזט; אירע וויעס — דין־ציטעריק זיך געשלאָסן.

מיינע אויגן נייגן איצט זיך אין דער זייט פון דער באַנק: אין די פאַרבייציענדיקע שאָטנס דערקען איך מענטשן. זענען זיי ווי אַ געוועב איבערן פלאַך, זיי באַרירן אים לייכט, אָדער — זענען זיי דין־פאַרזעצט אין דער טיפעניש; וועלן זיי פאַרוואָרצלטע דאָ בלייבן; דער אינעווייניק בענקט נאָך זיי, אָדער וועט ירושלים פאַרטרייבן זיי פון זיך אַראָפּ; אָפּווישן מיט אַ ווינטל זייערע טריט.

איצט ווייס איך אויף זיכער, אַז דאָס איז ער, דער סימן־היכר. לויט אים דערקענט ירושלים אונדז פון אַ מאָל. אויך ווען אַוועק זענען מיר — פאַרבליבן דאָ זענען אונדזערע שאָטנס. די גאַנצע צייט געוואַרט האָבן זיי אויף אונדזערע גופים, ווי פאַרמען איבער דער ערד. איצט פּאַסן מיר זיך צוריק אין זיי אַריין. צוריקגעקומען זענען מיר אַרויסגעגבן פון זיך נביאים.

אַ חודש־צייט האָב איך זי אויסבאַהאַלטן, אַ פאַרשלאָפענע, אין דעם קעסטל, ווי פאַרטשאַדעט נאָך פון ריחות. אַלע מאָל האָב איך זי באַוועגט און זי האָט זיך

נישט אויפגעכאַפּט. זי איז געווען ווי אַ חומר אין די הענט פון מייסטער. איך האָב אָנגעקוקט איר פּנים. וואָס אַ מאָל מער האָט אָפּגעגלאַנצט, ווי געשמידט, איר הויט. איך האָב לייכט זי געגלעט; געבויגן אירע איברים. איר האַנט — צוגעלייגט צום האַרץ; געפּרוווט אירע בערג האָר אונטערן פּאַרוואָרפענעם קאָפּ. איך האָב אָוועקגעכאַפּט די הענט; געוווסט, איך — טאָר נישט. איך טראָג נאָך אין זיך די פאַרשעמונג פון שענדן זיי אויף די וועגן. מיר, זייערע ברידער, געבליבן זענען פאַרשוויגן. זייט דעמאָלט פול איז איר לייב מיט שטראָם; אירע בריסט־וואָרצל — ווי צוויי פייערדיקע אויגן. איר אָפּגעדעקט אויער לייכט דורך די האָר, ווי עס וואָלט אונטערגעהערט מיין טואונג. געזען האָב איך, ווי יעדע זי — טראָגט זי מיט זיך איר גוף. איבערגעגעבן ער איז נאָר איר באַגער.

איין מאָל ווען איך בין צוריקגעקומען, האָט מיין אָטעם אויף אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט; געמיינט האָב איך, איך וועל זי שוין נישט טרעפן; די שׂרפה האָט זי געפונען. דאָס פּעדערהויז געווען פול איז מיט סאָדזועס. די פלאַמען — אַרויף האָבן זיך געריסן פון שטאָק צו שטאָק. אַ רויך, ווי אַ שלאַנג, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן. די שכנים אין די טירן — אַרויסגעגאָסן האָבן עמערס וואַסער אויף די שטייגנדיקע עקן. דאָס ווייסע פּאַדערצימער מיט די הויכע ווענט — פלעקיק פאַרשוואַרצט. די עמערס מיט זייער גאַס האָבן געטראָפן בלויז אין די אונטערשטע פּיס פון די פלאַמען, וואָס זענען געלאָפן אַרויף. איך האָב געטאַפּטשעט אין די קאָלוזשעס; געהיפּערט צווישן טירן, שוין פאַרשלאָסן אינעווייניק אַריין. מיין טיר — דורכגעסמאָליעט, אויפגעפּראַלט. איך בין אַריין, גלייך צו צום קעסטל. עס געטראָפן צעעפנט. די פייערצונגען האָבן אינעווייניק זי אַרומגעשמעקט, באַלעקט פון אַלע זייטן; געשוועבט איבער איר אַרויף און אַראָפּ, אַרומגעזענגט דעם גוף, און — געפּלאַצט.

ש. האָט ווידער זיך געענדערט. ער האָט איצט אויסגעזען, פריש־אָפּגעשוונדן, אָן אַ הויט. ער האָט געהאַלטן, אַז עס האָט נישט קיין טעם צו אַנטלויפן. פון ירושלים איז נישטאָ קיין צוריק. אויך אַנטרונענע פון אַלע זייטן ווערן אַהער צוריקגעפירט, ביז זיי דערשפּירן זי, די אחרית־הימימדיקייט פון דער שטאָט.

מיר האָבן ביידע געזעצט זיך אַרום טיש, געזוכט באַשייד. מיר האָבן פאַרשפּרייט די מאַפּעס ווי אַלטע טישטעכער. אונדזערע פינגער האָבן אויף זיי געל געהיפּערט:

— יאָרן איז ער, דער פּחד, פון אַלע ווייטקייטן געבראַכט געוואָרן אין די טאָלן. אויסגעליידיקט די שטעט; אויפגעבליט פריש אין קינדישע אויגן. פול מיט אים געווען זענען די פאַרנאַכטיקע פעלדער; די וועגן — מיטן ריטעם פון טריט. ער

האָט געוואָיעט פון איילנדיקע באַנרעדער, אַרויסגעיאָמערט פון גאַז־קאַמערן. די ערד געעפנט האָט איר מויל. איצט, שוין יאָרן, ווי אַלץ האָט זיך איינגעשטילט.
דער ניגון איז מער נישטאָ. די ערד אויסגעגלייכט האָט זיך פון אויבן.

געמיינט האָבן מיר, אַז צעפלאָסן ווי רויך איז דער עכאָ; די קולות — אַראָפּ־געזעצט; די ערד פאַרדעקט האָט די קינדישע אויגן. אויסגעגאַנגען אַלץ איז אין די בלויע פלאַמען.

נישט געוווּסט האָבן מיר, אַז דער פּחד קאָן נישט צערונען. ער רייסט זיך אָפּ פון די מענטשן, בלייבט אַליין אין חלל. ווען אַלץ אויסגעגלעטיקט איז — הייבט ער זיך ווי אַ שוואָם איבער די שטעט; רייסט זיך אָפּ, שפּרייט זיך ווי אַ וואָלקן. ווי אַ כמאַרע לייגט ער זיך איבער די טעג. ער קריכט אונטער טריט און וויל נישט אונטערגיין.

לאַנגע יאָרן האָבן מיר אַלע אַרויפגעקוקט אויבן ווי צו אַ ליקוי־חמה; מיט געשוואַרצטע גלאָזן די פּנימער פאַררישן. און ווען געטראָפן עס האָט איבער אונדז — פאַרמאַכט האָבן מיר די אָפּלען.

און לסוף, ווען געכאַפּט האָבן מיר זיך — האָבן מיר איבערגעשראָקענע שנעל זיך צעטיילט אין צוויי מחנות. טייל פון אונדז געקומען איז אַהער. מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט דאָרט; אַוועק, מיט דער פּלייצע אויסגעדרייט. דאָ ווילן מיר שאַפן אַ רעפּובליק פון אויפגייער פון טאָל. ווידער ווילן מיר אים באַהעפטן, דעם פאָדעם. ווי דורך אַ נס, זענען אונדז אַנטקעגן — אונטער די פיס — די פעלדער. ווי אויס־געטרוקנטע זיי וואָלטן אויף אונדז געוואַרט. אָנגעהויבן אַרויסגעבן האָבן זיי דעם פאַרזיי פון אַמאָל.

אַ דיקער שאָטן וויקלט דאָ ווידער אונדז אַרום. מיר באַהאַלטן מער זיך נישט. מיר דרייען זיך אָפן, אָפּגעדעקט אויפן פלאַך. מיר מויערן זיך איין אין די הייזער, פעסטיקן זיי אַרום ווי מיט שטאָט־פעלדזן. אויף אַלע אונדזערע בלאָנדזשענישן — זוכן מיר אין זיך דעם ענטפער, צי ער פאַסט זיך אַריין אין די פאַרמען דאָ. מיר גייען איבער די טראָטואַרן, ווי אין די טעג פון נאָך אַלעם. יעדער פון אונדז — אַליין, אָן עלטערן — געבערט ווידער אין די נעכט. פאַרשוויגענע, הערן מיר אונדזער וועקן זיך. נישט אויסגעטרוקנט איז אונדזער זרע. אונדזערע קינדער דאָ ווערן נישט געבוירן — זיי שטייען אויף לתחייה.

אַנדערש אָבער איז מיט די צווייטע, מיט די וואָס אַוועק זענען ווייט. אַנטרונען זענען זיי מיט דעם פּחד אין זייערע בלויע ביינער; אַרומגעוויקלט דעם ווינט אַרום די פיס און געאיילט — די טריט איבערן חלל. אויך די אויערן — ווינטיק פאַר־

שטאָפּט. וואָס ווייטער, איז די צונג ביי זיי געוואָרן אויפגעשוואָלענער; זייערע הענט — מיט האָר־קנוילן באַוואָקסן. און ווען זיי האָבן לויפן מער נישט געקאָנט — פאַרלייגט האָבן זיי ביידלעך; זיך אויסגעמישט, כדי מען זאָל זיי נישט דערקענען. אין מינוטן פון פּחד צו פאַרבלייבן אַליין — געפּאָרט האָבן זיך זכרים מיט נקבות. נישט געשפּירט האָבן זיי, אַז דער וואָלקן יאָגט זיי איבער, לייגט זיך ווי אַ ווייכער טעפּעך אונטער זיי, און ציט פאָרויס אויבן.

יאָרן זענען אַזוי דורך. מען האָט אים, דעם פּחד, פאַרלייקנט, פאַרדושעט אין זיך, אים איבערגעדעקט. נישט מודה געווען, אַז ער איז דאָ. תמיד, ווען ער האָט געוואָלט אַרויס דורכן מויל — אַראָפּגעשלונגען מען האָט אים, נישט אויפגיין זאָל זיין פּאַרע.

איצט האָט ער ווי פּלוצעם זיך באַוויזן. די יונגע דערזען האָבן אים צום ערשטן מאָל. באַזעצט האָט ער זיך אין זיי. ער איז אַריין, אויפגעדראָלן זייערע אינגעווייד. זיי האָבן זיך געיאָגט, ווי בעלי־חי, נאָכן עק וואָס דרענגט אַרויס פון זייער לייב.

זייט דעמאָלט, אַרויס זענען זיי פון די שטובן. זיי איילן מיט אים איבער גרענעצן, לויפן איבער ימים. נישטאָ ווו זיך צו באַהאַלטן. אומעטום נעסטיקט ער זיך איין. אַלץ פאַרכאַפּט ער; היפּערט נישט צווישן שולדיקע און אומשולדיקע. זיי פאַלן און ער שטעקט צו זיי הענט. זיי שטייען צווישן די געבליבענע און די מתים. אַזוי — נישט אונטערגיין וועט ער, ביז אָנשטעקן ער וועט נישט דעם גאַנצן יקום.

ש. האָט געקוקט צו איר. ער איז געזעסן ווי איינער וואָס אָט דערגרייכט אים די סכנה.

איך האָב באַשלאָסן זיך מתגבר צו זיין דורך איר אויף אַלע מיינע ווילנס; זיך אָנטווייינען ווי אַ זקן. איך וועל אין קאָסטן דאָ זי איבערלאָזן — ווי אַן עדות; אָוועקשטעלן זי ווי אַ מומיע אין ווינקל. פאַר מיר אַליין דאַרף איך אַ מאָנומענט.

ווי פון אונדזערע בליקן, האָט זי זיך איבערגעוועקט. אָפּגעגענעצט, האָט זי צעעפנט די אויגן — נאָך מיט דער האַנט פאַרלייגט אַרום מויל. זי האָט געזאָגט, אַז איך בין ענלעך צו איר מוטער. זי האָט געפרעגט, צי מיין לייב טוט מיר ווײ; אין חלום האָט אַ באַשעפעניש גיריק זיך איינגעביסן אין איר גומען אויבן. ווידער האָבן אירע אויגן־וויעס לייכט אָפּגעציטערט. פון דער ווייטנס האָט זי געהערט טריט. זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל אין אַ קאַפע. זי זעט מיט אירע שטעכל־דראָטענע ברילן אויך אין דער טונקל. ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט די געקעסטלטקייט

פון איר קלייד זיך אויסגעשפּרייט צו קראַטן. מיר האָבן דורך זיי דורכגעקוקט; זיך באַהאַלטן הינטער די אויגן אין זיי.

איידער מיר זענען אַרויס, האָט זי אַנגעקלאַפּט אין טיר. ש. איז אין דעם אָוונט אַוועק, זיך אַריינוואַרפן אין אים ווי אין אַ טייך. דעם פאַל האָב איך געהערט פון אַלע מויערן — אויך ווען איך בין מיט איר אַריין אין די גאַסן. פון איבער די שטאַכייטן האָבן די פענצטער אַריינגעשניטן זיך אין טונקעלן חלל מיט ליכטזיילן. איין לאָמפּ איבערגעגעבן אונדז האָט אַ צווייטן. מיר האָבן צווישן זיי זיך געמיניעט; אַריין אין ליכט און ווידער אַרויס. פלעק־פינטעלעך זענען אויף אונדז געפאַלן. זי איז געגאַנגען באַדאַכט, ווי זי וואָלט פאַר זיך געלאָזט אויסשפּירן דעם וועג — די בריסטן פאַרויס, דעם גוף — צוריקגעהאַלטן.

פון די נייע קוואַרטאַלן זענען מיר אַריין אין די אַלטע; פון זיי אַרויס און ווידער — אין נייע. צו מאָל האָט זי מיך געפירט פאַרויס; צו מאָל, אין דער בלאָנדזשעניש — אויף מיר זיך אָנגעלענט, מיר נאָכגעשפּרייזט. אַ ווייל האָב איך זיך געכאַפּט, זי פירט מיך אויף ירושלימער געסלעך, וועלכע איך קען נישט. טיף זענען מיר אין דער פאַרהוילעניש. ווען נישט די ווייכע שטיינער, וואָלט איך די שטאָט נישט געשפּירט.

זי האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט; אירע פינגער אין מיר אַריינגעלאָזט ווי וואַרעמע וואָרצלען. איר דופק האָט געקלאַפּט ווי אַ המשך פון מיינעם; אונדזערע ריטעמס — געפלאָסן ווי איינער. איצט האָבן מיר צוזאַמען געשטעלט די טריט. שוין לאַנג ווי איך האָב יעדן טאָג אין ירושלים אַ שיעור — גיין אין דער לענג און ברייט פון שטאָט. אַזוי אַרום בין איך זי קונה דורך משיכה. צו מאָל האָבן מיר ביידע צוזאַמען אַרויסגערעדט די זעלביקע ווערטער. איך האָב געזוכט די שאָטנס פון מענטשן, וועלכע האָבן דאָ מיר זיך פאַרבייגעווישט ווי טיכער. איך האָב זיי נישט אָנגעטראָפן. איך בין פול מיט שיכחה.

ווידער האָב איך געזען, האָט די שטאָט צוויי מחנות, יעדע פון זיי — אָן אַנדערן אַראָפּהאַנג. זיי מישן זיך נישט, רירן זיך נישט אָן, ווי זיי וואָלטן נישט געשפּירט, איין מחנה די צווייטע.

פון איין זייט, ברייטע גאַסן, באַלויכטן מיט ליכט, ווי פון ווייסע נעכט. זיי זענען אָנגעפילט, די גאַסן, מיט גייענדיקע צוריקקערער, ווי אַ שטראָמיקער טייך וואָס שפּאַרט נישט זיינע וואַסערן. די אויגן ביי אַלע — מיט געלע ווייסלען, ווי מיט לאָמטערן. די קליידער — מיט טאַשן אויף טאַשן. אַלע געבייגט מיט די אַקסל צום ליכט. זיי טראָגן אויף זיך דעם עול ווי דעם ארון הברית. זיי זענען העכער,

אַנגעפּילט. זייער קאָפּ, ווי פּאַרזעצט אין די הויכן, לענען זיי אונטער. דער חלל — צעשפּאַרט; די לופט — קלאָר. נאָר דאָ דערזען זיי. זייערע גופים — צוגעקלאַמערט צו די הייזער. איבער זייער לאַנגן וועג — האָבן זיי אַהערגעגרייכט. ירושלים איז אָפן, העכער. זי טראָגט אויף זיך; זיי גייען צו איר אויף. פון אומעטום זעט מען זיי אויך אין די נעכט. זיי פילן, אייביק איז זי, די שטאָט. דאָ איז דער צענטער. ווי מטבעות פון אַמאָליקע יידן — קלינגען אָפּ זייערע טריט. זיי זענען נישט אָפּגעשניטן. די עלטער איז זייער יחוס. עס איז געקומען די צייט פון איינזאַמלען. אַלץ איז פאַר זיי נאָענט. שטרעקן זיי אויס די הענט — שטייען זיי פאַרן עיקר. זייערע פרויען — מיט מילך גייען איבער זייערע בריסטן. אויף די וואָס זענען אַוועק ווייט, קוקן זיי ווי אויף זונקנדיקע אין די טיפענישן פון פאַר אַלעם; אויף די וואָס בלאָנקען דאָ — ווי ירושלים וואָלט פאַרמאַכט אירע אויגן; אַראָפּוואַרפן זיי וועט זי פון זיך.

דערקענט האָב איך אויך די צווייטע מחנה — די וואָס דרייען זיך אין די טונקעלע געסלעך. זיי זעען נישט — כאָטש אַלע טראָגן זיי ברילן. זייערע אויגן אַראָפּגעצויגן צו דער ערד, ווי אין איר וואָלטן זיי געזוכט. געשלאָגן איז אויך זייער זיכרון. זיי געדענקען פאַרנעפּלט זאַכן, ווי פון פאַר זייער געבוירן. זיי ווייסן נישט מיט וועמען דאָס איז געשען. פון דער אַלטשטאָט מאַרשירן זיי אַרויס, שטיל־שווייגנדיקע, מיט קעסעלעך. ווי אַ גליווערנדיקער טייך פליסן זיי אָן, און שטייען אויף איין אָרט. די אַקסלען — אַראָפּ אונטן. די ערד דערלאַנגט זיך נישט צו זייערע פיס. זייערע האָר הייבן אונטער זייערע היטלען, ווי קאַסטנס איבער די קעפּ. זיי פאַלן טיף איבער זייערע פּנימער, פאַרמאַכן זיי הערמעטיש. פון אונטן שטעלן אַלע וואַקלענדיק אַרויס די טריט. עס בלענדן זייערע קאַלירטע קליידער — אַן טאַשן. זיי גייען אין דער שטאָט ווי אין אַ גרויסער טראַכט; קוקן אויף די אויפגייענדיקע — ווי אויף זקנים, וואָס טרעטן פון יענער זייט יונגקייט.

מיין מיידל האָט דערקענט די הייזער און טורעמס; אַלץ אַנגערופן ביי די נעמען. טיף אין די פאַרהוילענע געסלעך האָט אַ זקן געפירט אַ קינד פאַרן הענטל. אַן אָפּגעשונדענער הונט איז דורכגעלאָפן. ער האָט פּלוצעם זיך געזעצט אויף די צוויי הינטערשטע פיס און אַרויפגעבילט. פון ווי־ווייט האָבן הינט מיט טאָפּלטע קולות צוריקגעבילט. אין די באַלויכטענע גאַסן האָבן טירן געסקריפּעט, ווי זקנים וואָלטן זיך פאַרמאַכט. אויף אַ רוקשטול האָט אַ לאָמער פאַרבייגעפירט אַ געליימטן. אַ מיזרח־פרוי, מיט אַן אַרומגעוויקלט ווייסן באַנד אַרום שטערן, האָט דורכגעאיילט.

איבער אירע אויגן — אַ פּאָר קאַלירטע ברילן מיט גרויסע קיילעכדיקע גלעזער. אויף אַ באַנק איז געזעסן אַ מאַן מיט אַ שטעקן אין האַנט. אויף אַן אַרויפגעשטעלטן שוך האָט ער איבערגעבונדן אַ שנורוואָדלע. דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט, פונאַנדערגעשאַרט די האָר, אַנגעשטעלט אין דער פינצטערניש דאָס אָפּגעדעקטע אויער. זי האָט געפרעגט צי מען רייסט אויף שטיינער אין די בערג; אַ ציטערניש איז אונטער אונדז דורך די ערד־טיפעניש. דער חלל דאָ איז דורכגענומען מיט אַן אַלטן באַגער. דער ווילן וועקט זיך אין איר. זי האָט געפרעגט, צי איז אמת, אירע זיידעס וענען אַהערגעקומען שטאַרבן; אויף דער עלטער דאָ האָבן זיי געהאַט קינדער, אָדער — שוין טויטע האָבן זיי זיך אַהערגעקאַלערט. זי פילט, זיי קריכן דאָ אומעטום, מיטן פּנים אַרויף, אונטער אירע טריט. זיי בראַיען אַרום, און אפשר, פון זייער קאַלערן — ציטערט זי דאָ אויף; די ערד?

מיין באַגלייטערין האָט ווייטער געזאָגט, אַז זי הערט, אונטער דער ערד קראַכט. אויך אונטער אונדז ברעכט זיך. זי האָט געפרעגט, צי איך פאַרנעם קולות. ווער עס שטאַרבט נישט — וועט נישט אויפשטיין תחית המתים.

איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פונעם קיילער. פון מיר זאָל עס ווידער זיך אָנהייבן. געוווסט האָב איך, געגומען זענען מיר פון דער ערד דאָ. אין איר באַגראָבן זענען מלכים און נביאים.

זי האָט מיך געפירט צו אַ פּריזיערניע אין דער אַלטשטאָט. זי האָט אַריינגעקוקט; געהיטן, מען זאָל אין דער דרויסנדיקער פינצטערניש אונדז נישט דערזען. איך האָב געעפנט די אויגן. די גלעזערנע טירן — איבערגעצויגן מיט שוואַרצע דראָט־לעך. אַ גלעקל האָט קלינגנדיק אַלע מאָל אַריינגעלאַרמירט. אַן אַראַבישער שערער אין אַ ווייס פאַרטעך האָט אַלע מינוט, מיט אַ קורצן פינגער, צוגערופן אַ וואַרטנ־דיקן, אים אַריינגעזעצט אין דער שטול. אַרום די געקאַלכטע ווענט — נאַקעטע מענער מיט האַרשויבערס, ווי שוואַרצלעך־דינע פוטערס. אונדזערע פּנימער אין דרויסן, צוגעקלעפּט צום גלאָז, איינגעקוקט. מיר זענען געוואָרן צו געשטאַלטן אויף אַ פּלאַקאַט פון דער אַנדערער זייט, וואָס זייערע מחשבות לויפן איבער פון איינעם צום אַנדערן. מיר האָבן ביידע געוווסט, אַז דאָס איז אַ מחנה, ערשט געקומען. אין מיטן דער שורה — צוויי פון זיי צוגעדרייט מיט די פּנימער איינער צום אַנדערן, באַהאַפטן די וויעס. הינטער זיי — עמעצער מיט פּראַסטיק־ווייסע האָר אויפן לייב. דער שפּיגל אַנטקעגן אויף דער וואַנט — אַן אַלטער מיט ברוינע פלעקן. מען זעט אין אים פאַרגליווערטע פּנימער. ער שפּיגלט אָפּ אויך אונדזערע פּלאַטשיקע נעז, צוגעדריקטע אַנטקעגן צו דער שויב. אונדזערע אויגן־דעקלעך הינטערן גלאָז מאַכן כסדר זיך אויף און צו. מיט אַ מאַשינקע האָט ער איינעם

נאָכן אַנדערן אָפּגעשוירן, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיי די האָר. זיי זענען אָפּגעפֿאַלן, ווי לייכטע איברים. ביי די צוזאַמענבאַהאָפטענע האָט ער, אין דער מיט, מיט אַ שער פֿונאַנדערגעטיילט די וויעס. די אָפּגעשוירענע זענען נאָך דעם אַרויסגע־וויקלטע געבליבן זיצן, נאַקעט־אויסגעבלייכטע, אויף זייטיקע בענק. זייער בליק ווי אַן עכאָ. מיט אַן אומגעזעענער שנור איז ער זיך צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם שערערס בליק. דער דיל — כסדר פֿולער מיט דער אויפֿגעבלאָזענער גלאַנציקייט — אַ פֿולכבע, ווי טיף־וויכע פּאַקע. די וואַרטנדיקע זענען אין איר געזונקען ביז די קני. מיר האָט געביסן דאָס לייב. איך האָב געוואָלט זיך אַריינרייבן. איינער, אַ נאַקעטער, אַ נידעריקער, מיט אַ דין וואַנצעלע, האָט מיט אַ באַרשט אויסגעקערט די שטויסן. איך האָב אַראָפּגעקוקט. ער איז פֿאַרשטאָפּט, נישט געמלעט. אַלץ ביי אים אונטן איז פֿאַרמאַכט. ער פֿאַרנעמט נישט דעם אָנהייב און סוף. עס האָט נישט דורך וואַנען אין אים אַריין. ער האָט געקערט און דער פֿרישער פֿוך האָט וואָס אַ מאָל העכער זיך געהויבן; די פֿיס אַרום פֿאַרשיט טיפֿער. ער האָט זיי געגעבן שטומע צייכנס. זיין צונג — אַריינגעשטעקט אין אַ צווענגל. ער האָט אָנגעצונדן אַ קאָפּ, אויסגעקריצט אויף אַ בלוי חלבן ליכטל. דאָס קעפּל האָט געברענט. דאָס פֿלעמל אויבן האָט זיך געריסן ווי פֿון אַן אָפּענעם מוח. איבער די גופֿים, פֿאַרזונקען אין האָר־אָנשיטן — האָבן זיך געהויבן די נאַקעט־אָפּגעגאָלטע קעפּ. די שטוב האָט אַלע מאָל מער זיך פֿאַרמאַכט, זיך אָנגעפֿילט, אַן אויפֿגעדראָלענע. צו מאָל האָט זי זיך איבערגעקערט פֿון אַלע זייטן מיט דער פֿאַטשעווקע אין דרויסן אַרויס, ווי אַן איבערגעדרייטע פֿעל.

מיר זענען גיך אַראָפּגעשפּרונגען. ווידער זענען מיר געגאַנגען אויף די בערג־אַראָפּהאַנגען פֿון שטאָט. דער הימל — שווער אַראָפּגעלאָזט. מיר האָבן געהיפּערט אונטער די גאָלד־מנורות פֿון ירושלים; זיי שטעקן זיך אויבן ווי הענט פֿון זיילן.

ווידער זענען מיר אַרויס אין די גאַסן. די שטאָט געשטעלט האָט זיך קאַפּויער אויף די פֿאָדערשטע פֿיס, ווי זי וואָלט זיך איבערגעמישט און ווידער זיך אויסגע־גלייכט. די קוואַרטאַלן — אָנגערוקט האָבן זיך אונטער אונדזערע טריט. די גאַסן — שמאָל און לאַנג. פֿון אַלע זייטן געצויגן האָבן זיי צו אונדז אויסגעליידיקטע. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק, פֿאַרדרייט אין אַ קאַראַהאָד מיט די שטערן אויבן. איבער די טראָטואַרן געאײַלט האָבן גרויע פֿעלדזן. היטלען, פֿאַרבייגעצויגענע אויף די שטיינער, האָבן אונדז באַגריסט. פּלוצעם, זענען זיי אויסגעוואַקסן, די געקומענע. פֿון אַלע הייף און גערטנער געפֿלאָסן אין די אויסגעליידיקטע גאַסן, ווי אויף איינצונעמען דעם צענטער. די היגע איינוווינער האָבן פֿאַרשלאָסן זיך אין די שטובן. די שטאָט, אַ באַלאַגערטע, ווי אַ פֿרעמדע אַרמיי וואָלט דורך, האָט זיך

פאַרמאַכט איבערצוואַרטן. מען האָט געשפּירט דעם אָטעם פון די אַרויסקוקנדיקע אונטער די שוועלן. פון די לאָדן־שפּאַרעס אַרויסגעשיינט האָבן ליכט. אינעווייניק האָבן חכמים מיט געגנדזענע פעדערס פאַרשריבן אין אַ ספר די קורות פון דער דאָזיקער שטייענדיקער מינוט. צו מאָל האָט זיך געדאַכט, אַט פאַרלייגן די דרויסנ־דיקע דאַ, אונטער דער לבנה, זייערע נייע שטובן, און בלייבן אינעווייניקסטע; אַט פאַרלאָזן טייל די שטובן פון אינעווייניק, און בלייבן דרויסנדיקע. די געקומענע האָבן נישט קיין לייטער צו שטייגן.

אויך פון דער פריזיערניע איז אַרויסגעקומען דער נידעריקער מיטן שמאָלן וואָנצעלע. ער האָט געפּרוּווט, אָן רייד, זי אָוועקרופן. ער האָט צו איר געווונקען. זי איז שטיינגעבליבן אין דער מיט ווי לאָטס ווייב, און אפשר ווי אַ פעלדז — אונטער זיך. זיין לייב האָט צו איר געקניט. ווידער האָט זיך איינגעשטילט אַרום. אַ רגע האָט אויפגעלויכטן. אַ בליץ האָט אונדז אַרומגענומען. איך האָב דערזען אַ ליכטטייך. ער ציט זיך אין די בערג. געוווּסט האָב איך איצט, אַז עס פעלט דאַ אַ וואַסער, וואָס טיילט פונאַנדער די שטאָט; גיסט זיך אין די טאָלן — אויף אַריבער־צוגיין אים מיט אַ שטעקן; די וואַסערן ווערן איינגעזאַפּט אין די בלעטער פון אונדזערע ספרים, וואָס פילן זיי אָן ווי געלע בערג; די קאַרעטע גייט איבער פון צעוירענע אותיות; אויבן קאָן מען אַריבעראיילן ווי איבערן בליי.

נעבן אונדז איז ווידער אויסגעוואַקסן דער מיטן קורצן וואָנצעלע. ער האָט אויסגעזען העכער. זיין גוף — צעצויגענער. ער פאַרפּאַלגט אונדז. זיינע אויגן לעכערן דין דורך די פינצטערע נאַכט. זי שטעלט צו אים אַרויס פּיס, ווי פון צווישן די קראַטן פון איר קלייד. זי גייט מיט אירע טריט איבער אים. ער האָט געפרעגט, צי מיר ווילן, ער זאָל אונדז פירן אין דער נאַכט. זי האָט זיך געבויגן אונטער זיינע ווערטער. ער איז געגאַנגען פון אויבן, ווי איבער אַ פאַלענדיקן לייטער. אַ באַרוועסע איז זי אַריין אין דער נאַכט. ער האָט זיך געלייגט איבער דער ערד. זי איז איצט געגאַנגען אויבן. איך האָב געוואָלט שרייען, אַז זי זאָל אָנטאָן שיך; די לעדער זאָל פונאַנדערשיידן צווישןביידע וואַרעמקייטן; אָדער — זאָל זי צוריק אַריינציען די פּיס אין דער אַנדערער זייט קראַטן. זיין גוף טיילט אָפּ אירע סטאָפּעס פון די וועלכע ווילן אירע טריט אַראָפּציען. זי האָט נישט געהערט. אויף אַ רגע איז זי געוואָרן אָנגעשטעקט מיט שיכחה; זי איז קראַנק. אַ נאַכט־ווייסקייט, ווי צרעת, האָט זיך געשפּרייט צו אונדז, אונדז געוואָלט אַרומהילן. אין דעם ליכט האָט מען אַרויסגעזען זיין קאָפּ. ער שיינט מיט געסטאַיטקייט. ער שטייט אַליין איבער דער פינצטערניש.

ער האָט אונדז געפירט אויף אַן אויסשטעלונג אין מוזיי מיט די ליידיקע ראַמען.

זיי זענען געהאָנגען אַרום און אַרום אויף די פיר דיקע ווענט — ווייס־געקאַלכט, טויב. אויך דער דיל אונטן — ווי אַ ליידיקע ראַם — אָן אַ צודעק. מיר באַוועגן זיך און קאָנען נישט איינגלייווערן. מיר בלאָסן איין אין דעם קאַלך פון אַרום, וואָס שטראַלט מאַט צו אונדז.

מיר זענען אַריין אין דעם קאַפע־הויז. אויפן דיל — געצייכנטע קעסטעלעך אין שטיין־באַלאַטן. שוואַרצע פירקאַנטיקע פאַסן אַרום פאַסן. איבער זיי — סטאָפּעס פאַרזעצט אין די קוואַדראַטן. אַ געמיש פון פיס אונטער טישלעך — האַריקע און גלאַטע; געבויגענע און אָנגעלענטע; שלאַפנדיקע און זיך באַוועגנדיקע. איך האָב געקוקט אויף די לאַנגע און קיילעכיקע. דער אונטערשטער טייל פון זאַל — נידעריק; ביים דיל — געדיכט, ווי איינגעקלעפּט. נערוועזע פיס־פינגער האָבן זיך געשפּאַנט. איבער די טישלעך — קעפּ, אָפּגעטיילטע. די פלאַכע באַקן אָנגעשפּאַרט האַרט איבערן הילצערנעם אויבן; אַרויף — אַ קיילעכדיקע באַק וואָס אָטעמט. די אייבערשטע דריי פּערטל זאַל, הויך ביזן סופיט — לער, אָן סטאָפּעס, וואָס זאָלן טרעטן. אַ ריח האָט אויבן אַרומגעשוועבט. ער איז אונדז אַנטקעגנגעלאָפן ביים עפענען די טיר. ביי אונדזער אַריינקומען, האָבן קעפּ, אייגער נאָכן אַנדערן, זיך געהויבן אין דער ליידיקייט אַריין; די פאַרמאַכטע אויגן האָבן אונדז נישט אַנטקעגנ־געקוקט. די גופים — זיך נישט גערירט. מיין באַגלייטערין איז געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן; ביי אַלע אויפגעהויבן די קעפּ, ווי אַ רגע מיטן בליק געוואָלט מיט יעדן זיך מזדווג־זיין. אויך ביי איר זענען די אויגן געוואָרן אַלץ גלאַטיקער פאַרצויגן, ווי ביי אַ נאַכטוואַנדלער; אין ווייסל — אַ ראַץ. ביי מיר זענען די אַרעמס געליימט געוואָרן, אַ לערע שווערקייט האָט זיי אָנגעפילט. איך האָב נישט געקאָנט זי צוריקרופן. מיין פינגער ווי אָן אָנגעגאָסענער, האָט זיך נישט געבויגן. מען קאָן מיך אַרויספירן.

איך האָב געוואָלט זיך שטאַרקן, בלייבן וואַך, מיט נישט אונטערגעהאַקטע פיס; זיך אַרויסהייבן איבער זיי. מיטן פּנים האָב איך איר געגעבן סימנים, נישט באַוועגנ־דיק מיטן קאָפּ, ווי דער חלל וואָלט מיך געבונדן; מיך איינגעמויערט אין זיך. זי, שטייענדיק, איז ווידער געשלאָפן, אָטעמדיק וואַרעם, ווי זי וואָלט דיריגירט מיטן דרימל פון אַלע, נאָר די הענט אַראָפּגעלאָזט. עס האָבן צו מיר אויפגעהויבן די פּנימער צוויי שלאָפנדיקע מיידלעך, מיט אָפּגעדעקטע פיס, איינגעטוליעט ווייך — קערפּער אין קערפּער. איך האָב געזען, זייערע קעפּ — אָפּגעשוירן הויל אָן האָר, ווי אָפּגעזענגטע שאַרבנס. זייערע צעפּ, נאָך וואַרעמע, מוזן, ווי ווייכע שלאַנגען, זיך וואַלגערן נישט ווייט. די אויגן — אַרויס; ביידע פאַרבט — מיט די בריסט־

וואַרצלען באַהאַפטן צו זיך ; ווי שטראָם־איבערפירער אַריינגעלאָזט פון איינער צו דער צווייטער. איך האָב זיי געזען אין שפּיגלען אַרום די פיר ווענט. אויך אַלע זענען דאָרט צעלייגט — גרויס און קליין — אַ מחנה. איך האָב נישט געוווּסט, וועלכע עס זענען זיי אַליין, און וועלכע זייער אָפּשפּיגל.

פלוצעם האָב איך דערזען, אין אַ ווינקל זיצן אָנגעלענט אויף עלטערע קינסטלער — טעכטער פון ירושלים. זיי זענען געבוירן שוין דאָ און האָבן דעם רויך נישט געשפּירט. ער באַהאַלט זיך נישט אין זייערע הויטצעלען און אין שאָטן אונטער זייערע אויגן. אויך זיי זיצן אָטעמדיקע און וויקלען זיך אַרויף אויף העלדזער, ווי איבער וואַרעמע זיילן. אַ פינגער־שפּאַנונג בלאַנדזשעט אויף זייער געבערגלטקייט און טאָלן. זיי לאָזן אויף זייערע גופים אויסשפּילן אַ געבעט פון געפּאַלענע, ווען עס איז נישטאָ קיין רעגן. אויך די יצירה איז ווייט. די ברייטע דלאָניעס פון די קינסטלער בעטן צו זיי ציטעריק. זייערע איברים פאַלן פון זיי שוין אָפּ שטיק נאָך שטיק — האָר נאָך האָר, צאָן נאָך צאָן. מען טוט פון זיי זיי אָפּ — מער נישט אומצוקערן. זיי זיצן דאָ, ווי באַהאַלטענע אין דער נאַכט, וואָס מען שענקט זיי דעם לעצטן גענאָד. אונדזערע יונגע זענען נישטאָ. זיי וואַכן ווייט איבער די גרענעצן. זייער אויער איז אויפגעשפּיזט צו יעדן געשאָרך. זיי היטן אַרום דעם ריטעם פון אונדזער דופק, כאָטש אויך זיי ווילן מידע לייגן דעם קאָפּ. דאָ בעטן מיר אויף רעגן, די מינוטן זאָלן דויערן לאַנג, און אַז זיי זאָלן שנעל זיך נישט צוריקקערן. מיר זענען קליין און אַלט. אָ, גאָט, פאַרנעם כאָטש דו !

איך אויף דעם מיידל נעבן מיר געוואָרפן געוואָרן איז ווייטער דער דרימל. ער האָט וואַרעם זי איינגעהילט. זי האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע רייד ווי אין אַ חלום. איך האָב געפּרוווט זי וועקן ; געזוכט צווישן די האָר אירע אויערן־טרובעס. אין איר פאַרגליווערטקייט שטראָמט אַ ווילן. אפשר לעקט עמעצער אינעווייניק אירע פייקלעך ; אירע אויערן־טרובעס זענען גענייגט אויף אַריין.

איך האָב געזען, זיי אַלע זענען ווייט פון אונדז, ווי נישט צוריקצוקערן. זיי האָבן נישט ווּהין. אַ מורא איז אויסגעשפּרייט אַרום זיי. געוווּסט האָבן מיר אַלע מאָל, אַז ווען איין רינג וואָלט פון אונדז אַרויסגעפאַלן — וואָלטן מיר אַלע נישט געווען. אונדזערע זיידעס האָבן פון דור צו דור אונדז אַריבערדערלאַנגט, פון אונדז דאַרפן זיי ווידער זיך אָנהייבן. אָן זיי דאָ — אָפּגעהאַקט ווערט אונדזער גאַנג. אַ מורא איז מיך באַפאַלן, אויך זייערע פאַרונגען געבוירן נישט. בלינד זענען זיי אין די נעכט.

פלוצעם, האָב איך דערשפּירט דעם ריח מיט וועלכן די לופט איז דורכגענומען. ער סטאַיעט איין דעם חלל, און אַלץ אין אים. אויך די ביימער און הייזער. נישטאָ

פאַר אים קיין אַנטרינונג. ער איז געל־צעלויכטן אויך אין דער נאַכט. אומעטום איז חושך־מצרים; אַ געדיכטע וואַלקנדיקייט שוועבט אַרום. זיי זענען איינגע־שרויפט אין איר ווייכקייט, טאַפּן זי. נאָר מיר דאַ זעען. ער לייגט זיך, דער וואַלקן צו אונדזערע פיס, און וויל איינדרימלען.

און מיט אַ מאָל אויפגעוויטיקט אין מיר האָט דער פּחד פון יענע טעג. געמיינט האָב איך, שוין לאַנג בין איך פון אים אַוועק. ער איז מער נישטאָ. פּלוצעם האָט ער אויפגעבליט, ווי אַן אָפּגעשניטענער איבר, פון מיין דנאָ. די וואָלקנדיקייט וועט אַרויף צו אונדז אויף די בערג.

געוואָלט האָב איך אויפשרייען, אַז יעדער זאָל אויפהייבן דעם קאָפּ. זייערע גופים וויגן דאָ זיך שוין ווי אין הענגען. ווי זיי, ווער איך איינגעשרימפּן. מיין פּנים ברענגט אַרויס גרימאַסן. איך זינק טיפער אין די ווייכע האָר; נידער, און קאָן נישט אַרויסשטעקן מער די הענט.

און אפשר שפּירן זיי, אַ האַנט היפּערט און טיילט זיי אָפּ. זייער גוף איז אָפּגעדעקט אויך ווען זיי שערן זיך נישט. נידעריק זענען זיי ביי דער ערד. מיר האָבן זיי אויסגעבעטן. איצט ציט זיי אויף צוריק.

אין איין רגע האָבן טייל אַרום מיר זיך אויפגעשטעלט, צוזאַמענגערוקט די טישלעך. דאָס קאָפּע האָט זיך אויפגעהויבן אין חלל אַריין. די בערד און ברעמען — אַריבערגעצויגן אויבן; איבער אונדזערע קעפּ — פאַרשפּרייט ווי אַ חופּה. אַ האַנט האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טישל אויבנאָן. אין דער שווייגעניש בין איך איינער צווישן זיי געבליבן זיצן מיט אַ נאַקעטער גאַמבע. קיינער האָט נישט געקנייטשט דעם שטערן, ווי נישט מפסיק צו זיין. עמעצער האָט גערופן צו אַן אסיפה פון ועד ארבע הארצות. די האַנט געבליבן איז אין דערוואַרטעניש. די טעכטער זענען געזעסן מיט אונדז אין אונדזער שטומקייט. איצט האָבן זיי מורא, אַז מיר זאָלן נישט אַרויסרעדן. אין דער איינגעהאַלטנקייט, האָט די חופּה פון איבערגעצויגענע ברעמען ביסלעכווייז געטומען לויז נידערן אַראָפּ, זיך איינלייגן איבער אונדז. שוין פון לאַנג געווען איז זי איבערגעשניטן.

עס איז דורך אַ ווייל. געזען האָבן מיר, אַז די נקבות זענען אַוועק. פינגער פון דרויסן האָבן זיי גערופן. זיי דערשפּירן יעדע דעם אויסגעצויגענעם פינגער מיט אַ ברי אין זיך, ווי אַ שטייענדיקן מאָנומענט אָן אותיות. פאַרבאַרגן, אין דעם שאָטן פון דער נאַכט, לאָזן זיי זיך איינע נאָך דער אַנדערער, אַרויס, דורכגעלויכ־טענע ווי אין אַ וואָל. זיי פאַרשווינדן. עס בלייבן בלויז די זכרים. זיי ווילן אַראָפּ־רייסן די הויט, ווי בלאָנעס פון פאַר די אויגן. און וואָס וועט זיין, אויב נאָר די זכרים וועלן בלייבן? פאַרמשפּט ווערן מיר אייביק זיין אַ פאָלק פון טאַטעס.

אַ רגע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע טעכטער גייען איצט אויס אין ווייטע ווינקלען. פרעמדע קומען אויף זיי. פנימער פאַרשפּרייט איבער פנימער. זיי דעקן זיך אָפּ, די פנימער, אין אָט דער רגע; דערזען זיך ווי ערוות.

געוואָלט האָב איך אויפשרייען, אַז פאַרן זיך איז דער לוין פון די וועלכע שטייען אָפּ; פאַרמשפּט זענען זיי תמיד אויף בלייבן ליגן; קיין מאָל מער זיך נישט אויפהייבן.

אויך זי איז געהאַט פאַרשוווּנדן מיט דעם מיטן קליינעם וואַנצעלע. ער האָט זי דערגרייכט אין דער לערקייט פון דער רגע. דורך אַ פּלייצע האָט ער צו איר דורכ־געשטעקט אַ פינגער. זי האָט דערשפּירט דעם געזאַלצענעם ריח פון זיין הויט, וואָס גייט איר אויף אין גוף, דורך די נאָזלעכער — ביז אירע אַקסל־שפּיצן. זי איז אין אים אָפּגעפלאָסן צוזאַמען מיט אַלע, ווי אַ ים וואָלט זיי פאַרשוווּנקט.

מיר אַלע אין קאָפּע זענען איבערגעבליבן. אונדזער אָפּשטראַמיקן שווייס וועט קיינער מער נישט אויפנעמען; אָפּגיין וועלן מיר אין אים. טייכן ווי בערד וועלן פון אונדז אַרויס.

שפּעטער זענען אין דעם ליכט צוריקגעקומען אונדזערע טעכטער. פאַרויס פאַר זיי האָבן זיך געררוקט זייערע גופים; זייערע אויגן אויפגעריסן, ווי געבלענדט פון אונטן. אין דער געדעמפּטקייט האָבן זייערע לייבער געגרויכערט. זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט — יעדע ווי מיט אַ בלוטסטראָפּן אינעווייניק; די צעלן — צעעפנט. מען האָט געשפּירט דעם שלאַנג, ווי אַ וואָרצל, וואָס מען האָט ביי איר פאַרזעצט.

איך בין אויף אַ ווייל אַרויס. אין די ראָגעס האָבן פרעמדע נאָך אַלץ געלויערט, געהיפּערט ווי שליחים איבער די קאָפּע־הייזער. פון צייט צו צייט זענען טעכטער געגאַנגען נאָך זיי. איך האָב געוווּסט, אַז מען טרינקט זיי דאָרט אָן מיט ביטערע וואַסערן. זיי שלינגען זיי אַראָפּ. זייערע בייכער ווערן פאַרהאַרטעוועט. אויף אַ רגע שטאַרבן זיי.

פּלוצעם, האָב איך געשפּירט, אויך איך בין אָנגעשטעקט. ווי ביי אַ נידעריקן וואָלף קריכן מיר בלישטשנדיק אַרויס די אויגן. זיי לייכטן אַריין אין דער נאַכט. איך האָב געהערט, דאָקטוירים אין ווייסע כאַלאַטן באַפעלן קינדער, עפענען דאָס מויל. זייערע מאַמעס שטעקן אַרויס די צינגער. פון דער אַנדערער זייט טראָטואַר איז דורך, ווי אַ באַוועגנדיקע זיך פלאַש, אַ מיידל מיט אַ דערשטיקט קינד אין זיך. עס רעגנט. קעץ עפענען אַרויף די מיילער; מיינען, אַז די לעבלעכע שנורן פון אויבן פאַלן זיי אָנצוטרינקען. יונגע קעצעלעך שפּילן זיך מיט די פיסלעך אונטן; באַוועגן ווי פראַנדזן די פאַלנדיקע שנורן. יונגע נקבות גייען אַרויס פון די קאָפּע־

הייזער, שטעלן זיך פאַר די טירן, אונטערצושטעקן, ווי אין אַ תפילה, די טרוקענע ליפּן.

איך בין ווייטער געגאַנגען ביז אַ באַנק אין דער אַליי; שווער אויף איר זיך אַראָפּגעזעצט. דער שטערן פון אויבן האָט מיר געבריט. די עלנבויגנס — אָנגע־שפּאַרט אויף די קני; דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט איןביידע הענט. איבער מיר האָבן שאַרף געפינקלט די שטערן. מיין גוף האָב איך געוויקלט אין די שטחים פון דער שטאָט, זיך געקאָלערט אין זייער שטויב. זיי האָבן מיך איינגעהילט. איך האָב אויפגעהויבן דאָס פנים. תמיד, אויך אין די נעכט, איז ירושלים גרין. קיין מאָל זאָגן די שטערן דאָ נישט אָן די פולע וואָך. יעדער ייד אומעטום איז דאָ געבוירן. פון דאַנען האָט ער זיך אָנגעהויבן — צו גלייך מיטן קיילעך. נאָר אָהער בענקען מיר תמיד. כאָטש דאָס לעבן איז קורץ — זענען אונדזערע טעג דאָ לענגער. דאָ איז דער טויער פון אונדזער געבעט. גאָטס אויג איז איבער אונדז — פון אָנהייב ביזן סוף יאָר.

מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט, אַז עס דויערט. עס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. עס קאָלערט זיך אונדז נאָך. דאָס נעמט דער שטויב, אַ געל־בלווילעכער, גאָר אונדז אַרום. מיר זענען אַלע אין אים. מיר שטייגן אויפן באַרג צו דער הויכער שיכט. נאָר פון איר קאָן מען פאַלן.

אַ תפילה איז אין מיר אויפגעגאַנגען: אָ, גאָט, נעם אַראָפּ דאָס הייטל פון פאַר מיינע אויגן. איך באַנעם נאָך אַלץ נישט דיינע וועגן. אַנטפּלעק זיך צו די איבער־בלייבענישן פון דיין פאָלק!

ווידער בין איך אַריין אין דעם קאַפע־הויז. די שטולן פון די מענער — ליידיק. זיי זענען נישטאָ. מער וועלן זיי נישט זיין. זיי ווילן נישט נאָך קיין טאָל, כדי צו וויסן. אפשר זענען זיי צוריק אין די טראַכטן. בלייבן וועלן בלויז די זי״ס. זייער גוף וועט איינשרימפּן; זייער פאַרמאַכטקייט — זיין גרייט. ליגן וועלן זיי אויף דער ערד, ווי אויף אַ גרויס בעט, און קיינער וועט נישט קומען.

זיי זענען געזעסן, די זי״ס, און אויסגעשפּילט זייער געקלאַג: פאַרגעסן אונדז, האָבן די ברידער. זיי לאָזן אונדז וואַרטן. אונדזערע גופים — איבעריק, לויז; שלאַבעריק אָן באַריר פון פינגער. פרעמדע האָבן אונדז איינגעזאַמלט.

איינע אָן איבערגעוואַקסענע, מיט אַ קול פון פיל לייב, האָט פאַרגעזונגען:

— אונדזערע וולדות וועלקן אָפּ אין אונדז. מיר זיצן אונטער זיך — אונדזערע טראַכטן אויפגעריסן. עס שרייען אַרויס רוי אונדזערע איברים.

די גופים פון די אַנדערע מיידלעך אַרום, האָבן צוגעברומט: נישט־געבוירענע

קינדער גייען אויס אין אונדז. מיר ווילן זיי אַרויסלאָזן. פון אונדזערע גופים זיי אַנטרינקען — אונדזערע וואָרצלען אין זייערע מיילער.

די געזאָנגען האָבן זיך פאַרוויגט, אַנגעפילט דעם חלל אַרום.

איצט, פּרייטיק פאַר נאַכט, אין דער אַליי, ליגנדיק אויף דער גרינער באַנק, מיטן פּנים אַרויף, האָב איך געזען, די זון אין מערב לאָזט זיך אַראָפּ; די ביימער אַרום מיר ווערן צו פּורפּור און לילאַ. טייל, די איבערגעזעצטע אין דער מיטן — פאַרמומיעט, אָן בלעטער־קרוין אויבן. דער טאָג פאַרגייט; די וואָך איז פאַריבער. באַלד פאַלט צו שבת. אויך דער זומער, וואָס הייבט ערשט זיך אָן, וועט שנעל פאַרביי. קומען וועט דער ערשטער סעפּטעמבער. יעדעס יאָר, אין דעם טאָג, ווערט די שטאָט אָפּגעליידיקט. זיי רייניקן זי אָפּ, פאַר טאָג, ווי געיאָגטע; לאָזן נאָך זיך איבער, ווי אַ טייך, וואָס פליסט אָפּ — דעם פּחד. ער בלאָנקעט אַרום, זוכט זיי אין אַלע שטובן; קען ווידער אַליין נישט זיין. איך האָב אין זיך געשפּירט די פאַרבליבנקייט. נאָך איצט, ליגנדיק, אויסגעשפּרייט — ווי די ערד אונטער זיך, האָב איך באַדויערט זייערע טריט; איר צונג לעקט מיינע פּיססטאָפּעס. ווייט זענען זיי אַוועק. ווידער דרייען זיי זיך. עס פאַרכאַפּט קאָנטינענטן. און אפשר רוט אויף זיי די קללה פון בענקען אייביק נאָך זייער שאָטן. איך ווייס, קיין מאָל מער וועלן זיי נישט אַריינפאַלן אין דעם וויגל. אויך נאָך אַלעם, ווען די ערד וועט זיי אַריינעמען, זיך שליסן איבער זיי — וועלן זיי יורשן אין איר; נאָך יאָרן — אויפטרייסלען וועלן אונדז ערד־אויפציטערנישן.

דער טונקל האָט אַראָפּגענידערט, מיך פאַרוויקלט מיט שאָטנס איבער שאָטנס. די ערד אַרום האָט אַלץ אויפגעקרעכצט, ווי זי וואָלט נאָך פאַרדייעט. מיר האָבן געפילט, זי גייט אָן, די מגפה. זי איז אין מיטן אויסשפּרייטן זיך; אומעטום, ווערט זי, די ערד, פאַרוואָקסן מיט אַ שוימיקער הויט; זי בלעזלט זיך, נאָר מיר דאָ זענען ווי אויף אָן אינדזל. אונדזער ערד פאַרשטעלט איז מיט פעלדזן. פרעמדע קאָנען אויף איר נישט אַרויפשטעלן זייערע טריט.

איצט, ליגנדיק אויף דער גרינער באַנק אין דרום־ירושלים, האָב איך זיך געכאַפּט, עס איז שוין שבת אין ירושלים. פון אַלע טאָלן און בערג — באַלייכטן ליכט די שטאָט. מען זעט די פלעמלעך — אומעטום פון די פענצטער און שטאָקן — אַראָפּהאָנגען איבער אַראָפּהאַנגען. זיי גרייכן די ליכט ווי סיגנאַלן צו די יידן אין אַלע זייערע זיצערטער. מיר זענען שוין אין שבת. ווי אַ קאַראַנטין רינגלט ער אונדז אַרום. ווו זענען זיי, די געקומענע? אומעטום בלייבן זיי פון דרויסן, אָפּגעדעקט.

איך האָב געטראַכט, פון איצט אָן לאָזן וואַקסן זיך אַ באָרד — נישט געקוקט וואָס איך בין נאָך יונג — אַ לאַנגע, אַ ווייסע, ווי מיינע אבות; אַרומהילן זאָל זי מיך. די ווייטערדיקע דורות שטעקן זאָלן זייערע פינגערלעך אין איר. אייביק זיין זאָל זי דער צייכן, אַז איך בין דער עדות פון רגעס, וואָס האָבן זיך געשפּאָלטן, צעפּאַלן אין שפּליטערן. פּלוצעם, האָב איך דערשפּירט אין אַלע איברים דעם ווייַ פון כסדרדיקן קאַרבנשניט אין איר. ער גייט אין מיר אויף. ווי לעבעדיק לייב האָב איך זי אָפּגעטיילט פון מיר. ווּ איז זי? איך האָב געוווּסט, ווי אַלע אַשן, פאַרשפּרייט איז זי אין חלל. זי בלאָנדזשעט אַרום. איך בין אָן אבל אויך נאָך איר. איך האָב זיך געכאַפּט, אבלים פאַרלאָזן זיך שטעכיקע בערד. יעדע האָר אַ שאַרפע. מיינע מוז זיין ווייך, מילד — איינע פון דורות נאָך דורות יידן.

# די לוויה

אויף דער לוויה פון ש. איז געווען שטיל. נאָך דער מיטה, וואָס איז אַרויס פון מתים־שטיבל, האָט קיינער נישט געוויינט. פיר חברה־קדישא־לייט האָבן געטראָגן די מיטה און איין באַגלייטער האָט זיך נאָכגעבלאָנקעט. איידער די לוויה איז אַוועק, האָט אויף דער גאַס, פאַר די ברייט־אויפגעפראַלטע טירן פון מתים־שטיבל, אַ דאַרער חזן פון העכערן וווקס, מיט אַ רויט בערדל, געזאָגט מיט אַ זינגענדיק קול:
„אדם אם בן שנה יהיה או אלף שנים יחיה — מה יתרון לו. כלא־היה יהיה".

דאָס מתים־שטיבל אינעווייניק, איז געווען טונקל אָן פענצטער אין דער טיפֿקייט. שטיגלעך האָבן אַראָפּגעפּירט אין דער געדיכטער, ווי פון איבערגעשטאַנען לייב, געזעצטער לופֿט.

פאַרבייגייער זענען צוגעצויגן געוואָרן פון חזנס זיס־איינשלעפערנדיק קול, זענען געוואָרן פאַרוויגט ווי צום איינדרימל.

די לוויה האָט זיך אָפּגעריסן. זי איז געגאַנגען דורך זייטיקע גאַסן. בלויז אַ שטיקל הויפּט־גאַס האָט זי געמוזט אַדורך. דער באַגלייטער האָט געפּלאָנטערט מיט די טריט. עס האָט אים געדאַכט אַז די לוויה ווערט אָפּגעדעקט. זיי האָבן שוין לאַנג פריער זיך נישט געטראָפֿן. זיי זענען געווען די צוויי לעצטע פון זייער שטאָט.

דער באַגלייטער האָט געוווּסט, אַז זיין אומגעבראַכטע היימשטאָט לעבט פון איצט אָן בלויז אין אים. אין ש.ינס פאַרגליווערטן בליק איז זי מיט צוויי טעג צוריק — פאַרלאָשן געוואָרן.

ש. איז צוויי טעג געלעגן איינגעפרוירן, צווישן אַ שורה געשטאָרבענע, אין דער קילשאַנק פון מתים־שטיבל — זיין לעצטער דאַך איבערן קאָפּ. מען האָט אים געפּאַלמעסט. מיט אַ קליין זעגל האָט איינער אין אַ ווייסן פאַרטעך געזעגט דאָס מוח־דעקל. מיט ראָזע גומיפינגער — גענישטערט אין די אויפגעשניטענע בויך־אינגעווייַדן, אַרויסגעצויגן טיילן. שפּעטער האָט מען ש.ינען געוויקלט אין אַ ווייס ליילעך, פאַרבונדן די עקן, אין גרויס־געמאַכטע שלייפן, איבער די אויסגעצויגענע

הענט, און ווידער אים — אין בלאַנקענדיקע תכריכים שוין — אַריינגערוקט אין דער קילשאַנק, ביז צו דער לוויה.

דער באַגלייטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען ער האָט היינט באַלד אין דער פרי, נאָך ליגנדיק אין בעט, געהערט וועגן ש.ינס אַ סוף מאַכן צום לעבן, האָט די דערשטוינונג געדויערט נאָר אַן אויגנבליק. צוזאַמען מיט דער שטוינונג האָט אין אים געהויערט דער באַוווסטזיין, אַז זיין חבר איז פון דער רגע אָן — טויט שוין אָן אייביקייט; בעת דער סעקציע האָט יענער געזעגט דעם קאָפּ פון אַ פּאַרגליווער־טער מומיע. ער האָט זיך אָנגעטאָן, ווי זיין שטייגער זינט דער מלחמה, אייליק — צו ערשט די הויזן מיט די שיך — קוים יאָגט מען, זאָל ער נישט לויפן מיט די באָרוועסע פיס איבער די שפּיציקע שטיינער. היינט זינט דעם אויפכאַפּן זיך, האָט אין אים געעקבערט אָן אומרו.

דער באַגלייטער האָט איצט געטראָטן מיט די שיך אויף די גרויע, לענגלעך־פירקאַנטיקע, געפלאַסטערטע שטיינער פון שאָסיי. די שטיינער האָבן זיך ווייך געבויגן אונטער זיין טראָט.

אַרום דער מיטה האָט געוויינט אַן עלטערע פרוי. ער האָט געוווּסט, דאָס וויינט ש.ינס מאַמע. עס פירן זי אונטער די אָרעמס, אויף די לאַנגע גאַסן, פון שטאָט צום בית־עלמין — ש.ינס פאָטער און זיין יונג שוועסטערל מיט די ברוינע צעפּ.

מען האָט זיך געדריקט אַרום דער מיטה. ס'האָבן זיך געקנוילט, ווי אין אַ פּאַרע אַרום פּנימער — שטום־פאַרדומפּטע קולות. ש.ינס אַ זיידע האָט זיך געריסן צום מת, געוואָלט זיך וואַרפן אויף אים.

דער באַגלייטער האָט געוווּסט, אַז דורך זיין טויט האָט ש. אָפּגעשניטן אויף תמיד דעם המשך פון זיין גזע. די פריערדיקע דורות יאָמערן דאָ אויס זייער כרת. די עקרותדיקע באָבעס גייען אין שוואַרצן, פאַרשטעלן די פאַרשעמטע טראַכטן.

דער באַגלייטער האָט דערפילט די איבעריקייט פון זיין אייגענעם גוף.

הינטער דער מיטה איז וואָס אַ מאָל געוואָרן פולער. עס זענען נאָכגעקומען פאַרשפּעטיקטע. דער באַגלייטער האָט דערזען ש.ינס חברים פון זייער היימשטאָט. זיי זענען געבליבן פריש, אומפאַרענדערט. ער האָט אַ קוק־געטאָן אויף זיך. זיי וועלן אים נישט דערקענען. ווי ער האָט זיך פאַרעלטערט!

אין דער ענגשאַפט האָבן די פיר חברה־קדישא־לייט קוים דערהאַלטן די אַראָפּ־שווערנדיקע מיטה.

זיי זענען אַרויס אויפן שטיקל דורכגאַנג פון דער הויפּטגאַס. עס איז געווען זוניק־ליכטיק, און אין דער זון האָט לייכט געריגנט. אַ שיכפּוצער אויפן טראָטואַר, האָט, נישט־אויפהייבנדיק די אויגן, נאָכגעקוקט די פיס, וואָס שפּרייזן, מיט דער

איינזאַמער לוויה, צווישן די שיטערע רעגן־שנירלעך. ער האָט דערזען אַ פּאָר שיך, וואָס ווערן באַטראָפּעט, שלעפּנדיק זיך נאָך דער מיטה. גיך האָט ער אַ קלאַפּ־געטאָן מיטן בערשטל אין הילצערנעם פּוצקעסטל.

די לוויה איז אַריין צווישן פאַרנדיקע אויטאָס.

דער באַגלייטער האָט אַכטונג געגעבן מען זאָל אים נישט איבערפאָרן. ס'האָט אים געדאַכט, עמעצער טייטלט אויף אים, פון הינטן, מיט אַ שפּיץ פינגער. וואָס קאָנען זיי דען בייז זיין אויף אים?!

אַ פריילעכע גרופּע יוגנט איז פאַרביי אויפן טראָטואַר, אַרום אַ הויך מיידל מיט אַ רויטן צאָפּ. גימנאַזיע־שילער. זיי האָבן געקוקט אויף דער לוויה וואָס האָט זיך דערווייטערט.

פּלוצעם איז די לוויה אַרויס אויף אַן אָפענער גאַס. אַ שפּאַרער עולם האָט זיך איצט געשטופּט. פּעטערס, ווייבער, מיידלעך — אַלע פון זייער שטאָט. די פּעטערס האָבן נישט געדענקט די צייט אַ מענטש זאָל זיך נעמען דאָס לעבן. ביי זיי אין געטאָ, אין די מסוכנדיקסטע מינוטן, האָט מען דאָס נישט געטאָן.

דער באַגלייטער האָט געקוקט אויף די פּעטערס מיט בערד. אין געטאָ זענען זיי שוין געווען עלטערע יידן. איצט איז ער אין זייער עלטער, אָן אַ באָרד, אַ יינגל. היינט וואָלט ער שוין אויך אפשר געהאָט אייניקלעך!

ער האָט פּלוצעם דערזען זיינע פאַרלוירענע חברים. די מורא פון דער לעצטער רגע — נאָך פאַרגליווערט אין די בליקן. אויך זיי זענען פאַרבליבן יינגלעך. זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק, אין דער ברייט, צווישן די צונויפגעמישטע שורות. ער האָט זיך געשטופּט. זיי האָבן זיך אָפּגעקערט. ווי אַ פרעמדער איז ער געגאַנגען — דאָ פאַרויס, דאָ פון הינטן. אַ רגע האָט ער דערהערט קולות פון דער קינדהייט.

דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט. ס'זענען געפאַלן געדיכטע טראָפּנס. אַ האָגל איז אָפּגעשפּרונגען פון די גלאַנציק־שוואַרצע אויטאָ־דעכער. איבערן שוואַרצן טוך פון דער מיטה האָבן זיך געשיט גרוי־פאַרגליווערטע האָגל־אַרבעסלעך. דער האָגל איז אים האַרט געפאַלן אויף די אויגן־לעפּלעך.

מיט אַ מאָל האָט ער פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט געוואָלט, אַז די לוויה זאָל זיך אַזוי ציען און ציען אין נאַסן ווינט. ער זאָל פון איר נישט אַרויס.

די אויגן האָבן אים ווי געטאָן, ווי עמעצער וואָלט זיי אים אַריינגעקוועטשט מיט די פינגער.

ווען דער האָגל האָט אויפגעהערט, זענען אויפן טראָטואַר געווען ווייניק מענטשן. אַ יונגער פּאָטער האָט, דערזעענדיק די מיטה, צוריקגעצויגן אין אַ הויף

אַריין, אַ קינד אין אַ רויט סוועטערל. דאָס קינד האָט אויסגעדרייט דאָס קעפּל אויף הינטער זיך, געלאָזט זיך שלעפּן אויף אַוועק. דער באַגלייטער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז אמת געזען האָט ער בלויז אין זיין קינדהייט. אַלץ האָט פריש אין אים אַריינגעטראָפּט. פון דעמאָלט אָן איז אַלץ פאַר אים דערמאָנונג.

נאָך דער לוויה זענען איצט געגאַנגען ס׳רוב יונגע, פון ש.ינס יאָרן אין געטאָ. זיי האָבן זיך געשלייכט אין די זאַקן.

די בערגעראָווע פון דער וואַרשעווער גאַס; שלאַנק ווי אַ מאָל — מיט דער ברוינלעכער הויט, און לאַנגע שוואַרצע האָר, פאַרלייגט אין אַ קויש. ש. האָט ערשט לעצטנס דערציילט, ווי מען האָט זי גערופן, כדי אַרויסצוגעמען פון דעם אַרומגע־רינגלטן הויז מיט געכאַפּטע יידן. זי האָט זיך באַוויזן אויבן אויפן פענצטער. איר מיידעלע, מיט סטענגעס אין די צעפּלאָשעטע האָר, צוגעדריקט צום האַרץ. דער דייטשישער אָפיצער האָט אַ וויז געטאָן מיטן פינגער, זי זאָל דאָס מיידעלע אָפּשיידן פון זיך. זי איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין, און אויגנבליקלעך האָט זי זיך שאַרף אַ דריי געטאָן, אַריין צוריק אין הויז.

איצט גייט זי דאָ מיטן מיידעלע ביים הענטל.

לעבן זיי האָט זיך געטוליעט ש.ינס צוואַנציק־יעריקע קוזינקע, מלכהלע. אין איר קערפּער, האָט דער באַגלייטער געוווּסט, האָט מען אין לאַגער דורכגעפירט אַלע עקספּערימענטן. ער האָט זיך געוווּנדערט: איר פּנים איז געבליבן קינדיש, גלייך די פאַרשעמטקייטן פון איר יונג לייב וואָלטן נישט איבערגעלאָזט אין איר קיין שפּור. זי האָט נישט פאַרטראָגן וואָס דער זיידע שרייט.

ביים טראָטואַר, פאַר אַ מאָטאָציקל, איז געשטאַנען אַ דרייעק: אַ דאַר בחורל מיט דין־אַרויסשפּראָצנדיקע וואָנצעלעך, און — צוויי קרעמפּע מיידעלעך, איינ־געהאַרכט אין אים. דאָס בחורל האָט אַ מאַך געגעבן "און איך זאָג אייך" — — —

די לוויה איז דורכגעפאָרן דעם עכאָ.

דער באַגלייטער האָט געזוכט מיט די אויגן זיין אייגן זעכצניעריק שוועסטערל, וועלכע מען האָט דערשאָסן ווינטער. מען האָט זי באַגראָבן אויף זייער הויף, נאַקעט, מיט די ווייס־ציטעריקע בריסטן אין דער ערד.

ער האָט דערזען אין געדראַנג גאָלדען, ש.ינס חברטע מיטן ראָז־וויכן קער־פּער. ש. האָט קיין מאָל נישט געקאָנט באַפרייען פון זיין בליק זיין לויפן מיט איר. זי האָט אין אים אַריינגעקלאָגט: "כ׳וויל נישט מען זאָל מיך דערשיסן! כ׳וויל נישט!" ס׳האָט אַ זבענץ געטאָן אין איר קאָפּ. איר קוויטש איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

גאָלדע האָט אינטים געפילט, אַז צווישן די אַלע דאָ האָט זי דעם נאָענטסטן שייכות מיט ש. זי האָט זיך געשאַרט זייטיק.

מיט אַ מאָל האָט אים אויפגעטויכט אין מוח ווי אַ ליכט־פּינטעלע — די סיבה פונעם אומרו, וואָס עקבערט אים היינט פון באַלד אין דער פרי אָן: די שכנים פון הויז מיידן אים אויס שוין עטלעכע טעג. וואָס קאָן דאָס זיין?

עס איז פּאַרסאַפּעט אַנגעלאָפן די הויכע לערערין פון זייער היימשטאָט. אויך צו איר פלעגט ש. אין געטאָ אַריינקומען. ער האָט אויפגעריסן די אויגן. זי איז פאַרבליבן הויט און ביין. די הויט איז אַלץ געלעגן איבער אירע ביינער, פון אויבן אַראָפּ, ווי אַ לאַנג, פלאַך מלבוש — אָן פאַלבן.

דער באַגלייטער האָט באַרעכנט מיט וויפל יאָרן און דערפאַרונגען ער איז איבער זיי אַריבער; ווי דורות וואָלטן זיי אָפּגעטיילט. זיי האָבן פאַרשפּאַרט די שפּעטערע יאָרן. ער איז איצט עלטער פון זיי מיט אָן אייביקייט.

די לוויה האָט זיך דערנעענטערט צו אַ גאַסן־קרייצונג. אַ פּאָליציאַנט, מיט אַ ווייס היטל מיטן מגן־דוד האָט רעגולירט די באַוועגונג. מיט דער אויפגעהויבענער האַנט האָט ער געוויזן צו דער לוויה אויפן אַספּאַלט־שאָסיי. די לוויה איז געגאַנגען ווייט אַראָפּ.

אַרום האָבן די מאַסן, יונג און אַלט, אַלץ געשטראָמט — יעדער אַדורך דעם אַנדערן. די לוויה האָט אָוועקגעצויגן. די זקנים האָבן אָפּגענייגט די בליקן. ער האָט זיך געכאַפּט, בלויז די איילנדיקע וועלן נאָך דאָ לאַנג זיך דרייען. עס ווערן אַרויסגעכאַפּט פון צווישן זיי, ביזן לעצטן, די וואָס שטעלן זיך אָפּ; וואָס קוקן אויף הינטער זיך. זיי דערזען, די וועלט אַרום זיי איז אַרומגעצוימט. אויך אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד: אָט איז ער נאָך צווישן זיי, די גייענדיקע; אָט באַלד וועט אויך ער, דער לעצט־פאַרבליבענער, פאַרשווינדן. דאָ וועט אַלץ ווייטער שטראָמען איבער אים אַריבער.

ער האָט געוואָלט זיך אויסמישן אין שטראָם מיט די אויפגייענדיקע גופים.

ווען זיי זענען אַריבער, האָט דער באַגלייטער פּלוצעם דערפילט ביים אָרעם אַ סאַמעטענעם אַרבל־באַריר. עס האָט געשפּאַנט לעבן אים דער רב פון הינטער לובלין, וואָס איז פאַרבליבן אַ פּליט — איינער אַליין פון זיין עדה. ער האָט נישט געוווסט, דער רב, ווי אַזוי. שוין פופצן יאָר זאָגט ער קדיש אין אַ ירושלימער שולעכל. ער האָט געהערט, ס'איז דאָ אַ מת מצווה, איז ער געקומען. ער איז אַריין אין געדרענגעניש מיט זיין לאַנגער, גרוי־געוואָרענער באָרד. דער באַגלייטער האָט דערפילט די קעלט פון זיין אייגן גלאַט־אויסראַזירט בלוי פּנים.

עמעצער פון אַ באַלקאָן אין ראָג האָט אַראָפּגעקוקט, מיט אַן אויסגעלאָשענעם שמייכל, צו דער לוויה.

דער באַגלייטער האָט אַראָפּגענידערט דעם קאָפּ.

עס שטופּט זיך דער אַרויסגעוואָרפֿענער מחוץ־לעדה, מוסר פֿון שטאָט. אַ דיקער, אומגעלומפּערטער, מיטן נישט־באַנדאַזשירטן קאָפּ. ער שטעקט פֿאַרויס זיינע דורכגעשאָסענע, נאָכהענגענדיקע איברים. זאָל מען זען, ער האָט געהאַט אַ טויט ווי אַלע יידן.

די לוויה ציט פֿאַרויס. געשפּאַנטע פֿערד מיט פֿאַדערשטע אויפֿגעהויבענע פֿיס, האָבן זיך געררוקט אויף צוריק. זייערע גרויסע ווייסל־אויגן און די לאַנגע פּנימער דרייען זיך זייטיק — אויסגעלאָשן־אויפֿגעריסן.

די מלווים האָבן זיך געחידושט, וואָס אויף די גאַסן לענט מען נישט צו די טירן פֿון די געשעפֿטן, ווי ס'איז דער מינהג בעת אַ לוויה. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט. זיי דערקענען דאָ קיינעם נישט.

אין געדראַנג, וואָס האָט זיך צוזאַמענגערוקט, האָט מען זיך ווייך געטראָטן איינער דעם אַנדערן אויף די פֿיס. דער באַגלייטער האָט מורא געהאַט, ער זאָל זיי נישט אָנטרעטן מיט די שיך. ער האָט זיך צוגערוקט צום רב. דעם רבס פּנים איז געווען געל־דין. דער באַגלייטער האָט געוווּסט, זיין גוף האָט איין מאָל פֿאַרזוכט דעם טויט, און איז געבליבן פֿאַרסמט.

אויף דער גאַס האָבן פֿאַרבייגייענדיקע מענטשן כסדר זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער לוויה. איינער האָט זיך פֿאָטאָגראַפֿירט; פֿון הינטער אַ שווערער קורטינע אַרויס, געקוקט פֿון פֿענצטער. דער באַגלייטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ש. האָט נישט געלאָזט נאָך זיך קיין בילד.

ער האָט פּלוצעם רחמנות געהאַט אויף זיי אַלע וואָס גייען דאָ אויף די גאַסן. זיי טראָגן מיט זיך, ווי ער, בלינד זייער גורל.

אַ שרעקלעכער געדאַנק האָט אים דורכגעבליצט. ער האָט אים געוואָלט אַרויס־שניידן פֿון דער מחשבה: ווי אַנדערש וואָלט ער אַליין איצט געווען אָן דעם אומקום. ער איז איינגעוואַקסן אין אים, שוין נישט אָפּצוטיילן. ער האָט אַ ציטער געטאָן ביי דער מעגלעכקייט, אַז דאָס אַלץ וואָלט נישט געווען.

ס'האָט אים אָפּגעשווינדערט. ער האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך.

פּלוצעם האָט ער דערזען, טיף־באַהאַלטן צווישן זיינע גייענדיקע חברים — אַ באַענטן סילועט. ס'איז אים באַפֿאַלן אָן אומהיימלעכקייט. דאָס גייט דאָרט צווישן זיי, ער אַליין, זיין מאַמעס זון. ער איז אַ מאָל צוזאַמען מיט יענע פֿאַרשוווּנדן. ער דאָ איז אָן אַנדערער, אַ פֿרעמדער. ער האָט זיך געשראָקן צו קוקן אַהין, זיך צו טרעפֿן אויג אויף אויג.

ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, און מיט אַ מאָל באַנומען, אַז דער חילוק צווישן זיי דאָרט, און אים דאָ — איז בלויז אין דעם איבערגאַנג. דעם גאַנצן

געלויף דעמאָלט, האָבן זיי און ער, ביז דער לעצטער רגע, דורכגעמאַכט צוזאַמען. זיי זענען אָבער אויך אַריבער דעם שמאָלן דורכגאַנג, ווען אַלע גרוילן הערן אויף, און ער טראָגט אין זיך אַרום יענעם לעצטן אַקאָרד.

זיי זענען געגאַנגען לענג־אויס אַ הויכן שטיינערנעם פּלויט, וואָס האָט זיי געגרייכט איבער די קעפּ.

דער זיידע האָט דערזען דעם רב און זיך געוווּנדערט, וואָס ער באַגלייט אַ מאבד עצמו לדעת. קברים האָבן זיי געריסן, אַז זייערס אַ המשך זאָל זיך ראַטעווען, און איצט האָט ער זיי פֿאַרשניטן די יאָרן. אַזאַ רוצח! ער האָט אויף ס'ניי זיך געוואָלט וואַרפֿן אויף אים.

די מאַמע האָט זיך אַלץ געוויגט, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים — אין די אָרעמס פֿון פֿאָטער און שוועסטערל. זי האָט פֿאַרבראָכן די הענט. איר לעצט שטיקל קינד! זי האָט מיט זיך פֿאַרשטעלט די מיטה, זי צו שיצן פֿאַרן זיידנס צאָרן.

אַ רגע האָט דער באַגלייטער געקוקט אויפֿן לאַנגן שוואַרצן טוך, וואָס האָט זיך נישט גערירט. ער האָט געמיינט, אַז ש. וועט פּלוצעם זיך אויפֿזעצן אויף דער מיטה.

די לאַנגע שאַסייען פֿון שטאָט זענען געבליבן הינטער זיי.

די לוויה איז אַרויס אויף אַן אָפֿן פֿעלד. זי איז געבליבן אָפּגעדעקט. זי האָט אין דער פֿייכטער ערד געלאָזט הינטער זיך שפּורן פֿון גרויסע שיך, און פֿון שורות נאָך שורות טריט אַן פּיס.

אַ פֿייגעלע מיט אַן איי אין בייכל האָט דורכגעפֿלאַטערט די מיטה, געזוכט אַן אָרט ווו צו לייגן. אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער הונט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק האָט אויפֿן פֿעלד נאָכגעבילט אין חלל אַריין. קיינער האָט אים נישט אָפּגעטריבן.

פֿון דער ווייטנס, ווו דער וועג האָט זיך געהויבן העכער אַרויף, האָט זיך אין האָריזאָנט געזען דער בית־עלמין. דאָס פֿייגעלע איז אַהין געפֿלויגן.

דער הונט האָט מער נישט געבילט. בלויז אַן עכאָ האָט זיך געהערט. דער באַגלייטער האָט געוווּסט, אַז אויך דעם לעצטן ביל, קאָן מען נישט צוריקכאַפּן. ער איז אין דער סעקונדע שוין ווייט פֿאַרגאַנגען. אויך דער עכאָ. ער האָט פּלוצעם דערפֿילט אַ זעטיקייט פֿון יאָרן הינטער זיך.

די לוויה איז שטיין געבליבן. די פֿיר חברה קדישא־לייט האָבן געטוישט די הענט.

דעם בית־עלמין האָט מען שוין בולט געזען. אין ירושלים זענען ס'רוב מצבות ליגנדיקע. זיי פֿאַרדעקן שווער, לענגלעך־פּירקאַנטיק, די קברים.

דאָס טויער איז שוין געווען צעעפנט. דער באַגלייטער האָט געקוקט צום שומר, וואָס וואַרט אויף זיי.

פּלוצעם האָבן די מלווים דערפילט, אַז מען פירט זיי אַלע צום בית־עלמין — אַלע אַן קייטעלעך אויף די הענט. עמעצער האָט געגעבן אַ קוויטש. עס איז געוואָרן שטיל. און מיט אַ מאָל האָט זיך דורכגעטראָגן אַ געברום. די מיידלעך האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. די פיר חברה קדישא־לייט האָבן געטאַפּטשעט מיט דער מיטה פאַרויס, ווי לוויה־פערד מיט שוואַרץ־פאַרהאַנגענע אויגן. די עדה האָט זיך גערוקט מיט די טריט אַן פיס. די לופט איז געווען פאַר־סמאַליעט, ווי פון צוגעברענטע ביינער. דער צוואַנציק־יעריקער מלכהלע האָט אָנגעהויבן צו דרייען אין די צעשניטענע געדערעם. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון איר אייגענעם גוף אַרויס, נאָר זי האָט נישט געהאַט קיין גוף. גאָלדע האָט זיך צוגערוקט נענטער צו ש.ינס מיטה, לעבן דער מוטער. די מאַמע האָט אָפּגעהאַקט דאָס געוויין. זי האָט געוואָלט ראַטעווען איר טעכטערל ביי דער זייט. דער זיידע האָט געפילט, ס׳איז דער סוף! ער האָט געוואָלט בעטן מחילה ביי ש. איינער פון די פעטערס האָט געשריגן: ״יידן, מען האָט אונדז שוין איין מאָל אויסגעשאָסן אויף בית־עלמינס. איצט איז אָבער אומקום! יידן, אַנטלויפט!״

אַלע האָבן געשפּאַנט, ווי צו אַ שעכטהויז, געשלעפּט זיך נאָכן זעלבסטמער־דער.

דער באַגלייטער און דער רב זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה און געזאָגט צידוק־הדין.

ווען זיי זענען אַריבער די טויערן פון בית־עלמין — איז שוין געווען צו שפּעט. אַלע זענען געווען אינעווייניק. די טויערן — פאַרהאַקט הינטער זיי. די איברים זענען ביי זיי געווען אָפּגעשטאַרבן. ס׳איז געווען פאַרנאַכט. זיי האָבן דערזען גאָטס פּנים. מען האָט זיי געפירט צו אַ קליינעם גרובביים פּלויט — אַ שמאָלן און לענגלעכן. עס איז געווען טויט־שטיל. ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם דאַרן גוף פון ש. טיף אין קבר, און מען האָט אים גענומען פאַרשיטן, האָט דער באַגלייטער געוווסט, אַז אַלע זענען מער נישטאָ. ער בלייבט איצט איינער אַליין.

# מיר גייען צום כותל מערבי

איך וועל מסתמא קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן דאָס בילד פֿון שבֿועות פֿאַר טאָג, ווען מיר זענען צום ערשטן מאָל געגאַנגען צום כותל. בלי־ספק איז דאָס געווען די גרעסטע איבערלעבונג מיינע; דאָס אָנרירן, ממש מיטן גוף, מיין שייכות. אויב עס זענען פֿאַראַן אין לעבן פֿון יעדן מענטש מינוטן, ווען ער באַהעפֿט זיך מיט די דורות פֿאַר אים — איז דאָס ביי מיר געווען אָט די גרויסע מינוט. עס וועט אפֿשר נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז איך האָב דעמאָלט געטראָגן אין מיר די נשמות פֿון מיינע זיידעס און אורזיידעס אין אַלע דורות; איך האָב אין דעם גאַנג זיי צוריקגעפֿירט צו דעם פּונקט פֿון זייער אָפּשטאַם. דער קרייז איז דורך מיר, זייער אייניקל, פֿאַרענדיקט געוואָרן אין זיין רונדיקייט. ער האָט זיך געשלאָסן.

שוין עטלעכע טעג, ווי די אַלטשטאָט פֿון ירושלים איז גענומען געוואָרן; זי איז אין אונדזערע הענט. זי איז אינעווייניק, צווישן די מויערן. מיר זענען אַרום און אַרום. מיר פֿילן פֿון אינעווייניק אַרויס איר אָטעם. מיר הויערן אין אונדזערע דירות און הייזער אין דער ניישטאָט, און אין די נעכט טראָגט עס אונדז פֿון אונדזערע געלעגערס. אפֿשר איז גוט, וואָס מען טאָר נאָך דערווייל נישט צוקומען אַהין — אַזוי פֿלוצעם. גוט וואָס אַלץ איז גרייט פֿאַר דיר און דו בלייבסט נאָך דערווייטערט.

מיר קאָנען נישט איינרוען פֿון דער איצט אומגעזעענער מחיצה צווישן אונדז און דעם כותל. מיר קוקן אין די טעג אַרויס פֿון אונדזערע פֿענצטער און איבערן האָריזאָנט; מיר גייען איבער די פֿלאַכע דעכער פֿון אונדזערע הויך־שטאָקיקע הייזער. אַלע דעכער אַרום זענען פֿול מיט מענטשן. מיר קוקן שווייגנדיקע אין טאָל אַריין, און העכער אַרויף. מיר שטויבען. ער איז, דער כותל, אין אונדזערע הענט; ער איז איצט שוין אין אונדז. מיר אָטעמען מיט אים. מיר האָבן קיין מאָל פֿריער נישט געוווּסט, אַז אונדזערע נשמות זענען פֿון שטיין, און פֿון אַזאַ ווייכן דורכגע־זאַפּטן שטיין. דאָרט, אין דער איינגעזאַפּטקייט, ליגן אונדזערע טרערן. דער כותל איז אין אונדז, און — מיר שפּירן אים דאָרט, אַנטקעגן, אַזוי נאָענט, איבער דעם

האָריזאָנט. זעט אויס, אַז דורך אַלע דורות זענען אונדזערע נשמות געווען צוגעצויגן מאַגנעטיש, פון ווי ווייט אַרום, צו אָט דעם אָרט, וואָס איז איצט אָפן פאַר אונדזערע אויגן. דער שטיין ציט צו אונדזערע גופים.

וואָס האַלט אונדז אָפּ פון לאָזן זיך שוין אַהין?

מיר וואַרטן געדולדיק. דאָס איז אַ זיס־שווידערנדיק וואַרטן. לאָמיר נישט כאַפּן. לאָמיר זיך צוגרייטן. איצט וואַרטן מיר פון אונדזער אייגענעם ווילן. איך דערמאָן זיך, אַז די אַלע יאָרן מיינע אין ירושלים, ווען איך פלעג, פון אונדזער זייט, זיך דרייען אַרום דער מויער — איבער די בערגלעך, איבער די טורעמס פון די הייזער, און אַריבערקוקן איבער יענער זייט, וואָס איז אַזוי נאָענט, און מיר קאָנען נישט צוקומען — האָב איך געפילט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין; עס איז גוט, וואָס עס איז אַזוי. מיר מוזן בלייבן אַזוי נאָענט און — אַזוי ווייט. אפשר — אייביק אַזוי. די בענקשאַפט טאָר קיין מאָל נישט אָפּגעטאָן ווערן פון אונדז. אין יעדן ייד איז דאָ עפּעס בבחינת משה רבנו: ״כי מנגד תראה את הארץ״ — וועסט שטיין, אַריבער־קוקן, און פון דער ווייטנס זען דאָס לאַנד; דאָרט וועסטו נישט אַריינקומען. מיר האָבן די אייביקע בענקשאַפט און דעם גזר מקבל־באהבה געווען. מיר האָבן דאָס צוקומען אַהין איבערגעלאָזט פאַר אונדזערע ווייטערדיקע דורות, אָדער פאַר די ימות המשיח, ווען אויסגעטאָן מיר וועלן זיין פון יעדן חומר.

עס איז גוט, וואָס עס בלייבט תמיד אַ ״פון יענער זייט״, ווו מען קאָן נישט גרייכן.

און אָט איצט איז אַלץ אָפן. איבער די מויערן פון דער שטאָט דאָרט דרייען זיך דיינע שומרים; הפקדת שומרים — דו האָסט זיי אָוועקגעשטעלט. זיי שטייען אויבן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. דו פילסט, דער חלום איז ביי דיר אין רשות. ווילסטו — מאַכסטו אויף די אויגן, און אַלץ איז וואָר. שליסט זיי אָבער שטאַרקער: ווילסט, ער זאָל דויערן אין דיר, דעם חלום פון אַלע דורות.

מיר דרייען זיך אין די טעג, וואָס טיילן אונדז נאָך אָפּ פון דעם נאָענטן אָרט — ווי באַזעסענע אין זיך. ביסט געבונדן אין דיין אייגענעם גוף, קאָנסט נישט אַרויס. און ניט דו אַליין — די שטאָט איז באַנומען. זי איז איינגעהאַלטן מיט אירע לעצטע כוחות. פילסט, יידן רייסן זיך פון אַלע זייטן אַרום, צום הר־הבית, און קאָנען נאָך נישט צוקומען.

ס׳איז די וואָך פון שבועות, דעם יום־טוב פון קבלת התורה, און נישט אַנדערש, נאָר ביסט אין יענער אורעפּאָכע. אויך דעמאָלט האָבן יידן געוואַרט דריי טעג;

זיי האָבן זיך גערייניקט. דו דערפילסט באַשיימפּערלעך, אַז אונדזערע אַלע נשמות זענען טאַקע דעמאָלט געווען דאָרט, צופּוסנס פונעם באַרג. די צייטן דאַרפן איצט זיך צוזאַמענשליסן אַרום דיר ; דו ביסט אין דער מיט.

אין דער דאָזיקער וואָך פון וואַרטן האָבן מיר אַרומגעקרייזט און אַרומגערינגלט די אַלטשטאָט. מיר האָבן זי אַרומגענומען. איך בין געווען צווישן די יחידים, וואָס האָבן דערצו זוכה געווען. מיינע פיס היפּערן איבער די טאָלעכלעך, קלעטערן איבער די בערג, איך שטייג אַרויף, און לאָז זיך אַראָפּ. אָן אויסטערלישע זאַך איז מיט אונדז געשען : צוזאַמען מיט די ווונדער, האָט אונדזער תנך־לשון זיך אומגעקערט צו זיין ערשטער פרישקייט. אַלע אַנדערע ווערטער אונדזערע ; אונדזער טעגלעכע שפּראַך פון אַ גאַנץ יאָר, האָט פאַרלוירן איר באַדייט. זי איז מליצה. קאָנסט פּלוצעם מיט איר מער זיך נישט באַנוצן. ביסט געוואָרן שטום. אַ נס, וואָס עס איז דאָ דער תנך. ער איז געוואָרן יונג. ער העלפט אונדז רעדן. אָן אים זענען מיר שטאַמלער. זיין פרישקייט, ווייסן מיר, איז פון תמיד פאַר אונדז געווען אָפּגעהיטן פאַר די איצטיקע טעג.

מיר רינגלען אַרום די ירושלימער בערג, און אין אונדז רוישט דער פּסוק „סובבו ציון והקיפוה". מיר שפּרינגען איבער די טאָלן, און הערן אין זיך דאָס „קול דודי הנה זה בא, מדלג על ההרים, מקפץ על הגבעות". אַפילו היינט אין דער פרי, ביים אויפכאַפּן זיך אין בעט פון שלאָף, איז אונדז פּלוצעם שטיין געבליבן פאַר די אויגן דער פּסוק : „ויושע ה׳ ביום ההוא את ישראל מיד מצרים, וירא ישראל את מצרים מת על שפת" — — מיר האָבן פּלוצעם אַנטדעקט דעם זינען פון דעם פּסוק. איצט ריזלען זיי שוין אין אונדז, די פּסוקים, ביי יעדן טריט. זיי העלפן אונדז, נישט בלויז זיך אויסדריקן, נאָר אויך אַליין פאַרשטיין, באַנעמען דאָס, וואָס געשעט — מיט אונדז און אַרום אונדז. אָן די פּסוקים וואָלטן מיר זיכער קיין איין טראָט נישט געקאָנט שטעלן. מיר וואָלטן געווען פאַרבלענדט פון דעם אורליכט אַרום. זיי, די פּסוקים, האַלטן אונדז. זיי נעמען אונדז אָן פאַר דער האַנט, און פירן אונדז. ביי יעדן קער און ווענד — איז דאָ אַ פּסוק ביי דיין האַנט. ער העלפט דיך שטייגן.

און אָט אַזוי שטייג איך אויף די אַרומיקע בערג : איך נידער פון זיי אַראָפּ צום נחל קדרון, אין עמק יהושפט. איך שטיי ביים ערשטן יידישן מאָנומענט דאָ, ביים „יד אבשלום" מיט זיינע ווערלבונגען ; איך בין ביים קבר פון נביא זכריה, ביים קברים־בנין פון דער כהנים־דינאַסטיע בני חזיר ; און פּלוצעם שטייג איך העכער און העכער, און איך בין איבערן הר הזיתים. מיין פּנים איז אויסגעדרייט צו ירושלים. דאָס מאָל קוק איך אַריבער פון מיזרח צו מערב, צו דער שטאָט מיט אירע זילבער־

און גאָלד־קופּאָלן, צו די פּרעמדע פּראַכטדענקמעלער איבערן הר הבית. צווישן דעם הויכן אָרט, וווּ איך שטיי, און דעם הר הבית — אַנטקעגן — ליגט דער טאָל. איך קוק אַריבער צום מקום המקדש, און — די פיס ברעכן זיך מיר. עס גלוסט זיך קניען, פאַלן און זיך בוקן צום הר אלוהינו, צו דער גרויסער געשיכטע אונדזערער פון טויזנטער יאָרן, איבער וועלכער איך האָב פּלוצעם אַריבערגעקלעטערט; איך בין איבער איר דאָ אַרויסגעהויבן געוואָרן. צווישן די בערג און טאָלן פון אַרום און אַרום זע איך, אַנטקעגן מיר, ווי אויף דער האַנט — דאָס אַלטע און נייע ירושלים "כעיר שחוברה לה יחדיו". פון דאַנען אַרויס האָבן אונדזערע עלטערן געזען דאָס בית־המקדש, ווען זיי האָבן עולה רגל געווען. נאָר פון דאַנען קאָן מען דערשפּירן די אייביקייט פון דעם אָרט. איך באַנעם פּלוצעם, מיט אַלע מיינע רמ"ח איברים און שס"ה גידים, פאַר וואָס דאָס אָרט איז אויסדערוויילט געוואָרן. אויך נאָכן חורבן זענען יידן געקומען אויפן הר־הזיתים, דורך דורות, פון דאַנען צו קוקן אַריבער, צום באַרג פון בית־המקדש.

אַרום און אַרום — די אורשטילקייט פון די יהודה־בערג, מיט די ברוינע שיפּועים אויף די שפּיצן — זון־צעשטראַלונגען, ווי יום־טובדיקע, ווייס, העל־צעשפּריצטע, ליכט, וואָס גרייכן ביז אויבן; קאָנסט נישט קוקן אין זייער שיין. אין די נידערנדיקע זאַמדן און פעלדזן זענען נאָך געבליבן שטעקן די באָרוועסע טריט פון די נביאים. אין זייער צאָרן זענען זיי געוואָרן איינס מיט די רויע, אייביקע, בערג. שוין דעמאָלט האָבן זיי אויסגעוויייטיקט דעם חורבן, וואָס דאַרף קומען. דער צער האָט געברענט אין זייערע אָדערן און ביינער. די פייערדיקע שפּורן פון זייערע טריט האָבן זיי דאָ געלאָזט פאַר אונדז. מיר טראָגן זיי אין זיך ביז היינט. די גאַנצע צייט האָבן מיר זיי איינגעהאַלטן אין אונדז.

איך ווייס, מיר האָבן זייערע באָרוועסע פיס געשפּירט אין זיך, ווען מיר האָבן די לאַנדשאַפט פון דאָ אַרום מער נישט געזען פאַר אונדזערע אויגן. זייערע פיס האָבן געטראָטן אין אונדז, איבער אונדזערע הערצער.

איצט, ווייסן מיר, ווערן מקויים פאַר אונדזערע אויגן אויך זייערע פאַרויסזאָגונ־גען וועגן אונדזער אויסלייזונג אין ווייטן אַמאָל, וואָס וועט קומען. מיר לעבן אין אָט דעם ווייטן "והיה ביום ההוא" — און עס וועט זיין אין דעם דאָזיקן טאָג — אין דעם טאָג, וואָס איז — נישט טאָג און נישט נאַכט.

איך שטיי אויפן הר הזיתים, קוק אַראָפּ אין דעם באַרג־שיפּוע פאַר מיר, און איך ווייס, אַז אַלע דורות זענען יידן פון אומעטום געקומען אַהער, קיין ירושלים, כדי דאָ צו ווערן אומשטערבלעך; כדי זייערע ביינער זאָלן געבראַכט ווערן צו קבורה אין דער דאָזיקער ערד; זיי זאָלן נישט דאַרפן דורכמאַכן גילגול־מחילות.

דאָ, אויפֿן הר הזיתים, וועט דאָס ערשטע, קומען דער מבשר; דאָ וועלן דאָס ערשטע מאָל זיך הערן זיינע טריט.

איך קוק אַראָפּ איבערן גאַנצן שיפּוע, און זע דעם חורבן פֿאַר מיר: כמעט אַלע זייערע קברים זענען אָפּגעווישט; זייערע מצבות זענען צעשטויסן, געבראָכן אין שטיקער. אפשר רוען דאָ אויך די ביינער פֿון מיינעם אַ זיידן, אַן אורזיידן. עס גלוסט זיך פֿאַלן איבער די קברים; רייסן קריעה און אַריינוויינען אין זיי דאָס דורותדיקע געוויין, וואָס איז אָנגעזאַמלט אין מיר. איך ווייס, מיינע פֿיס שטייען איצט איבערן הר הזיתים, און פּלוצעם גיט אַ גיי אויף אין מיר דער פּסוק: "ועמדו רגליו ביום ההוא על הר הזיתים אשר על פּני ירושלים מקדם" — די פֿיס פֿון דעם אויסלייזער וועלן אין דעם טאָג שטיין איבער דעם הר הזיתים, וואָס צו מיזרח פֿון ירושלים. דאָ אַהער וועלן זיי קומען, די פֿעלקער, צו זייער מישפּט אין עמק יהושפט.

און ווידער רינגלען מיר אַרום די שטאָט. מיר היפּערן איבער די בערג און טאָלן. מיר זענען צו צפֿון פֿון הר הזיתים — איבערן הר הצופֿים, מיט די מאָדערנע שוין בנינים פֿון הדסה־שפּיטאָל און העברעישן אוניווערסיטעט. מיר נידערן אַראָפּ צו דער הייל פֿון שמעון הצדיק, צו די קברים־נישעס פֿון די סנהדרין. מיר דערנענטערן זיך צו דער מויער, וואָס נעמט אַרום פֿון צפֿון די אַלטשטאָט. מיר רינגלען זי אַרום. "עומדות היו רגלינו בשעריך ירושלים" — מיר שטייען פֿאַר די טויערן פֿון דער מוי־ער. אַכט אָפֿענע טויערן זענען דאָ אין איר. מיר קומען צו צום שענסטן פֿון די טויערן. אין צפֿון — דער שער שכם, מיט זיינע אַרכיטעקטאָנישע באַלקאָנדלעך און טורעמ־לעך; מיר גייען צום שער הפּרחים, וואָס הייסט אויך שער הורדוס, און פֿון דאָרט צו מיזרח — צום שער האריות, מיט די לייבן־רעליעפֿן, וואָס האָט אַ מאָל געהייסן שער יהושפט. די אַראַבער האָבן אים גערופֿן דאָס טויער פֿון די שבטים, ווייל די שבטים פֿון ישראל, די שבטי יה, זענען דורך אים געקומען, פֿון מיזרח, בעת זייער עלייה לרגל קיין ירושלים, צום בית־המקדש. דאָס טויער פֿירט אויך קיין יריחו. איך אייל ווייטער, צום שער הרחמים — דעם טויער פֿון רחמים, וואָס איז פֿאַרמאַכט, פֿאַרמויערט מיט שווערע שטיינער. אויך דאָס טויער גייט אַרויס אויף מיזרח. לויט אַן אגדה, האָבן גויים אַ מאָל געוואָלט עפֿענען דאָס טויער, אָוועקנעמען די שטיינער פֿון דער פֿאַרשטאָפּונג — האָבן גענומען ציטערן די ערדזיילן פֿון גאַנצן לאַנד; עס איז געוואָרן אַ שטורעם. די מסורה זאָגט, אַז דורך דעם טויער, דעם שער הרחמים, האָט די שכינה זיך פֿאַרטריבן אין גלות אַריין, און דורך דאַנען דאַרף זי לעתיד לבוא זיך אומקערן. דאָס טויער ווערט אויך גערופֿן שער הזהב, שער הנצח און

שער המשיח. די צוויי טויער־פליגל האָט מען געראָפן: שער התשובה און שער הרחמים.

די מסורה זאָגט אויך, אַז די גאולה וועט זיין דורך דעם טויער. אליהו הנביא וועט אַהער קומען פון עמק יהושפט; ער וועט בלאָזן מיט אַ שופר, און די שטיינער וועלן אַליין זיך צעפאַלן; דאָס טויער וועט זיך עפענען, און משיח וועט דורך אים קומען. דורך לאַנגע דורות פלעגן יידן ביי דעם טויער מתפלל־זיין, ווי ביי דעם כותל המערבי. זיי האָבן געוויינט איבער חורבן און געבעטן אויף דער גאולה. ביז איצט איז דאָס טויער פאַר אונדז געבליבן געשלאָסן. מיינע פינגער רירן איצט כסדר די מויער; מיין האַנט ווישט איבער די אַלטע שטיינער. איך לייג צו מיין פנים צום שער הרחמים.

איך בין ווידער ביים שער האריות. דורך דעם טויער האָבן אונדזערע צנחנים, מיט עטלעכע טעג צוריק, זיך אַריינגעבראָכן אין דער אַלטשטאָט. איך שטיי. איך ווייס, דורך דאָנען טאָר איך נישט אַריין אינעווייניק צום כותל. זיי האָבן געמעגט, זיי יאָ. איך נישט. אפשר פאַלט מיר איין, צוליב זיי, די יונגע לייבן אונדזערע, הייסט עס, דאָס טויער שער האריות.

דאָ אינעווייניק הייבט מען זיך גלייך איבערן הר הבית. דאָס איז דער מקום המקדש. דאָרט אין דער אבן השתיה, וואָס פון אים האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט; דער קודש הקדשים — דאָס אָרט איבער דער ערד, וואָס עפנט זיך צו די הייכן. דורות יידן האָבן נישט באַטראָטן דאָס אָרט; די פיס קאָנען נאָך אַרויפשטעלן זיך איבער דער דאָזיקער הייליקער ערד. איך צי זיך צוריק. איך בין ווידער אויף אַ בערגל, אַנטקעגן. איך זע, די באַגילדטע און באַזילבערטע קופּאָלן פון אָמאַר־מעטשעט און פון אַל אַקצאַ, וואָס הייבן זיך איבערן הר הבית, אויפן אָרט פון בית־המקדש, און ס׳דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז די סיבה, וואָס מיר טאָרן נישט אַרויף. אונדזערע פיס טאָרן נישט באַטרעטן דעם באַרג אין זיין פאַרשוועכונג.

און מיט אַ מאָל דערמאָן איך זיך, אַז דער הר הבית איז דאָך אויך דער הר המוריה, ווו אַברהם האָט געבראַכט יצחקן צו דער עקידה. דאָ איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון אונדזער געשיכטע אין באַגין פון אונדזער ווערן צו אַ פאָלק.

איצט זענען אונדזערע קינדער אַליין אַהער געקומען, צו זייער עקידה, כדי מיר זאָלן פון דאָס ניי ווערן דאָ צו אַ פאָלק. איך ווייס, אין זייער זכות שטייען מיר דאָ איצט ווידער.

איך האָב באַשלאָסן, נישט אויסצונוצן מיינע רעכט; נישט אַריינצוגיין אין דער אַלטשטאָט, נאָר וואַרטן, גרייטן זיך, רייניקן זיך נאָר דריי טעג, און אַריינגיין אין

אירע טויערן צוזאַמען מיט אַלע, מיטן גאַנצן פאָלק, ווען מען וועט קאָנען; ווען זיי אַלע וועלן מעגן. ס'קומט דער יום־טוב שבועות. מיר וועלן עולה רגל זיין.

די גאַנצע נאַכט פון שבועות איז ירושלים געווען געשפּאַנט. מיר האָבן געשפּירט, אַז דער יום־טוב פון פרילינג, פון גרינס, איז פאַרבונדן מיט די אייגענע תנך־פעלדער; ס'איז דער יום־טוב פון ביכורים; פון "קומו נעלה אל הר אלוהינו" — קומט און מיר וועלן אויפגיין אויפן באַרג פון אונדזער גאָט. אין שבועות זענען מיר געוואָרן צו אַ פאָלק; מען האָט אין סיני אונדז געגעבן די תורה. מיט איר וועלן מיר אייביק גיין צווישן די פעלקער. ס'איז געווען שווער צו שלאָפן. אין אַלע הייזער האָבן אַ גאַנצע נאַכט געברענט ליכט. ס'איז אין ערגעץ נישט פינצטער געווען. אויך קינדער אין די וויגן; און אין די בעטן, די זקנים — האָבן נישט געקאָנט איינשלאָפן. מוטערס האָבן זיך צוגעשפּאַרט אין די קליידער און שטעקשיך; מיידלעך האָבן נישט צעלאָזט זייערע האָר. די אַנטדרימלטע קינדער האָבן געחלומט, אַז ס'איז די סדר־נאַכט; אַז פון אַלע ימים־טובים איז געוואָרן איין יום־טוב. מיר האָבן דאָס מאָל פאַרגעסן, אַז שבועות ביי נאַכט שפּאַלט זיך דער הימל. די בתי־כנסת און שולן זענען געווען איבערפולט. מען האָט אין זיי שטאַרקער געזאָגט דעם תיקון ליל שבועות; האַסטיקער געלערנט גמרא און רמב"ם. מען האָט געפילט, אַז דאָס איז אַ ליל שימורים, אַ נאַכט פון איבערוואַכן און איבערוואַרטן. היינטיקע נאַכט וועט גיכער אויפטאָגן. פאַר די טירן פון די בתי־כנסת זענען כסדר אַרויסגעלאָפן, קוקן, יונגעלייט און יינגלעך.

אויך ביי מיר אין שטוב האָט מען נישט גערוט. נאָך פאַר נאַכט האָט מען געהאַט אָנגעשטעלט דעם וועקזייגער אויף פיר פאַר טאָג, זיך אַרויסצולאָזן פון די ערשטע אויפן וועג צום כותל המערבי. די קינדער האָבן אָבער כסדר זיך איבערגע־וועקט און אין שיין פון ליכט געקוקט אויפן ציפערבלאַט פון, הענגענדיקן אויף דער וואַנט, זייגער. מיר האָבן געהערט, ווי איבער דער וואַנט, ביי די שכנים, און אויבן, איבערן סופיט, דרייען זיך מענטשן אומרויק; כסדר עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך פענצטער; עס סקריפּען טירן. איבער דער גאַס דרייען זיך אַרום עלטערע יידן מיט זייערע אייניקלעך און מורמלען תפילות — פסוקים פון תהלים, וואָס האָבן געקלונ־גען ווי ערשט היינט אָוונט האָט זיי פאַרפאַסט אַ דיכטער, לכבוד דער איצטיקער שעה.

האַלב פיר האָבן מיר מער שוין נישט געקאָנט בלייבן אין הויז. אין דרויסן האָט געבלויט. מיר האָבן אונדזערע פּנימער און אויגן אַרומגעוואַשן מיט פריש וואַסער, און אַלע זיך אַרויסגעלאָזט. מיר האָבן אָנגעהויבן גייען. מיר האָבן געוווּסט, אַז די תנך־יידן זענען כסדר געווען באַהאַלטן אין אונדז; זיי האָבן זיך נישט געוויזן;

מיר האָבן געמיינט, אַז מיר זענען — מיר אַליין. איצט האָבן זיי אויפגעטויכט. זיי האָבן פון אונדז זיך אַרויסגעשטעקט. מיר זענען זייערע קעפּ, זייערע גופים. מיר זענען זיי אַליין.

אין דרויסן איז פּלוצעם געוואָרן ליכטיק. אַ פריש ליכט האָט הויך און ברייט אַרומגענומען די שטאָט; זי לויטער געהילט. אַלץ איז קלאָר און דורכזיכטיק. ס'האָט אויסגעזען, דער הימל לאָזט היינט זיך נישט אַראָפּ, דאָרט איבערן האָריזאָנט. מיר וועלן אַרויפוואַקסן. באַלד וועט מען קאָנען זען ביז אַלע סופן. מיר וועלן זיין די נפילים, וואָס שטייגן צוריק אַרויף. אונדזערע קינדער האָבן געשטעקט זייערע הענט אין אונדזערע דלאָניעס.

אין דעם פאַרטאָגליכט זענען מיר געגאַנגען. פון אַלע הייף און געסלעך האָבן איצט געצויגן מענטשן — גאַנצע משפּחות. ס'האָט געדאַכט, מיר וועלן שטעלן אייליקערע טריט, וועלן מיר זיין פון די ערשטע. אונדזערע קינדער האָבן אונדז געצויגן פאַר די הענט. מיר זענען אַרויס פון דער הויפּטגאַס. ווייט פאַר זיך האָבן מיר געזען גייענדיקע געזעמלעך מענטשן, צעשיט איבער דער גאַנצער לענג. זיי שטראָמען פאַרויס. מיר האָבן געבייגט די קעפּ אַהינטער. אויף ווי־ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, האָבן הינטער אונדז מענטשן געצויגן. עס איז געוואָרן געדיכט און געדיכטער. קיינער האָט שוין נישט געוואָלט דעם אַנדערן איבעריאָגן. אין דער שאַרפער שטילקייט האָבן בלויז אָפּגעהילכט טריט — געזעצטע, געמאָסטענע, מיטן ריטעם פון דורותדיקע מאַרגן־תּפילות.

און מיט אַ מאָל איז דאָס געשען: מיר האָבן זיך געפונען ביים וועג, וואָס פאַרנייגט זיך אויף מיזרח, צום הר ציון. דאָ אַהער האָבן עס פון אַלע זייטן געשטראָמט די המונים יידן. ירושלימער פאָליציי־לייט, וואָס אַ פאָדעם פון חסד האָט יענעם פאַרטאָג פאַרצויגן זייערע פּנימער, האָבן אונדז פאַרהאַלטן ביי אַ פאַרלייגטן טויער. מיר זענען אַלע געשטאַנען, מיט אונדזערע פרויען און קינדער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען פון לאַנג דאָ נישט די ערשטע. גרויסע מאַסן האָבן אונדז שוין אַריבערגעאיילט. מיר האָבן געהאַט נאָך דורכצומאַכן עטלעכע קילאָמעטער ביז דעם כותל. דער וועג האָט געפירט, נישט גלייך אַרויף אויפן באַרג ציון, און פון אים — אין דער אַלטשטאָט, נאָר אַרום און אַרום דעם באַרג. אויף די נייע־געפלאַסטערטע שאָסייען, וואָס גאַרטלען אים אַרום אין דער ברייט. אין די עטלעכע טעג פון אונדזער וואַרטן, האָט די ישראל־אַרמיי פאַרלייגט דעם נייעם וועג. מען לאָזט איצט דורך כסדר גרופּעס פון צו עטלעכע הונדערט מענטשן; איין גרופּע — נאָך דער אַנדערער. באַלד האָט פאַר אונדז זיך געעפנט

דאָס טויער. מיר זענען אַרויף אויפן שאָסיי. מיר האָבן כסדר זיך געפּעדערט — נידעריקער און העכער. אַלע מאָל האָט מען אונדז פאַרהאַלטן ביי אַ פרישן טויער, און נישט געלאָזט ווייטער, ביז די גרופּע, וואָס איז געגאַנגען פאַר אונדז, איז אַריבער אַ פריערדיקן טויער. דעמאָלט האָט מען אויך די גרופּעס נאָך אונדז — דורכגעלאָזט דורך די הינטערשטע טויערן. די שאָסייען האָבן רונדיק זיך געוויקלט — איינער איבערן אַנדערן, ווי ברייטע פּאַסן אויפן באַרג. פאַר אונדז האָט זיך צעעפנט אַ ברייטע פּאַנאָראַמע איבערן גאַנצן האָריזאָנט. ווו דאָס אויג האָט געגרייכט, האָט מען געזען המונים יידן, וואָס שטייגן אויף די שאָסייען — פאַר און הינטער אונדז. זיי פאַרהאַלטן זיך אומעטום צוזאַמען מיט אונדז, און גייען ווייטער, ווען מיר נעמען גיין. קיינער איילט זיך נישט. עס גייען אַלט און יונג, פרויען און מענער, קינדער און זקנים, בחורים און מיידלעך; ישראלדיקע איינוווי־נער און יידן פון חוץ־לארץ. אַ ים מיט פאַרביקע קליידער, וואָס פאַרהאַלט זיך און שטייגט; שטייגט און פאַרהאַלט זיך. אונדזערע הערצער זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ שטאַרקער שימחה. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיט יעדן טריט — דערנעענטערן מיר זיך. פון אַרום און אַרום האָבן זיך געטראָגן געזאַנגען פון די עולי־רגל. עס האָבן געזונגען די בחורים און מיידלעך, די יוגנטלעכע פון אויסלאַנד ״והביאנו לציון עירך ברינה ולירושלים בית מקדשך בשמחת עולם״; פרומע יידן — אין שטריימלעך אויף די קעפּ און מיט טליתים אויף די אַקסלען — האָבן גייענדיק געטאַנצט און געזונגען ״שיבנה בית המקדש, במהרה בימינו״. אויך מיין האַרץ האָט שטיל מיטגעזונגען. מיינע ליפּן האָבן געפּרעפּלט אָפּגעהאַקטע שטיקער תפילות פון מיינע אָבות, תחינות פון מיין מאַמעס קרבן מנחה־סידור אַרויס. אַ זעלנער האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געטאַנצט ״חדש ימינו כקדם״. מיר האָבן געוואָלט, דער וועג זאָל אַזוי זיך ציען און ציען. דער ירושלימער פרימאָרגן האָט אויף אונדז מילד געשיינט פון אַלע בערג אַראָפּ. עס איז געוואָרן ליכטיקער. מיר האָבן געזען אין דעם צעעפנטן ליכט פון מיזרח — די מואב־בערג, וואָס שימערירן אין זייער גרויען זילבער־נעפּל, הינטער די יהודה־בערג. אין טאָל האָט זיך געשפּרייט דער נחל גיחון, דער קדרון. אָט איז אונטער אונדז דער כפר השילוח. פון דאַנען האָט מען געשעפּט וואַסער פאַרן בית־המקדש. קיינער האָט נישט גערעדט. אויך די קינדער האָבן נישט געפרעגט. מען איז געגאַנגען מיט שיכורע פיס און שיכורע גופים — שיכור פון לויטערקייט. מיר האָבן געקוקט אַרויף צו די מויערן פון דער אַלטשטאָט. אונדזערע זעלנער, אין העלמען איבער די קעפּ, זענען דאָרט געשטאַנען, און אין פרימאָרגן־ווינטל האָבן געפלאַטערט די בלוי־ווייסע פענער. טייל זעלנער — מיט טליתים אויף די פּלייצעס, און פון אויבן האָבן זיך אַרויסגעזען איבער זיי —

די ביקסן־לופעס. עס האָט זיך געדאַכט, דאָס זענען מער נישט קיין זעלנער אויף דיינע מויערן, ירושלים, נאָר די לוויים זענען דאָס, וואָס וואַכן; זיי האַלטן ביי זיך די שליסלען און באַלד וועלן זיי אויפזינגען דעם שיר של יום — דאָס געזאַנג פון טאָג — "אל נקמות ה׳, אל נקמות הופיע". מיר אַלע אויף ווי ווייט וועלן מיטזינגען. דער שאָסיי פאַר אונדז האָט זיך פאַרנייגט, און מיר האָבן אַנטקעגן זיך דערזען דעם הר הזיתים און אין זיין צופוסנס — דעם עמק יהושפט, מיט די קברים נאָך פון די טעג פון בית שני, און אפשר נאָך די קברים פון דוד, שלמה, חזקיהו — די מלכי ישראל און יהודה; פון מלך יהושפט און פון מלך עוזיהו — ביים נחל קדרון; פון חולדה הנביאה, און פון די נביאים חגי און מלאכי. מיר האָבן געקוקט, און אויף מער גאָרנישט נישט געשטוינט. מיר וואָלן זיך נישט געוווּנדערט, ווען מיר זעען איצט, מיט די אייגענע אויגן, ווי די מתים שטייען אויף; זיי הייבן זיך, פון די קברים אַרויס; ס׳איז תחיית־המתים; און זיי לאָזן זיך אַלע צום הר־הבית. מיר האָבן געבליקט צו זייער לויטערער דורכזיכטיקייט. אַ כוואַליע פון געזאַנג האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון אונדזערע פיס. מיר האָבן איצט געזען פיל, פיל, אָן אַ צאָל, נייע גרופעס — פאַר אונדז, הינטער אונדז — טויזנטער און טויזנטער. אַלע גייען לויז, נישט געאײלט, יידן פון אַלע ירושלימער בתי־כנסת און שולן טראָגן ספר תורהס אין די הענט. די וועגן זענען אָפן. דער נייער שאָסיי פאַר אונדז פירט צום שער האשפות אויף דרום פון דער אַלטשטאָט; דער שער וואָס ווערט דערמאָנט "מיט זיינע שלעסער און ריגלען" אין נחמיה. פאַר אונדז טאַנצט אַ גרופע ייִנגלעך און מיידלעך פון אַ קיבוץ: "ירושלים הרים סביב לה"; הינטער אונדז הערן מיר, זינגען קינדער: "מי יעלה בהר ה׳ ?". אויך מיינע קינדער, זע איך, לעבן מיר, פּרעפלען תפילות. מיין טעכטערל רוימט מיר איין: אַ רחמנות אויף אונדז אַלע, די נישט־געשטאָרבענע; מיר וועלן נישט קאָנען אויפשטיין תחיית־המתים. זי הערט נישט אויף קוקן צום צעשטערטן הר הזיתים. אפשר האָבן די אַראַבער אַראָפּגעוואָרפן די מצבות, כדי די מתים זאָלן קאָנען אויפשטיין. זייערע גופים וועלן מער נישט זיין, זאָגט זי, פון בשר ודם, נאָר פון ערד; דעריבער וועלן זיי מער נישט דאַרפן בענקען זיך אומצוקערן אין דער ערד, און זיי וועלן מער נישט שטאַרבן; בלויז דער גוף פון לייב, פון בלוט און פלייש, מוז שטאַרבן, ווייל ער איז אונדז פרעמד. מיר זענען גענומען פון דער ערד, פון דער דאָזיקער ערד, און לעתיד לבוא וועלן מיר לעבן מיט ערד־גופים פון אונדזער לאַנד. יידן אומעטום זענען גענומען, זייער לייב איז, פון דער ערד פון ארץ־ישראל; דעריבער בענקען זיי אַזוי דאָס גאַנצע לעבן אַהער, צוריק צו זייער מקור. זי ווייזט מיר, איך זאָל קוקן, ווי יידישע קינדער פון דער גאַנצער וועלט, טאַנצן דאָ און זינגען אַרום

אונדז, און אַן אייביקע שימחה שטראַלט אַרויס פון זייערע אויגן. איך האָב מורא ווייטער צו הערן. אויך בעת יציאת־מצרים האָבן קינדער, זויג־קינדער, נביאות געזאָגט. זיי האָבן געזען גאָט. זיי האָבן אין דער מאַמעס אָרעמס געוויזן מיט די פינגערלעך: "זה אלי ואנוהו". איך פיל אין דער רגע, אַ גרויסע פרייד פון באַלוינונג שפרייט זיך אין מיר: איך, דאָס יידישע קינד פון חורבן, האָב זוכה געווען דאָ צו זיין ביי דעם מעמד. איצט דאַרף איך אפשר שוין מער גאָרנישט אויף דער וועלט. איך וואָלט געוואָלט לויפן אויף די מאַסן־קברים פון מיינע נאָענטע; זיי רייסן און וועקן און אָריינשרייען די בשורה. איך האָב אַליין דאָס אַלץ געזען; איך בין אַן עדות פון דעם. איך וועל געטראָגן צווישן זיי ביידע — דעם יידישן חורבן, און דעם איצטיקן מעמד דאָ. עמעצער זינגט ווידער אַרויס: — אשרינו שזכינו!" — ווייל איז אונדז — צו וואָס מיר האָבן זוכה געווען. איך פיל, איך שליס די אויגן.

אָט אין דער רגע זענען מיר אַדורך דאָס טויער, דעם שער־האשפתות. מיר זענען אין דער אַנדערער זייט פון מויער — אין דער אַלטשטאָט. מיר האָבן אַלע אָנגעהויבן גיין אויף די שפּיצן פינגער. עס האָט געהערשט אַ שטילקייט. די מויערן און די הייזער הייבן זיך הויך איבער אונדז. מיר זענען צווישן זיי נידעריק. נאָענט, איבער די דעכער, הויערן די פרעמדע קופּאָלן. מיר פילן שוין אין זיך דעם אָטעם פון כותל המערבי. דאָס לשון איז אונדז אָפּגענומען. מיר זעען אים נאָך נישט. מיר ווייסן, ער איז דאָ. מיר גייען ווייטער און ווייטער, און — בלייבן שטיין! מיר פרעגן גאָרנישט. מיר ווייסן, ער הייבט זיך הויך, הויך איבער אונדז. מיר זענען פון אונטן, אין זיין שאָטן, — אַ ים מיט קעפּ, מיט אָרויפגעריסענע אויגן. ער איז איבער אונדז. מיר לאָזן אַראָפּ די קעפּ. אונדזערע הענט פאַרלייגן זיך פאַר אונדזערע אויגן. מיר פאַרנעמען אין זיך דעם ברום פון אונדזער אַלעמענס האַרץ, וואָס הייבט זיך, הייבט זיך, און אָט ברעכט עס ערשטמאַליק אַרויס.

# הויך איבערן פעלד

דאָס איז געשען אויף אַ ריזיקן שנייפעלד, נישט ווייט פון שטאָט. ער איז דאָ געלעגן, דער געדיכט־איינגעפּרעסטער שניי, פון זינט אָנהייב ווינטער. שוין לאַנג ווי ער איז האַרט־פאַרגלאַטיקט. קיין מענטשלעכער פוס האָט נישט איינגעשניטן זיך אין זיין ווייסער געשליפנקייט. אַן אייזיקער מאַרמאָר פאַרציט דאָס פעלד, אויף ווי ווייט, ווי אַ לאַנג־אויסגעשפּרייטע מצבה־פּלאַטע. די שפּרונגנדיקע קראָען לאָזן אין איר צעלייגטקייט נישט איבער קיין שפּורן פון זייערע לענגלעכע פיסנעגל.

די צייט גליטשט דאָ זיך פּאַוואָליע, שריט נאָך שריט. אַ שטייגער, זי ליגט אויף פלאַכע, ברייטע שליטנס, נידעריקע, איבערן שניי. עס שלעפּן זיי ווייס־פאַרדרימלטע פערד. זיי ציען אַריין און אַרויס אין וועגן וואָס פירן איינער אין אַנדערן.

קאָן זיין, אַז ס׳איז נאָך פרי, אין אָנהייב פון די טעג; באַלד נאָכן אויספּיקען זיך; די יאָרן הייבן ערשט זיך אָן. דערפון, די גענעצדיקע פוילקייט אין די ביינער פון דרויסן און פון די מענטשן אין אים. נישטאָ וואָס צו טאָן. בלויז שפּילן זיך פויל, אונטער דער קילער זון, מיטן אייגענעם גוף; זיין פאַרטאָן אין אים אַריין.

טייל האָבן געמיינט, די אָנמאַכט אין די איברים איז גאָר פון לאַנג־פאַרגעננלעכער זיקנה. ס׳איז ווייט שוין אין די יאָרן. דאָס וואָס איז געווען — שווערט אַזוי אַראָפּ זייערע פיס, באַוועגט זיי שלאַבעריק. זיי ציען די אָרעמס ווי פון שלאָף, פון פאַרזונקענישן אַרויס.

געווען אַ סברה, דאָס לייגן אַזוי די צייטן זיך שיכט איבער שיכט. איינע ווערט פאַרגראָבן, פאַרדעקט. אַ צווייטע שפּרייט אויבן זיך איבער איר. עס רוט צייט איבער צייט. זיי רירן זיך נישט אָן. דער פאַרשיט איז געשפּרייט צווישן זיי. יענע פריער האָבן געענידערט, זענען געזונקען שטייענדיק. אונדזערע פיס איצט רירן נישט אָן זייערע קעפּ. דיקע שיכטן שיידן פונאַנדער צווישן נידער און נידער. אויך מיר זינקען שטייענדיקע. אונדזערע קעפּ זענען אויבן. מיר קריכן נישט אויף אַלע פיר, מיט די פּנימער אַראָפּ.

אויך די פעלדזן, פאַרשטעקט אין דער ערד דאָ, שפּרייטן זיך — נישט גלאַט־

אויסגעצויגן, ווי רוענדיקע פּלאַטעס, איינע איבער דער אַנדערער; ליגן נישט שיכט איבער שיכט, נאָר זענען אויפגעשטעלט, פעלדז ביי פעלדז; שטייען באַהאַפטן אין דויער, מיט די שפּיצן אַרויף. אַ סימן אפשר, אַ רודער איז אַ מאָל דורך אין זייערע אינגעווייַדן, האָט זיי אויפגעוואָרפן. ווי אין דער איבערקערעניש פון סדום, האָבן דאָ צעברומט זיך די ערדגרונטן, האָבן בריאיק אַרויסגעבראָכן פון זיך דאָס נישט־פאַרדייעטע. אַ רויך האָט געזעצט פון די צעעפנטקייטן.

געווען שמועות וועגן לאַוועס, אַ מאָל. עס רוישט און זידט שטיל אונטער די פונדאַמענטן. עס פּלאַקערט אינעווייניק די ערד. פייערן פּליצן אַרויס. העל־צעגליטע צונגען שטעקן אויבן אַריין זיך אין די פענצטער, און ציען זיך צוריק, רייסן ווידער זיך, פאַראייניקטע, אין אַ ראָד; צינדן אונטער דעם חלל. רויטע וואָלקנס, ריזיקע, וויקלען אַרויף זיך צו די הימלען. אַטעמס פרייכן אין דער אומענדלעך־צעפלאַקער־טער פליסיקייט. עס טראָגן זיך, אין איר העלקייט, רויט־דורכזיכטיקע גופים. די ערדפעלדזן געשטעלט האָבן זיך דיבאָם.

איצט שטייען זיי, די ווידער־איינגעקילטע פעלדזן, און דריקן מיט די פיס אונטער זיך אַראָפּ אַלץ וואָס דאַרף טיף צוגעדעקט ווערן. דער פאַרגליווערטער שנייי הילט איין אויך זיי, מיט די אַרומיקע דערפער; פאַרבעט זיי און קילט זיי נאָך אַלץ אונטער זיך אין די וואָרצלען. ער שפּרייט זיך, דער שווערער, ווייסאייזיקער צודעק, איבער די הייזלעך; פּלאַטשיקט אַראָפּ די דעכער, די פּלויטן. די אַרויסגע־הויבנקייטן ווערן ברייט אַראָפּגעזעצט, ווי אַ האַלב־פאַררונדיקטער טאָל. נישטאָ מער קיין מחיצות. גאַרנישט זעט מען פון די פאַרשנייעטקייטן אַרויס. נאָר ווייסע קוימנס, ווי הענט פון אַ פאַרדעקטן גוף, שטעקן זיך אויבן. עס קרייזלען זיך פון זיי אַרויף, ווי פון סמאַליענדיקע פינגער, זיגזאַגיקע, דורכזיכטיקע, רויכלעך.

און מעגלעך, אַז דאָס געדעכעניש אין דעם אַרום איז ביי אַלע אָפּגעהאַקט, ווייל די איינוווינער טראָגן דאָ זייערע אייגענע שאָטנס, פאַרוואָרפן איבער דער פּלייצע. זיי גייען מיט די פּנימער אויף פאָרויס, און די פאַרוואָרפענע שאָטנס פאַרשטעלן ברייט אַלץ וואָס געבליבן איז הינטער זיי. ער כוואַליעט זיך פון הינטן, דער שאָטן, אין ווינט, ווי יעדנס עמוד ענן. ער שיצט אים פון קוקן אויף צוריק, ווי לוֹטס ווייב.

יעדער פון זיי ווייסט, אַז פריער, איידער געבוירן ער איז, געווען איז אַ פּגם אין די צייטן. ער האָט געפעלט. ערשט מיטן זיין פון אים, הייבט זיך אָן דער לויף פון די טעג. הינטער אים געווען איז בלויז אַן אַרויסקלעטער פון אָנהייב. איצט איז זי, די צייט אַליין. ער איז דאָ אין איר. די לאַוועס האָבן פון לאַנג זיך איינגעשטילט. און ס'קאָן זיין, אַז די פייער־לאַוועס האָבן דאָ קיין מאָל נישט אַרויסגעבראָכן

זיך. געווען ס'איז נאָר אַן אויסדאַכטעניש אין אַ לבנה־נאַכט. אין אַזאַ נאַכט, אַ בלאַסער, ווען דאָס פליסנדיקע ליכט פון אויבן הילט אַרום די פעלדער און די הייזלעך איבער זיי, דערשפּירן די פאַרשלאָפענע אין די בעטן, געטונקען־צעהעלטע געוואַנדן פאַרוואַרפט מען זיי איבער די אויגן. זיי שווימען אַריין, ראַזלעך־פאַר־וועבטע, אין אַן אַראָפּגעלאָזטער נעץ. זיי פאַרנעמען אַ סוד אין די צעגליטע אויערן־לעפּלעך. עס פליסט אין זיי אַריין, וואַרעם, אַ צעלאָזטע לאַווע. זי וויקלט זיך אַרום זיי אויך אין חלל. זיי שווימען אין איר, דורכזיכטיקע. אין גאַרנישט שטויסן זיי זיך אָן. לער איז דאָס צעפלאָסענע ליכט. קיין דאַרנס, מיט דורכגעצונדענע צווייגן, ברענען נישט אין דעם. דאָס ליכט פלייצט פון זייערע פאַרדרימלט־אָפענע מיילער.

די פאַרשלאָפענע אין אַזאַ נאַכט ווילן האַווקען, בילן צו דער לבנה. זיי רייבן מיט די ציין. זיי חלומען, אַז אַלע ציין, אויך די באַק־ציינער, גליטשן זיי זיך לויז פון די צאָן־פונדאַמענטן, ווי קעסטעלעך אויף רעלסן. זיי פאַלן זיי אין מויל. זיי קייען, שלינגען זיי שווער אַראָפּ אין קעל. פון דער לערער מויל־צעעפנטקייט זעצן ביי זיי, ווי פון לעכער, די פלאַמיקע רויכן.

טייל האָבן געגלייבט, אַז ווען די צעהעלטע טיולן ווישן די דרימלענדיקע אין די בעטן פאַר די אויגן, און זיי ווערן פאַרוואַרפן אין תהומען, דעמאָלט בוכעווען די פייערצונגען יאָ אַרויס, און הוליען אַזוי ביז די פאַרטאָגן. נישט קיין אויסדאַכטע־ניש איז זי, די לאַווע. זי ווילדעוועט אַ נאַכט, אַ גאַנצע, בעת אַלע זינקען זיי אין שלאָף. ערשט מיטן בלויען אויפשפּראָץ, ווען די מענטשן וואַכן אויף, טויכן אַרויס פון זייער פאַרוועבונג — פאַרשווינדן זיי, די לאַוועס, ביז איבערן קאָפּ, צוריק אין דער ערד.

זעט אויס, אַז טאַקע אַזאַ זיך אַריינגעגנבעטע לאַווע איז אַרויס; האָט ווי אויף די שפּיצן פינגער, שטיל געבושעוועט דאָ די לעצטע נאַכט. זי האָט אָפּגעטאַנצט צווישן די הייזער, זיך געריסן אַרויף אין חלל, באַשמעקט אַלץ מיט איר אָטעם, און ערשט פאַר טאָג, ווען די ערשטע שוואַלבן וועקן זיך, פּיקען מיט די שנאָבעלעך אין דער לופט — האָט זי צניעותדיק זיך איינגעצויגן אין אַ קעלערדיק נאָפּטלעמפּל אַריין. עס ציטערט דאָרט איצט פרום־קינדיש, איר פּנימל.

עס איז געווען אויף דער וואָר: ווען די איינוווינער זענען מיטן בליציקן טאָג־אויפגרוי אַרויס אין דרויסן, האָבן זיי פּלוצעם געטראָפן צעלאָזט דעם אייזצודעק. ער איז איינגעפאַלן אונטער זיך. די געשליפענע פּראָסטמאַרמאָרן זענען געלעגן געפּלאַצט, ווי דינע שויבן. זייערע גלאַט־שטייפע קאַנטן — אויפגעטייעט, צע־דריוולט אין צויטן. דער שניי — צעטריפט, צעגאַנגען. די ווייסקייט האָט זיך

צוריקגעצויגן. דאָס ריזיקע פעלד איז געלעגן כמעט נאַקעט, אָפּגעדעקט, מיטן פּנים אַראָפּ. אין די זייטן — פּליסט און רינט. די לעצטע פעדעם, ווי ווייסע, צעהאַקטע שלענגעלעך, ציען זיך איין.

טייל האָבן געמיינט, אַז נישט קיין לאַווע, ווי אַ ריזיקער, צעלויכטענער גלאָבוס, האָט ביי נאַכט דאָ זיך דורכגעקאָלערט, און הייס צעפּרעסט דאָס פעלד, האָט אַלץ אונטער זיך צעטאָפּיעט. דאָס האָט גאָר דער אָנגעקומענער מיט אַ מאָל פּרילינג דורכגעכוואַליעט, צעטעמפּעראַמענטעוועט, מיט אַ ווינט — אַ יונגער לייב וואָס זוכט פּאָרונג; האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער ערד און האָט אויף איר זיך צעלייגט. דאָס האָט עס זיין צעגליטער גוף אַלץ אויפגעפּאָרעט. דער שניי אונטער אים, איז אין דער נאַכט, אין ווייליקער גלוסטעניש, צעגאַנגען. די קראָען מיט אָפּגעזענקטע פּיסנעגל, זענען אַנטלאָפן.

אין דער פרי האָט אַלץ טאַקע געהאַט זיך איבערגעקערט. נישט קיין לאַווע, וואָס רייסט זיך פון דער ערד, מיט אַ בושעוודיקן גוף און מיט פייערהענט געשטרעקט אַרויף — אַ בילענדיקע אומבאַהאָלפן צו די הויכקייטן — האָט דאָ געדראָט. ניין, יענע איז אַ געבראָכענע צוריקגעפאַלן אין אירע נאָרעס, איז יאַושדיק פּאַרקראָכן אין דרימל. איצט געוועזן איז דאָס גאָר אַ לאַווע פון אויבן, וואָס גלוסט נידערן אַראָפּ. אָט שווימט זי ערגעץ, פון ליכט אַרויס, מיט שטראַלן געשטרעקט פאַר זיך, ווי הענט אַראָפּ צו דער ערד; זי דעקט אַלץ אונטן איבער מיט אַ צעכראַסטעטער ברוסט. מיטן אויפטויכן וואָס אַ מאָל מער פון טאָג, האָט זי, איבער די האָריזאָנט־ראַנדן שוין געהאַט אַוועקגעשטעלט פעסט אירע ליכטזיילן. אין דער פייכטלעכער צעלויכטנקייט האָבן לופטערדער דורכזיכטיק געפינקלט מיט טראָפּנס; צעבראָזגעט געשפּריצט, אויף ווי ווייט, מיט בלענדיקן זילבערשטויב. די שנייזאָפּטן זענען שנעל אָפּגעפלאָסן, האָבן זיך איינגעזאָפּט אין די שפּאַלטן. אויך די לעצטע ווייסע שלענגעלעך זענען פאַרקראָכן אין דער ערד.

ווען אויך די לאַווע האָט צוריקגעצויגן זיך אויבן אַרויף, איז די ערד געבליבן אויסגעשיילט, ווי פון צווישן צוויי אָפּגעפאַלענע, בריאיקע, שאָלן. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די שמועה: אויף די צעפלאָסענע בייטן פון אָפּגעדעקטן שנייפעלד, צווישן די צעדריוולטע ווייסע פעדעם, באַווייזן זיך געשפּאָלטן־צעעפנטע קנאָספּן. פון זייער צענומענקייט טיילן זיך אַרויס קיילעכלעך, רונדיקע, ווי קינדערקעפּלעך. זיי זענען אָנגעלענט, מיט אַ בעקל זייערס, האַרט אויף דער ערד. צו ערשט האָט מען נישט געוואָלט זיך צוגלייבן. נישט געוועזן עמעצער, וואָס האָט אַליין דאָס געזען. באַלד האָט זיך געהערט, אַז זיי טריפן, די קיילעכלעך. צעלאָזענע שניי־

טראַפּנס רינען פינקלענדיק פון זייערע שטערנס אַראָפּ, איבער די פּנימלעך און באַקן, לאָזן זיך אין ריטשקעלעך אין די קערקלעך, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעוואַשן פון זיי די ערד־איבערבלייבענישן. דאָס פעלד, האָט מען געזען, בלענדט אין דער נאַכט אין פאָספאָר. אין דער פינצטער לייכטן גליווערעם. מען האָט געוווסט, דאָס בליעןביינדלעך.

צו ערשט געמומען גייען אַהער האָבן די דערפער. עס זענען געקומען די זקנים מיט זייערע שאָטנס, פאַרוואָרפן איבער זיך אויף אַהינטער. די אויגן פאַרנט אָפּגע־דעקט. זייערע פיס האָבן באָרוועס זיך פאַרהאַלטן ביים ראַנד. די מיילעכלעך קאָנען נאָך איינבייסן זיך אין די פינגער. באַלד געלאָפן איז אויך די שטאָט. ביי אַלע זענען די קני געבליבן פאַרשטייפט. קיילעכדיקע געוויקסן, ווי לבנה־קעפּלעך, וויקלען זיך אַרויס פון די צעעפנטע גרין־גרויסע בלעטער.

די זקנים געבליבן זענען דאָ וואָכן אין די נעכט. אין דער קילקייט האָבן זיי זיך געוויקלט אין די אויפגעשפּרייטע שאָטנס פון איבער זיך, זענען אין זיי פאַרשלונגען געוואָרן. די אויפגעשוואָלענע שאָטנס האָבן, ווי ריזיקע איבערבעטן, זיך געהויבן ביז די פאַרדעקטע, פּעכיקע, הימלהויכן, און געצויגן זיך ווי שוואַרצע שלעפּן, ווייט אין די נאַכטטייכן אַריין.

ביים אויסווישן זיך, אין די פאַרטאָגן, די אויגן, האָבן זיי געזען, עס האָבן אויפגעשפּראָצט דאָ קעפּלעך אויך פון דערוואַקסענע, און אפילו פון זקנימלעך, ווי זיי, נאָר מיט געוויקלטע בערד. ביי טייל — בלעכערנע ברילן איבער די לאַנגע נעז. אויך באָבעס, זקנות, מיט קאָפּהייבלעך, מיט די גאָמבעלעך אָנגעשפּאַרט האַרט אויף די בייטן; זייערע לאַנגע אויערינגען, מיט אַ גאָלדזשאַווער, האָבן זיך גע־באָמבלט ביז דער ערד, ווי זיי וואָלטן, פון ביידע זייטן, מיט קייטעלעך צו איר געווען צוגעטשעפּעט, די אויערן.

דאָס פעלד איז איצט מער נישט געווען קיין פעלד. דאָס איז געווען אַ יונג וועלדל, מיט נידעריקע ווי פאַרזעצטע ביימעלעך — מענטשנביימלעך פון ביידע מינים: זכרים און נקבות — אין אַלע זייערע צורות. אַ רגע איז דאָס געוואָרן אַ קאַליריקער גאָרטן, מיט האַריקע וואָרצלבערגלעך — אין בלאָנד, געל, רויט און שוואַרץ; ברוין און גרוי; רויט און ווייס. די פּנימלעך — גלאַטע באַלאָנדלעך, מיט אַ פינגער געשמירט איבער זיי; נעז מיט ברעמען אויבן, ווי האַלבע ברילעכלעך; ביי טייל — נאָך ליידיק אויבן, ווי ביי זויגלינגען; געפּינטלטע גאָמבעלעך, ווי באָוואָקסן, און גאָמבעלעך — גלאַטיקע, מיט שפּיצלעך. אַ סך מיט ראָזע שאַרבנס, פליכעוואַטע — ווייכע, ווי פּוטער, און פאַרהאַרטעוועטע, ווי פון מומיעס.

דאָס פעלד האָט אויפגעוויקלט זיך אַזוי, וואָס אַ מאָל ווייטער, ווי אַ פאַרלייגט טישטעך. די אַנגעלאָפענע מאַסן זענען געבליבן פון הינטן, אין עק, ווי אין אַ שמאָלן קאָרידאָר, וואָס האָט נישט קיין ווענט. אויך נישט קיין דאַך. פון אויבן ליכטיקט אַראָפּ דער הימל.

די זקנים זענען מער נישט געווען. זיי זענען געהאַט אַוועק. אַנדערע, בייע זקנים, האָבן איצט זיך געבויגן, פון ביידע זייטן, מיט די גופים נידעריק, איבער די בייטן. מיט שפּאַקולגלעזער האָבן זיי געקוקט אין די פּנימלעך; פאַרגרעסערט, ביז אויפגעשוואָלנקייט, די באַקן מיט די וואַרצל־גריבעלעך. אַלע, די פּנימער, זענען געווען אַנדערש — נישט פון דאַ־הי און נישט פון היינט. אין זייער פרישער פאַרמאַכטקייט, געיויערט האָט אַ רעיון, ווי קוועלנדיקע זכרונות געשלאָגן וואָלטן איבווייניק, אונטער די שלייפלעך. זיי זענען אין זיך פאַרטראַכט, די קעפּלעך. דאָרט ווייסן זיי ווער עס איז זייער טאַטע. אומגעמאָלט זיי אייגצוררימען אין די אויערן, עפּעס פרעגן. די אויערן־לעדלעך זענען ביי זיי פאַרלייגט, צוגעשפּאַרט, ווי קלאַפּעס — פאַרחתמעט. אויך די אויגן, אונטער די ברעמען. זענען צוגעקלעפּט, געשלאָסן. מען קאָן נישט אין זיי בליקן. ווייך זענען די וויעס — נישט צו רירן, עפּענען מיט פאַרהאַרטעוועטע פינגער. ביי יעדן זונפאַרגאַנג האָבן זיי אויף די בייטן איצט זיך געבויגן, די קעפּלעך; זיך איבערגעלייגט פון בעקל אויף בעקל.

אויך פון די מרחקים האָט מען גענומען אַהער ווענדן די טריט, נאָר מען האָט מער נישט געדאַרפט ציען — ווייט, צו גרייכן. פאַרקערט, די געוויקסן־פעלדער האָבן איצט זיך געשפּרייט אין אַלע זייטן. די בייטן האָבן זיך אויסגעצויגן, זענען די קומער פאַרלאָפן דעם וועג. קנאָספּן מיט רונדיקע קעפּלעך האָבן זיך באַוויזן שוין אויך אין די אַרומיקע בערג און טאָלעכלעך; אויך אויף די פעלדזן און אין די ראָוועס, צווישן בייט און בייט. די פּנימלעך זענען וואָס ווייטער אויפגעגאַנגען בענטער איינס צום אַנדערן. יעדעס — אָפּגעטיילט פאַר זיך, באַזונדער. אונטער די וויעס פאַרטאָן נאָר אין זיך אַריין.

טייל האָבן דערציילט, אַז דאָס איז נישט אמת. נישט קיין קעפּלעך זענען זיי. עס דאַכט זיך, אַז די פעלדער אַרום, גאַנצע פעלדער, זענען פול, נישט מיט קיילעכדיקייטן — נאָר מיט ליכט; נידעריקע וואַקסן זיי אומעטום פון דער ערד. זייערע פלעמלעך זענען העל, ווי צעשמאָלצן. זיי בלאָזן איין, געלבלעך און צעשפּרייטן ווידער זיך. אַלע מאָל גייען זיי אויף, ווערן העכער. עס בריט, ווען די פיס שטעלן זיך אַריין. ווי צינגלעך בייגן זיי זיך צו זיי. נאָך אַ מאָל: נישט קיין קעפּלעך זענען דאָס, נאָר צו מאָל זעען זיי אויס, די פלעמלעך, ווי פּנימלעך געקנייטשטע, וואָס גלייכן זיך אויס.

מיט אַ מאָל האָבן די מאַסן גענומען קערן זיך אויף צוריק, אָפּשטראָמען אין דער פאַרקערטער זייט, פון וואַנען זיי זענען געקומען. עס האָבן אָנגעיאָגט נייע ידיעות: פרישע פעלדער יוירן דאָרט אויף מיט בייכלעך, ווי פרויען פאַרגאַנ־גענע אין טראָגן. מען זעט מער נישט בייטן, לענגלעכע, אַלץ האָט זיך פאַרקיילעכט, פאַררונדיקט — איינס אין אַנדערן. זיי ליגן, די ווייטע פעלדער, אויפגעבעטט, ווי געווינערינס. קליינע פּולכנע בערגלעך, ווי אויפגעשפּאַנטע בריסטן, הייבן זיך שטייף איבער זייער גוף.

די ערשטע פּליטים האָבן געבראַכט בשורות: נישט בריסטן לאָזן אַרויס די צעלייגטע פעלדער. דאָס זענען גאָר קופּאָלעכלעך, געבערגלטע, וואָס ליגן נידעריק, רונדיק, ווי היטן, איבער אַרויסגעשטעקטע פון דער ערד, קעפּ. אָט פאַלן זיי אָפּ, די היטן, און עס בלייבן אונטער זיי אָפּגעדעקטע שאַרבנס, פאַרצויגענע מיט פרישער הויט — באַהאָרטע און מיט פליכן.

עס זענען ווידער געווען די ערשטע זקנים. זיי זענען צוריקגעקומען. זיי האָבן נישט געדענקט, עמעצער זאָל ווען האָבן פאַרזייט קעפּלעך, זיי זאָלן וואַקסן. זיי האָבן מיט אַלטע הענט זיך געריבן אין די פּלעקיקע שטערנס. זיי האָבן אויך נישט דערמאָנט זיך, עס זאָל וואַקסן אָן פאַרזוי, סיידן אַ פּרי — צעפּוילט. איר קערנדל קאָן אין דער ערד נישט פאַרלוירן גיין. אויך ווערעמלעך מערן זיך, פאַרשיט אין די פאַרפאַלענישן; זיי שלאָגן אַרויס — נידעריקער פונעם גראָז. אפשר האָט אַ מענטש אַ מאָל פאַרלוירן דאָ זיין זרע, אָדער האָט זי באַהאַלטן, און זי פאַרדעקט מיט ערד?

און אפשר איז דאָס געווען איידער מען האָט באַשאַפן די פרוי? מענטשנזין, ריזן, מיט איבערגעפּולטע לייבער, האָבן טאַפּנדיקע, זי געפונען, די ערד, אונטער זיך; האָבן זי געריפן ווייב, און זענען זי באַשלאָפן; האָבן אין איר אַריינגעשטראָמט זייער לעצטע זרע, און זענען אַליין — געשטאָרבן.

מען האָט איצט זיך געכאַפּט אויפן סוד פון דער ערד, אויף איר ברומען אין די אָפּגרונטן. עס האָבן געיוירט, געזידט, אירע אינגעווײדן.

אַ גרימפּעניש איז אַריין אין די אייננווינער, האָט מיט אומרו פאַרקראָמפּט זייערע בייכער: קינדערריזן קאָנען דאָ אַרויס פון דער ערדטראַכט, אויסגעטראָגענע נישט אין מוטערלייב; גענערטע אין געדיכטער וואַרצלען־פינצטערניש.

די מורא איז געווען, זיי קאָנען זיך אַרויפהייבן העכער און העכער. זייערע פעסטע אָרעמס וועלן תמיד נאָכהענגען ביי זיי געשפּאַנט. נאָכן אָפּרייסן זייערע פיס פון די פעלדער, וועלן זיי, מיט אויפגעשפּראָצטע גופים, לאָזן זיך פון דאַנען

אַ ריזיקע מחנה; וועלן פּאַרפּלייצן אויף ווי ווייט דעם אַרום, אים באַזעצן. קיין מאָל וועלן זיי נישט שטאַרבן.

די בהלה האָט זיי זיך אַראָפּגעזעצט פון אונטערשטן טייל בויך אין די פּיס־שענקלעך אַריין, האָט זיי אָנגעפילט מיט שווערע געוויכטער. פּויערים מיט לאַנגע קאָסעס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן; האָבן געפּרווווט שניידן די קעפּ, אָפּקאָשן זיי פון פעלד, זאַמלען זיי אין שטויסן; ווען זיי וועלן פאַרשטיינט ווערן — בויען וועט מען פון זיי הייזער. די שאַרפן, אָנגעקלאַפּט אין די העלדזער, האָבן אָבער זיך נישט איינגעשניטן — ווי אין לייב, אָדער אין אָדערן. זיי זענען שטומפּיק אָפּגעשפּרונגען, ווי זיך אָנגעטראָפן אין אַ דינעם אייזמאַרמאָר; געוואָרן פאַרטעמפּט. זייער געשלייפטע דינקייט איז אויך נישט רויט באַנעצט געווען, נאָר האָט געגלי־ווערט אין עכאָ, ווי באַרירט פון שטיינאָדערן.

נאָך מער; די קעפּלעך, פריער אָנגעשפּאַרט זייטיק מיטן בעקל אויפן פעלד, האָבן איצט, פונעם אָנשטויס אין שטאָל, געהויבן זיך שטייף־אַרויף, אָנגעגאָסן מיט כוח.

די מאָסן אַרום האָבן געקניט, זיך איבערגעצלמט. האָבן מתפלל געווען פאַר די, וואָס אַ מאָל אפשר האָט מען שוין געקעפּט זיי. דעריבער זייער האַרטנעקיקייט.

די שטאָטישע האָבן געוואָלט גראָבן גאָר אין דער טיפעניש אַרום זיי, דערגרייכן זייערע וואָרצלען. נישט צערייסן, נאָר זיי גאַנץ אַרויסציען. זיי האָבן געטענהט, אַז נאָכן שניט אויבן, וועלן די אָפענע אָדערן פון אונטן ווידער אַרויסשלאָגן קעפּ; אפשר נאָך מער: אויף יעדן גוף — אַ פּאָר, ווי טרויבן־שטענגלעך אויף שטיינוועגט.

דער געברום האָט זיך געוויגט, ווי אָנגעטראָגן אין ווינט: מען קאָן נאָך אויך אָנטרעפן זיך אונטן אויף די ערדמוטערס, צו וועלכע צוגעבונדן עס זענען זייערע באַפלשנורן. זיי וועלן זיך אָפּרייסן. לויז־געוואָרענע, פון די שווערע ערדאָנשיטן אַרום זיך, וועלן די פאַרגראָבענע גופים פון אינעווייניק, פריצייטיק זיך באַפרייען. זיי וועלן אָנהייבן שוין זייער מאַרש אויף איינצונעמען דעם אַרום.

מען האָט אויך אָנטפּלעקט אין זיך אַ נייעם אומרו: מיט ליבשאַפט איז מען שוין צוגעבונדן צו זיי. מען קאָן אָן זיי מער נישט זיין. מען דערוואַרט; מען בענקט נאָך דער רגע, פון זייער פולן אויסרייף. מען שרעקט זיך, אַז פריצייטיק אָפּגעגראָבן אַרום — וועלן זיי נאָך זיין נפלעך, פרי־געבוירענע, וואָס קאָנען נישט לעבן. אַלע ציטערן איצט פאַר זייער קיום. נאָר צוגעדעקט פעסט אין דער וואַרעמער ערדשויס, וועלן זיי אונטן זיך אויסשטייען.

מען האָט געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען שוין אויפן אָרט. נישט פּאַמעלעך זאָלן

זיי זיך אויסצייטיקן, נאָר באַלד האָבן זאָל מען זיי אין זייער פולן אויפשפּראָץ. זיי האָבן, די איינוווינער, געשפּירט, אַז זיי ווערן קראַנק פון וואַרטן. זייער רצון מוז מקויים ווערן גלייך. זיי האָבן זיך געוווּרט קעגן סדר פון די צייטן. קעגן דעם לערן אינצווישן פון בין־הזמנים. אין פרימאָרגן זאָל זייער נאַקעט האַרץ גלייך קאָנען זיך צודריקן צו דער נאַכט־פינצטערניש; זאָל אין דער טיפער זומערהיץ זייער גלוסטנדיקער גוף שוין קאָלערן זיך אין קאַלט־שניידנדיקן שניי; דעם נאָענטן פון דער ווייטנס, קאָנען באַלד, אין דער בענקעניש — אַרומאָרעמען; דעם חלום — גלייך נאָכן אויפכאַפּן זיך — האַלטן וואָר אין האַנט. אויף די וואַקסענדיקע אין די פעלדער דאָ — שוין אָנגיין, פאַלן אין זייערע אָרעמס, אַרומהאַלדזן זיי. זיי גייען אויס, אַלע, פון ליידיקייט, פון וואַרטן.

די טעג און נעכט האָבן זיך אויסגעמישט, פאַרלוירן זייער ריי. די שפּעטערדיקע נעכט זענען פריער, פאַר די איצטיקע. די פריערדיקע נעכט און טעג קומען איצט, שפּעטער. מען לויפט אין זיי, פון איינעם אין אַנדערן, ווי אין טונקעלע קאָרידאָרן, אַן דער אַרויסגאַנג־טיר.

און ווען אַרויסגעקוקט מען האָט פון די פענצטער, האָט מען געזען אויף ווי ווייט, אומעטום, אויך איבער די האָריזאָנטן, — נישט ליידיקע שטחים; נאָר תבואה־פעלדער, מיט קעפּלעך. זיי שפּראָצן איצט שוין געדיכט, קעפּל ביי קעפּל, ווי שטיי־ענדיקע קרויט־הייפּטלעך. מען קאָן שוין באַלד נישט אַרויס — און נישט טרעטן איבער זיי — אָן צו היפּערן מיט די פוסטריט. מיטן שטאַרקן זיך פון דער פרילינג־וואַרעמקייט זענען זיי, אַלע געשלאָסענע קיילעכלעך, איצט אַרויס פון די קנאָספּן, האָבן זיך אויסגעבריט פון די שאָלעכלעך. די זון הענגט אין מיטן הימל און שטראַלט גלייך אין זייערע קערקלעך.

מיטן פרילינג געקומען איז, ווי אַ באַלאַגערונג, אַ פרישע שמועות־כוואַליע. אין זייטיקע ישובים רירן זיך אויף די דילן אין די הייזער. זיי הייבן זיך. מען האָט מורא אַרונטערצוקוקן צו די מאַרמאָרקעפּלעך. מענטשן פילן, זיי שפּראָצן אויך אונטער זייערע טישן און בעטן. אין די טאָלן וואַקסן זיי דין־אויסגעצויגן אַרויף אין די בוידעמער; וויקלען זיך, ווי שלאַנגען, אַרום ביימער. באַרג־ישובים הייבן זיך. גאַנצע וועט מען זיי אָוועקטראָגן.

דאָ, פאַרן שנייפעלד, האָט מען געוואַרט אויף דער רגע, ווען זייערע אויגן אונטן וועלן זיך צעעפענען; די פאַרוואַקסענע אויערן־לעפּלעך וועלן זיך אָפּטיילן, אָפּדעקן. מען איז נישט אָפּגעטראָטן. כסדר, אָן אויפהער, האָט מען געקוקט אויף זייערע האָריקע וויעס און ברעמען. זיי שאָקלען זיך שוין, ווי קורטינעלעך, ציטערן

אין ווינטל. אַט ציען זיי זיך אַרויף. ביי די זקנים הענגען זיי געדיכט, ווי שטעכיקע בערדלעך. די אָנגעצויגענע האָר פּלאַצן אויף פון שפּאַנונג.

אויך די אָטעם־קאַנאַלעכלעך ברייטערן זיך אויס. זיי אָטעמען דין פון זיך אַרויס; נאָר זיך דערנענטערן, שטעקן די אויערן אונטער די נאָזלעכלעך, לאָזן זייער געזשום קיצלדיק אין זיך אַריינבלעזלען.

דערווייל אָטעמען זיי נאָך איינגעהאַלטן, ווי אויף אַ באַפעל.

מענטשן האָבן געוואָרט, שטיל, אַרום שנייפעלד.

די מורא איז געווען, זיי קאָנען נאָך אַלע מיט איין מאָל איינציען אין זיך מיט די נאָזלעכער, די לופט פון גאַנצן חלל. זיי וועלן ריזיק זיך אויפבלאָזן. דער אַרום וועט זיך איינשרימפּן, קלענער און קלענער, ווי אַן אויסליידנדיקער זיך באַלאָן. ער וועט שפּעטער, ווי אַן אַוועקגעוואָרפענע ראָזלעכע, שמאַטע, בלייבן געשפּרייט אונטן, נידעריק פאַר זייערע גאָמבעלעך.

אָנגעלאָפענע קינדער האָבן געוואָלט מיט זייערע הענטלעך, פאַר די גאָמבעס זיי גלעטן.

זיי האָבן אָבער, די גאָמבעלעך, פּלוצעם זיך גענומען הייבן איבער דער ערד. די קעפּלעך האָבן זיך אַ צי געגעבן אַרויף. פון אונטן האָבן זיך נאָכגעשטופּט נאָך זיי גופימלעך ווי שטאַנגען. דער פעלדפלאַך איז געוואָרן העכער, געדיכטער, ווי אין טיפן טונקעלן זומער.

אויך די פּנימלעך אויבן האָבן איצט ברייטלעכער זיך צעעפנט, ווי זיי וואָלטן זיך איינגעהערט, פאַרנומען אין זיך אַריין. מען קאָן שוין פונאַנדערשיידן צווישן זיי, אָפּטיילן איינעם פון צווייטן. יעדער באַקומט זיין אייגן געשטאַלט, כאָטש קיין נאָמען האָט ער נאָך נישט, אים צו רופן.

זיי זענען אַרויפגעוואַקסן, די גופים — קורצע און לאַנגע, דינע און ברייטע — נישט בלויז נאַקעט, ווי ביי־געבוירענע, נאָר אויך מיט זייערע אייגענע בגדים אויף זיך. מענער — אין זייערע אָנצוגן, ווי פּאַפּירענע; אין זייערע אַרבעטס־מלבושים, און אין גלאַנציקע פעטליעשניפּסן, פון האַלדז ביז זייערע בייכלעך אַראָפּ. טייל מיט שלייפן, ווי וויכע חלפימלעך אונטער די העלדזערקנעפּ. זילבערקייטע־לעך, פון פאַרשטעקטע טאַשן־זייגערס, פאַרלייגט איבער די אָפענע וועסטן. די פרויען — אין קליידלעך, קורץ פאַר די קני, מיט אַ פּיס־אויפגעשוואָלנקייט אויבן אַרויף, און — לאַנג ביז די קנעכלעך. זייערע געשטאַלטן פאַרשמעלערט, ביז אַראָפּ. אַנדערע — אין בלוזעס אָן אַרבל; די הענט, אויבן, אַרויס, ווי עלאַסטיש־אַרומ־אַרעמענדיקע שלאַנגען — קיין מאָל נישט צו באַפרייען זיך פון זיי, און — מיט

לאַנגע אַרבל, ביז די דלאָניעס. נאָר די פינגער שטעקן צויטנדיק פון זיי אַרויס. פיל אין קאַליריקע טענצערין־פידזשאַמעס, אין לויזע נאַכטהעמדער, וואָס דער גוף שווימט גלאַט־קיצלדיק אין זיי אַרום, און אין שלאַפראָקן פון הויז־באַלעבאָסטעס אין די פרימאַרגן־שעהען. די זקנים — מיט האַלץ־שטעקעלעך אין רעכטן הענטל. די זקנות — קליינע באַבעלעך, מיט פאַרטעכער אַרום די לענדן; שמאָל־איינגע־שרומפּענע, ווי אַ האַנט וואָלט אַ מאָל פון זיי אַרויסגעדרענגט די לעצטע קינדער. בחורים אַרויסגעהויבענע — מיט ברייטע אַקסל און דין־ייִנגלשע געלענקען. די קאַפּ־טשופּרינעס, ווי ביי פערדלעך, פאַרוואָרפן אויף הינטן. עס זענען געווען צוזאַמענגעשלאָסן, ווי צווילינגס, די געשטאַלטיקע פיס פון מיידלעך. אַרום זייערע קעפּ — די האָר נישט צעלאָזט. יונגע מוטער־גופים האָבן אויפגעטויכט מיט זייערע פיצלעך קינדער אין די הענט, ווי אָקאָרשט איינגענומען זייער געוויין. ייִנגעלעך און מיידלעך — פאַרגליווערע אין זייער גאַנג, מיט איין פיסל אויף פאַרויס. שולטאַשן — איבער די פּלייצעלעך.

די וואָס אַרויסגעהויבן האָבן זיך אָן מלבושים, האָבן מער נישט געשעמט זיך מיט זייער פאַרשטויבטער נאַקעטקייט. זייערע קערפּערס — צייטיק־אויסגערייפט. נישט ראַזלעך, ווי אָקאָרשט זיך אויסגעשיילט, נאָר מוסקולירט, געשפּאַנט — פיס, היפטן און אָרעמס. ביי די איבערגעעלטערטע — די גופים געקנייטשט, איינקאַר־בירט, פאַרהאַרטעוועטע, ווי פון ווינטן. אַ שטייגער, אַלע זענען זיי אַ מאָל געווען שוין באַקליידט, נאָר די בגדים אָפּגעפאַלן זענען פון זיי. געבליבן זענען געטרוקנטע סקולפּטורלייבער.

די פיססטאָפּעס ביי אַלע פאַרזעצט. מען זעט זיי נישט. עס איז נישט קלאָר, צי שטעקן זיי אינעווייניק מיט לעדערשיך צי באָרוועס. אפשר שפּראָצן דאָרט פייכט־ווייסע וואָרצלען פון זייער איבערגעצייטיקטקייט אַרויס.

נידעריק איבערן פעלד הייבן זיך די רונדיקע קני פון מיידלעך, קאַרבירט און געשניצט, ווי אומבאַוועגלעך, שווערע, טישנפיס, באַהאָפטענע צו דער ערד.

די אָנגעלאָפענע קינדער האָט געצויגן אָנרירן, באַטאַפּן זייערע גופים, שטעקן פינגער אונטער די מלבושים, צולייגן אַ האַנט צו די בייכער, דערשפּירן אפשר צאַפּלדיקע וואַרעמקייט. מען האָט אָבער געוואָרנט, אַז די צעוואַרעמטקייטן קאָנען אויף אייביק נאָך פאַרבלייבן שטראָמען אין דער אָנרירנדיקער האַנט. תמיד וועלן זיי אַרומטראָגן זיך מיט דעם היציקן געצאַפּל ביז אַרויף אין די אָרעמס.

פון המון אַרויסגעשטעלט האָבן זיך טריט. עס האָבן זיך דערנענטערט זקנים אין ווייסע כאַלאַטן. גאָלדענע ברילן אויף זייערע רויטלעכע נאָזשפּיצן. די לעכער זייערע אונטן פאַרשטאָפּט פון דיקע טאַבאַק־וואָנצעס. די אויגן אַראָפּגעלאָזט

נידעריק, צו די באַקן, און די הענט געשטרעקט אויף פאָרויס. זיי האָבן פאַר זיך געטראָגן לאַנגע האַלצטרייבלעך, צוצולייגן צו די נאַקעטע פּלייצעס פון די זכרים און נקבות, איינזאַפּן ביי זיך אין אויער זייער גערויש, אַרויסציִען דעם שטילן געאָטעם, וואָס שטראָמט, דורך זייערע אָדערן, פון דער ערד אַרויס. זיי האָבן, מיט די רערלעך פאַר די אויערן, געוואַרט אַזוי, געבויגן איבער זיי.

זיי האָבן אָבער געוווּסט, אַז יעדער באַריר אין קערפּער, וועט אויף אייביק שוין לאָזן אַ גריבל אין אים; ביים מינדסטן צוריר צו איינעם פון זיי, וועלן זיי מיט אַ מאָל אויפצאַפּלען, אַלע גופים דאָ, אויפשרייען פון ווייטיק. ער וועט שפּיציק דורכלעכערן, דער געשריי, די לופט, און מער זיך נישט אָפּשטעלן. די חלל־ליידיקייט וועט מיטשאַלן. דער געליאַרם וועט בלייבן אויף תמיד; לאַנג, אויסגעצויגן אַזוי — איבער די טעג אַריבער.

דערווייל האָבן אויפן הימל פאַרנומען זיך וואָלקנס. דורך טונקעלע כמאַרעס איז די זון פאַרשטעלט געוואָרן. מען זעט זי נישט מער. אַט ווערט שטאָק־פינצטער און דער ערשטער זומערדיקער שלאַקסרעגן וועט געדיכט נידערן פון אויבן. צווישן די וואָלקנס האָט שווער געקראַכט, זיך געבראָכן. אַלץ צעפּאַלט און לייגט זיך איבער אונדז. די טונקל־געשוואָלענע הימלען לאָזן זיך, געשפּרייט, האַרט איבער די קעפּ; דעקן אונדז מעכטיק איבער.

נאָך אַ רגע און עס וועט אויסברעכן דער געוויטער; ער וועט אַלץ פאַרגיסן. אַ נאָס־שניידנדיקער ווינט הוליעט שוין, פייפט. ער שאָקלט מיטן יונגן ביימער־געצווייג, מיט זייערע קעפּ; בייגט זיי טיף אַראָפּ צו דער ערד.

אין דער נידערנדיקער טונקלקייט האָבן מענטשן געוואָלט ציִען אַ ביידל איבערן פעלד; פאַרלייגן די לייוונט, נידעריק, ביז ווייט איבער די ראַנדן. אין האָריזאָנט האָבן הענט זיך באַוויגן אין דער לופט, געהויבן זיך אַרויף. פאַרדעמפּטע קולות האָבן זיך אָנגעטראָגן.

און געשען איז דאָס אין איין אויגנבליק: די מענטשן אַרום זענען מער נישט געווען. די איינוווינער זענען געהאַט אַנטלאָפן — זיי, זייערע הויזגעזינדן, שאָף און רינדער. עס זענען אויך אַוועקגעצויגן די פייגל, חיות און עופות. גאָר נישט האָט מער געאָטעמט אין פעלד. עס איז געווען פּוסט אין חלל. די זון איז געווען פאַרשלונגען אין דער לבנה, האָט דורך איר קאַליריק אַרויסגעלויכטן מיט אַ קראַנק נאַכטליכט. געמישטע פאַרבן האָבן מיט צעלאָזטן בליי פאַרגאָסן דעם פאַרטונקלטן אַרום.

אין דעם טריפנדיקן ליכט האָט מען אַ ווײַלע גאָר נישט געזען. די אויגן זענען

געוועז שטויב־זילבעריק, ווי פון אַ געגאָסענעם אָפּגאָס אין געשטאַלט פון אַ מענטש; מיט פינגער זיי צו צעעפענען. די פינגער ווישן דעם זילבער־געשטויב.

דאָס האָב איך, דער באַשרייבער פון די זכרונות פון די טעג, געהאַט צעעפנט די אויגן. איינער אַליין בין איך דאָ געווען. איך בין פאַרבליבן פון די אורצייטן, איבער די דורות אַריבער. די האַנט, וואָס האָט דעמאָלט מיך געכאַפּט פאַרן קאַרק, מיך פאַרטראָגן, געטרייסלט מיט מיר איבער די יאָרהונדערטער — אָט די האַנט האָט איצט מיך געהאַלטן הויך איבערן פעלד. זי האָט מיך אַהערגעבראַכט, מיך געהויבן אין דעם בלאָסן ליכט.

מיין אויער האָט פאַרנומען אַ געשעפּטש:

— זע!

און איך, דער געוואָרפענער איבער די רוימען, וואָס האָב ביז איצט שטאַרבן נישט געקאָנט; וואָס געמיינט האָט, אַז נישט האָפטיק איז אויך זייער שטויב — געזען האָב פּלוצעם זיי אויפגיין אין ליכטעגאָס. איך בין געטראָגן געוואָרן איבערן טאָל, איבערן ים פון קעפּ, וואָס הייבן זיך אַרויף, מיטן פּנים צו דער הויך. איך האָב געזען, ווי דאָס געמישטע ליכט נידערט זיי איבער די אויגן, לייגט זיך איבער די וויעס, ווישט זיי איבער די אָפּלען. זייערע נאַזלעכער האָבן דין אויפגעציטערט.

זייערע פיס האָבן אין דער נידער זיך באַוויגן.

באַלד האָבן זייערע אויערן־לעדלעך זיך צעעפנט, ווי אַ וואָרט וואָלט אין זיי דורכגעשורשעט. די וויעס האָבן אויפגערירט. דאָס ליכט איז זיי פאַרבייגעפלאָסן.

איך בין געהאָנגען איבער זיי און האָב זיי דערקענט. איך האָב אַראָפּגעקוקט צו זיי, און זיי, שטוינענדיק — אַרויף צו מיר.

# דער מבול

שוין לאַנג ווי ער גייט, דער מבול; עס גיסט רוישיק פון אויבן, און ריזלדיק, אין וואַסערפאַלן — לאָזט זיך אַראָפּ פון בערג. זיי לויפן, די וואַסערן, פון אומעטום; שאַרעווען פון אומצאָליקע קוואַלן אין דער נידער — ווי אַלע מיילעכלעך פון דער ערד וואָלטן זיך צעעפנט; זיי שטראָמען פון זיך אין לאַנגע צינגלעך — דינע, האַלב־קיילעכיקע. עס ציט זיך ווי פון געעפנטע פאָנטאַנעס. ער טוישט זיך, דער געריזל: דאָ ווערט ער שוואַכער, ווי אָט צום איינשטילן זיך, און דאָ, מיט אַ מאָל, פאַרשטאַרקט ער זיך ווידער, רוישט אויף. די נעכט פאַרטויבן די אויערן. אַרום טראַסקעט, עס לאָזט זיך אַראָפּ, נאָענט; ימים רייסן, ווי מיט טויזנטער עראָפּלאַנען וואָס פליען איבער זיי אָן, נידעריק. זיי נעמען אַלץ איין. די וואַסערן פאַרגיסן, פילן איבער; דרינגען אַריין אין שלאָף און אין די חלומות.

אַ סך מענטשן זענען שוין דערטרונקען געוואָרן. קודם, איינוווינער פון אונטן, פון די קעלערן. מען ווייסט נישט וואָס מיט זיי צו טאָן. מען קאָן זיי נישט קובר זיין. אין די אויסגעגראָבענע קברים פּעכלט אָן ביז איבערן אויג מיט וואַסער; זיי גייען איבער, ווי זיי ווילן אַרויסקוועלן פון אונטער זיך. מומחים זאָגן צו, די לעכער צו פאַרשטאָפּן; זיי צו פאַרלייגן; אַלץ וועט ווי אין זומער, אויסטריקענען אין דער זון. דערוויילן מערן זיך די זומפּן. אויף אַ סך ערטער איז זי, די ערד, ווייך, נאַסלעך. אין איר קלעפּיקייט קאָן מען קיין פוס נישט אַריינשטעלן. אויך די איבער־געלאָזטע פאַרעמס פון טריט — פילן זיך אָן מיט וואַסער. זיי בלייבן, די וואַסער־גריבלעך, הינטער די גייענדיקע, טריקענען מער נישט איין. זיי יאָגן און צעשפּרייטן זיך, ווערן צו נעצן — אויסגעברייטערטע, ווי קלאָרע שפּיגלען. די נידעריקייטן ווערן אָנגעפילט. עס לויפט צו זיי. זיי זענען שטייענדיק־דורכזעאיקע, געשפּאָלטענע קאַלוזשעס.

די מורא איז: זיי וועלן אונטערשווענקען, די וואַסערן, די פונדאַמענטן; די הייזער וועלן איינפאַלן, אַדער, אין דער פייכטקייט — אַראָפּזינקען מיט די תושבים אין זיך; פון אויבן וועלן זיי זיך דעקן איבער זיי.

דערווייל האָבן די תבואות געטומען אַרויסשלאָגן הויך — גאָר דיקע, אָנגעווירעבע. קיין מאָל האָט מען אַזעלכע נישט געזען. אין קורצע תקופות זענען זיי געוואָרן רייף. אין טייל מקומות זענען זיי אויפגעגאַנגען נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל. אויך די ירקות זענען נישט צום דערקענען. זיי וואַקסן ווילד, כסדר פריש. די ריבלעך אויפן מאַרק זענען, אין זייער קיילעכיקייט, גרויס ווי מענטשן־קעפּ. די מייערן מוזן ספּעציעלע מאַשינען אָפּשובן. עס וואַקסן אויס דערפינדערס. מען מוז פון זיי אַראָפּקראַצן, פון די מייערן, די געל־זאַפּטיקע העמדלעך, ווי פון ביימלעך. די ביימער ווידער ווערן פון טאָג צו טאָג העכער. דער בליק קאָן שוין באַלד זייער שפּיץ אויבן נישט גרייכן. זיי צעוואַקסן זיך אויך אין דער ברייט. זייער דיק יויערט אַריין אין די ווענט פון די הייזער. דערצו זענען זיי האַרט, לאָזן זיך נישט זעגן. זייערע צעטומענע צווייגן, הויך, שפּרייטן זיך ווי צו פאַרשטעלן די שיין פון די הימלען.

די פּייכטקייט שווילט איצט אויף אויך די ברויטן. באַלד וועלן זיי פאַרנעמען גאַנצע טישן, זיי אַריבערוואַקסן. אויך די קינדער, האָבן מאַמעס באַמערקט, פּולכניען אויף, ווערן אָנגעגאָסן. זייער לייב איז לויז ווי צום קנעטן. עס וואַקסן אויס די מלבושימלעך, אויך די העמדלעך. אַלץ דאַרף מען נייען פאַר זיי ניי. שניידערס האָבן אויסגענוצט דעם מצב. פון דער נעץ אונטן צעווייקן זיך אויך די שיך. זיי צעפאַלן. קאַמאַשנמאַכער און שוסטערס מוזן נעמען מאָסן, מאַכן נייע. צום ערשט האָט מען געשטעפּט שטיוולעטן. נאָך דעם — שטיוול מיט הויכע כאַלעוועס. לעדער איז נישט געווען גענוג. אויך פעלן האָבן אויסגעפעלט. דאָס אָנפּענצניעטע האַלץ פון די שטאַל־טירן האָט געפּלאַצט. קי זענען אַרויס אויף די פעלדער; מער זיך נישט אומגעקערט צו זייערע באַלעבאַטים. ביז איבער דער העלפט האָבן זייערע פיס געשטעקט אין די וואַסערדיק־אויפגעגאַנגענע גראַזן; אָפט מאָל האָבן זיי זיי נישט געקאָנט אַרויסציען צוליב דער פעט־געוואָרענער גראַזיקער דיקקייט. די אייטערס זענען געווען ווי אויפגעבלאָזן; אין פיר זייטן האָבן זיי צעשטופּט די פיס. טייכן מילך האָבן געפּלייצט, געשפּריצט ווי פון רינעס.

פאַלקס־שטראָפער אויף די מערק האָבן געוואָרנט; געפּרעדיקט ווידערצוקערן פון די שלעכטע וועגן. דאָס גיסט זיך אויס גאָטס גרימצאָרן. ער לאָזט איבער אונדז זיך אַראָפּ. זיי האָבן גערופן פאַסטן, גיין אין די קירכעס, בעת די דרשות פון די מטיפים האָבן ביי ווייבער נישט אויפגעהערט זיך צו ווייקן די אויגן. זיי האָבן באַגאָסן די בענק אַרום זיך. מען האָט אויף זיי געשריגן, אַז מיט זייערע טרערן, פאַרמערן זיך די קאַלוזשעס.

די יונגע אין די גאַסן זענען אונטער די שטראָמען געלאָפן אָן היטלען. זיי האָבן

געפרעדיקט, אַז רעגן־וואַסער איז געזונט פאַר די האָר. זיי וואַקסן לאַנג און ווייך. ווען מען צעלאָזט זיי — רינגלען זיי אַרום ווי בגדים.

די תושבים זענען געווען פאַרטאָן. זיי האָבן זיך געגרייט צו אַ לאַנגן ווינטער, אַ שווערן, וועלכן מען דאַרף איבערקומען. וואָס מער האָט אויף די גאַסן זיך געהערט אַ הוסטעריי. פון די שטובן האָט זי, ווי אַן אָרקעסטער, זיך איבערגערופן; אַרויס־געהאַווקעט אין די נעכט. דאָס איז דאָס איינציקע לשון אין דער פינצטערניש. עס האָט זיך אַריינגעריסן אין די אויערן פון די הינט. זיי האָבן נישט אויפגעהערט צוריקבילן צו די נייע קולות, זיך רייסן צו זיי ביז הייזעריקייט. גאַנצע טעג האָבן די פאַרקילטע באַלאַגערט די דאָקטוירים־קאַבינעטן. אויך אין די הייף — פאַר די אַריינגענג אין די ווערענדעס — זענען געשטאַנען רייעס. אינעווייניק זענען די דאָקטוירים מיט טרייבלעך געלאָפן איבער די צעוואַקסענע לייבער, זיך גערוקט איבער זיי. אויך זייערע אייגענע איברים און די צולייגנדיקע אויערן זענען אויפ־געדראָלן. זיי האָבן שאַרף דערהערט.

פון די קולות אַרום האָט מען נישט געקאָנט איינרוען. כדי מען זאָל אים אויסמיידן, דעם דרויסן, נישט פאַרטויבט ווערן, האָט מען זיך פאַרמאַכט אין די שטובן — צווישן די פיר ווענט. פרי איז מען געגאַנגען שלאָפן. די ליכט האָבן נישט געוואָלט זיך אָנצונדן. עס איז נישט געווען גענוג לופט. זיי האָבן זיך געלאָשן. ווען מען האָט אויפגעמאַכט די טירן, זענען אַריין פייכטע ריחות, טערפּקע. די אָנגעצונדענע פלעמלעך האָבן פרום זיך געשאָקלט, אַרויסגעלאָזט זויערקייט. זיי האָבן זיך געטונקען, די פלעמלעך, אין דער הייס־צעגאַנגענער אָנגעפילטקייט פון די חלב־בעכערלעך. די קעפּלעך פון די קנייטלעך האָבן זיך געבייגט, געלייגט אין זיי. מאַן און ווייב האָבן זיך גערדרייט, נישט געקאָנט איינשלאָפן אין די בעטן. יונגע פאָרלעך, נישט חתונה־געהאַטע, האָבן אין דער פינצטערניש געבלאָנדזשעט ביים גיין צו זיך — איינער צום אַנדערן; אויסגעטאַפּט די לאַנגע ווענט. אויך זומער איז איצט פרי צוגעפאַלן די נאַכט. פיל יינגלעך און מיידלעך, חתן־כלה, האָבן חתונה געהאַט, כדי זיין צוזאַמען. אין דער פינצטערניש האָט מען אויף די שטוב־ווענט אָנגעטראָפן אויף טאַפּנדיקע הענט פון גנבים. אין די נעכט האָבן זיי זיך געשטערעקט. מען האָט געמיינט, אַז אין די נעכט ווערן מענטשן אויך געשלאָגן מיט בלינדקייט. מען קאָן נישט עפענען די אויגן. אין די פאַרטאָגן האָט מען געזען, יונגע ווייבלעך — דורך די לאַנגע נעכט, אויפגעגאַנגען, ווי אין אַ געבלי, זייערע בייכלעך. זיי טראָגן זיך מיט זיי אָפן אַרום. אַ טייל האָבן, לויט די קעפּלעך וואָס זיי האָבן אָנגעטאַפּט אין זיך, זיך גערעכנט אויף גאונים. די שוין געבוירענע האָבן אָפט געהאַט אָנגעדראָלענע גופים, אויך קעפּ גרויסע. ווי אויפגעיוירן זענען אויך

זייערע איינגעטיפטקייטן; האַלב פאַרוואַקסן, ווי קליינע שפּאַלטעלעך וואָלטן זיך געקלעפּט. זיי האָבן אָפּט אויסגעזען, די קעפּ, ווי גלאָבוסעס אויף דיקע געשטעלן. שווער זענען די עופעלעך אַרויס פון דער מוטערס טראַכט. אַ סך מוטערס, זענען ביים געבורט געשטאָרבן.

געווען אַ סברה: נישט קיין וואָלקנבברוכן הענגען איבער אַלעמענס קעפּ, נאָר דאָס ווינט גאָט. דאָס גיסן פון אים זיך טרערן. יאָרן האָבן זיי אין אים זיך אָנגעזאָפּט, געוואָרן פאַרגעלט, טערפּקע; געגליווערט אין די לאַנגע נעכט. איצט צעטריפן זיי זיך, גייען אויף. ער קאָן מער נישט. ער לאָזט זיי פון זיך אַרויס. עס גייט איבער. זיי וועלן גיסן זיך יאָרן. אַלץ וואָס אָטעמט, וועט פאַרגאָסן ווערן, בלייבן פון אונטן. אויבן וועלן, ווי צווייגן, אַרויסשטעקן זיך בלויז פינגער פון הענט.

אַ בהלה האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מען האָט מורא געהאַט איינצושלאָפן. יעדע רגע, פּלוצעם, קאָן עס געשען. קוימענס האָבן זיך איבערגעדרייט אויף דעכער, זענען אַראָפּגעפאַלן. טייל האָבן געבויט הייזער, הויכע, ווי פעסטונגען, איבער שפּיציקע בערג, וווּ עס רינט אַראָפּ פון די שיפּועים; געמאַכט פענצטער פון געשמידט גלאָז. אַנדערע — הויך איבערן וואַסער. זיי האָבן פון אונטן אונטערגע־לייגט האַלצשינעס, בריקלעך האָבן געפירט צו זיי; אויסגעהאַקט פענצטער איבער די דעכער — די זון זאָל אַריינשיינען פון אויבן. מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט נאָס; די לייבער — אויסגעווייקט ווי שמאַטעס. די אַרעסטאַנטן האָט מען אַרויסגע־לאָזט פון תפיסות. מען איז שוין אויך וויניק אַרויס פון די שטובן. אין די העמדער איז מען איצט געשטאַנען ביי די פענצטער. שוין פון לאַנג האָט געטראָפּעט אין די שויבן. וואָס אַ מאָל מער איז דאָס גלאָז געוואָרן פאַרצויגן מיט פייכטקייט. זי איז אויף זיי געלעגן דיק, ווי צוגעקלעפּט. אויף די העמדער האָבן דורכגעווייקטע זיך געקלעפּט צו די לייבער. זיי האָבן אויסגעזען, ווי אייבערשטע דיקע הויטן — אָן האָר וואָס פאַרשטעלן. מען ציטערט אין זיי. די פענצטער־ראַמען — אָנגעזירן. ווען מען האָט זיי צעעפנט, די פענצטער, אַרויסצוקוקן, האָט אין דרויסן אויסגעזען, ווי אין פאַרנאַכט. די וואָלקנס לאָזן זיך אַראָפּ. אויבן, אין דער ווייטנס, זענען זיי פאַרגאַנגען, ווי מענטשן, מאַסנווייז — נישט אומצוקערן זיך. זיי לאָזן איבער נאָך זיך קורצע שאָטנס. אַלע אין די שטובן זענען געלאָפן אַרויסקוקן מיט לאַרנעטעס. אויך די זקנים, וואָס זענען פון לאַנג שוין געווען געליימט, זענען געשטאַנען אויף די פיס און געגלאָצט. די רעגנס אין דרויסן האָבן איצט נישט גענידערט, ווי קרומע שנירלעך, באַזונדערע, וואָס שמייסן ווי ריטן, נאָר געפאַלן דיק פון הימל, ווי וואַסער־צונויפגאָסן, טייל מאָל — ווי האַגלדיקע זיילן. זיי לויפן, איילן, אין איינעם.

מיט אַ מאָל האָט מען זיך דערפילט, ווי פאַרמשפּטע, אויף וועלכע דער פּסק־דין ווערט אויסגעפירט. ער לאָזט זיך אַראָפּ. אַלץ ווערט פאַרווישט. שאָסייען און הייזער — ווי זיי וואָלטן געשווימען. זיי הייבן זיך, שטייגן, איבערן וואַסער. זיי ציטערן איבער די פונדאַמענטן, וועלכע ווילן זיי צוריקציען.

שוין עטלעכע טעג שטייט מען ביי די פענצטער — אַלע מאָל נענטער צום וואַסער, וואָס דערלאַנגט זיך. מען קאָן אַרויסשטעקן די הענט איבער די פענצטער־ברעטלעך; זיך בייגן און אָנרירן אונטן די דלאָניע אין דער נאַסקייט. אויבן דונערט און בליצט; שאַרפן — כסדר איבערן ראַנד. אויך קולות דערנענטערן זיך. די דונערן ברעכן די הימלען, ברעקלנדיק, ווי אַ דאַך וואָס לאָזט זיך אַראָפּ. אַלץ גיסט פון אים זיך אויס. עס קריצט ווי ציין — פון די זייטן. די בליצן — ווי פון גרויסע איי־געלעכצן, שוין אָן הייטלעך, וואָס האָבן פון זיי זיך אָפּגעשיילט; זיי פאַלן, לייכטן נאָענט אַריין אין די פאַרבאַרגנקייטן; דעקן אָפּ יעדעס ווינקעלע; טוען אויס פון די אָרעמס, פון די תפילות. איבערן גאַנצן פלאַך און אין די שטובן אונטן ווערט עס — פאַרשפּרייט, דאָס געלבלעכע ליכט. לבנות, צעגאָסענע, שפּיגלען זיך אומעטום אין וואַסער, טריפן אין שטיקער; פלאַצן אַלע מאָל אַרויס פון דאָס ניי.

שפּעטער האָט געגעבן אַ בליץ אויף, און מיט איין מאָל — שטיל איבערן גאַנצן ראַנד. פאַמעלעך האָט דאָס ליכט זיך פאַרשפּרייט, זיך געגאָסן. עס האָט אויפ־געהעלט, באַלויכטן די דנאָען, ווי אַלץ פון אונטן, אַלע טיפענישן, אַרויסגערופן. נישטאָ מער קיין אינעווייניקייטן, אין זיי זיך צו באַהאַלטן. זיי דערנענטערן זיך, אָפּגעדעקט. ער איז געבליבן הענגען, דער בליץ, ווי אַ גרויס מויל אָ צעעפנטס, וואָס קאָן מער זיך נישט פאַרמאַכן. אין יעדן ווינקל לייכט עס אַריין, דאָס ווייסע ליכט, ווי פון ביינאַכט. אַלץ אויף תמיד — איז בולט.

ווידער לויפן טעג און די לבנה בלייבט כסדר. זי האַלט זיך און נעמט אַלץ אַרום, ווי אַ צעוואַקסענער ליכט־באַלאָן מיט שטראַלן, וואָס ציען זיך פון אים ווי פינגער־זיילן — אין אַלע זייטן. אויך זיי זענען אין אים. זי קאָן, די לבנה, זיך קאָלערן ווי־ווייט מיט זיי אינעווייניק.

יעדן טאָג שרומפּט ער זיך איין, דער דרויסן. די ערד ווערט אָפּגעטאָן פון אונטער זייערע פיס. זיי ווערן איצט וואָס אַ מאָל ווייטער, די רעשטלעך, ווי אויף אַן אַנדער קיילעך.

די ביי די פענצטער, האָבן געפּרוווט שרייען, אויפרייסן די מיילער. ווי וועלף האָבן זיי געשטרעקט צינגער. דאָס לבנה־ליכט האָט זיך געגאָסן אין זייערע אויערן. זיי פאַרטויבט; דעם געהער — פאַרחתמעט. אויך אין די מיילער גיסט זיך. אַלץ

סקריפּעט. יעדע רגע ווערן זיי ווי דורכגענעצטע אינסטרומענטן, וואָס שפּילן בישט. אין די העמדער זענען זיי געלאָפן אויף די העכערע שטאָקן, נישט געהערט זייער געגיי; זיך געהויבן. טייל האָבן געבויערט רינעס אין די דילן; ווי לונאַטיקער זיך געדראַפּעט אויף די גלייכע ווענט; געוואָלט גרייכן צו די דעכער, די פלאַכע.

גאָר אויבן, אין דעם בלאָזנדיקן ווינט, האָבן זיי איצט אויסגעזען, ווי פּאַכנדיקע מיט ווייסע פענער, דורכגענעצטע, וואָס ראַטעווען זיך אויף אַ שיף. זיי און די העמדער פלאַטערן, ווי אַרויסגעהאַנגענע — צו געבן סימנים אין די ווייטקייטן. טייל, ציטערנדיקע, זענען אויף אַ ווײַלע אַראָפּ אין די אונטערשטע שטובן. ביז דער העלפט זענען זיי געגאַנגען אין וואַסער, געשאַרכט מיט די פיס. פון די צעעפנטע שענק האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט דורכגעווייקטע פוטערס. אויבן, אין די פוטערדיקע פעלן, האָבן זיי אויסגעזען, ווי אונטערערדישע באַשעפענישן מיט באָרוועסע פיס, אַרויס פון געמויזעכצן, געדיכטע. עס שטעקן פון זיי אַרויס לאַנגע, ווייסע פינגער; נאָס שווישטשערט אונטער זייער גאַנג.

אין איינעם אַ פאַרטאָג האָבן זיי אין דער געלקייט אַנטדעקט אַ גרויען שפּאַלט. ווי פּאַמעלעך האָט דער אַרום זיך איינגעבלאָסט, דער בליץ נעמט זיך לעשן, איינציִען. פון אַנטקעגן דרינגט דורך, וויקלט זיך אָפּ שאַרף — ווי אַן אינדזל. באַלד האָבן זיך אויסגעשיילט שפּיצן בערג. די שטייער ביי די פענצטער האָבן דורך די לאַרנעטעס געזען פרישע געוויקסן, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן ווי איבער נאַכט. פון אַלע זייטן האָבן זיי איצט זיך פאַרזאַמלט ביי די אָפענע גאַניקס, זיך געשטופּט קאָפּ איבער קאָפּ. אין דער וויגעניש האָט זיי געדאַכט, אַז זיי שווימען מיט די הייזער; די ווענט בייגן זיך. אין דער אויסגעפּיקטער לויטערקייט האָט זיך אויך דורכגעריסן די פאַרשטאָפּונג פון זייערע מיילער, פון די אויערן; אַ געזאַנג האָט זיך גענומען דורכברעכן, איז אויפגעאַנגען פון זיי — ווי מיט אַ מאָל. באַלד איז עס געוואָרן אַ געבעט. עס איז געפלאָסן פאַרשטאַרקט. פון אַלע זייטן האָבן די קולות זיך צוזאַמענגעגאָסן. די מענטשן זענען איצט, מיט אויפגעריסענע אויגן און היטלען אין די הענט, זיך פאַרגאַנגען. זיי האָבן געוואָלט אַריין אין דעם אַרויס־רייסנדיקן זיך פון זיי ניגון, זיך וואַרפן אין אים. זיי זענען מיט די הייזער געשווומען וואָס ווייטער, ווי צו אַ ציל, און דאָס געזאַנג האָט זיך געהויבן. פון די גאַניקס האָבן זיי געוואָרפן היטלען אין וואַסער — אויך שטיקער מלבושים. אין דעם אַרום וואָס האָט זיך איינגעשטילט, זענען גוטע שווימער, נאַקעטע, געשפּרונגען פון די הייכן. זיי האָבן זיך געוואָרפן מיט די הענט פאָרויס, מיט די קעפּ אַרויף, און די גופים — געשטרעקט. מיט די איברים — געוויאַסלעוועט צו די בערג צו. פון די

הייזער האָט מען נאָכגעשריגן; לעכערנדיקע אין דער לופט געוואָלדן. די מענער האָבן געטראָגן אויף זיך, אויף זייערע פּלייצעס, פרויען און קינדער, אויך זקנים. אַלע — מיט די הענט פאַרלייגט אַרום די אַקסלען אונטער זיך. די געטראָגענע זענען געלעגן, ווי שטייגנדיקע פּיראַמידעס איינער אויפן אַנדערן — אַלע מאָל דינער אַרויף. צוליב דעם אומאויפהערלעכן געגאַס, האָט מען נישט געקאָנט עפענען די מיילער. אויך די אויגן — פאַרקלעפּט. די אַרויסגעוואַקסענע, ביי די שווימער, פון פייכטקייט, בערד, זענען וואָס אַ מאָל געוואָרן לענגער; דיק און פעט — די האָר. זיי האָבן אונטער די מענטשן זיך געשפּרייט ווי אונטערגעלייגטע אויפן וואַסער, מאַטראַצן. זיי זענען געווען באַהאַנגען, די בערד, מיט אומצאָליקע טראָפּנס, גלאַנ־ציקע. אויך פון די פּנימער האָט געקאַפּיעט; שווייס איז גערונען אין די וואַסערן. עס האָט אַרויפגעזעצט אויבן, ווי אַ פּאַרע. פון זייערע נאָזפּליגל האָט געזעצט, ווי פון קליינע קוימענדלעך, איבערגעדרייטע. די געטראָגענע אויף די פּלייצעס זענען געוואָרן צוגעקלעפּט. די אונטערשטע שווימער האָבן אויסגעזען, ווי מענער וואָס זענען געשפּרייטע בוֹעל אונטער זיך דאָס וואַסער. עס איז געווען אַ מורא, אַז שפּעטער קאָנען נאָך אַרויסקומען וואַסער־מענטשן, צי וואַסער־מיידלעך מיט אונ־טערשטע עקן פון פיש. קיין געוואָלדן פון ווייט האָבן מער זיך נישט נאָכגעבולבעט אין וואַסער, נישט געמאַכט עס איבערגיין די האַלבע אויערן. בלויז די גאָמבעס האָבן זיך געטונקען, געשטעקט אינעווייניק. פון די נעז האָט כסדר געבלעזלט, אָפּגעטריבן די כוואַליעלעך; געמאַכט גריבלעך, געקילטע. די וואַסערן, כאָטש פעטלעך, זענען איצט פוןביידע זייטן, ווי ראַוועס, געלאָפן אין לענגלעכע שטראָמען; ווי געשיקטע אין אַ שליחות. עס האָבן אויף זיי זיך מיטגעדרייט שטרויען, פּאַפּיר, אַן אויפגע־בלאָזן קלייד, און דורכגעווייקטע שפּענדלעך. פאַרויס איז געשווומען אַ קלאָץ. אַ ליידיק מעבל־שטיק האָט זיך געשיפּט אַרויף און אַראָפּ. אַ געשטאַלט פון אַ מענטש, איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצער קאָלדרע, איז איינער אַליין אויף אַ ברעט — ווי געשטאַנען. אַלץ פאַרהוילן. בלויז די אויגן אין דער האַלב־קיילעכיקער לעכערדי־קייט — גלאָזיק־פאַרגלייזט. נאָך שווערע שטיקער וואָס הוידלען זיך. פון די אונטערגעטונקענע, אין דער ווייטנס, ברעגעס, שפּיגלען זיך אין דער וואַסער־לענג — הויכע הייזער, איבערגעדרייטע. זייערע שטאָקן — אין דער טיפקייט; די פונדאַמענטן — פאַרהוילן, אַן דנאָען. זיי זענען אַראָפּגעלאָזט — ווי שוין אונטער־געשניטן זייערע פיס. אין דעם ברעג־געשאַרווער, אויף ווי־לאַנג, דערקענט מען נישט ווו עס זענען געשטאַנען גאַסן. די אַספאַלט־שאָסייען זענען אָפּגעשווומען. אַרום, אויפן וואַסער־אייבערפלאַך, שטעקן אויך אַרויס צווייגן — גרינע און געלע. די בלעטער — באַהאַנגענע, ווי מיט פּירות — מיט דורכגעלויכטענע טראָפּנס. דאָס

וואַסער שפּילט זיך מיט זיי. מען ווייסט נישט, צי זיי, די צווייגן, שווימען אַזוי רונדיק אַרום זיך, זיי זענען אָפּגעבראָכן, אונטערגעהאַקט, אָדער — זענען זיי צובאַהאַפטן צו דיביימער, נאָר זיי האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט מיט די וואָרצלען. זיי טונקען זיך לאַנגע, ווי מענטשן וועלכע מען האַלט אונטן ביי דער טשופּרינע — די פּיס אין דער לופטן. און אפשר גאָר, שטעקן זיי, די ביימער, טיף אין גרונט; זיי זענען פאַרזעצט, שטייען אינעווייניק אויף זייערע פּיס; שאָקלען זיך און קאָנען זיך נישט אָפּרייסן. אויבן, אַרום זיי, קרייזט דאָס וואַסער — פאַמעלעך, ווי מיט אָפענע מיילעכלעך — אין אַ געפרעפל. ערשט גאָר ווייט ווערט עס אויסגעגלייכט, גלאַטיק, ווי אַ טיש. פון יענער זייט, צעוואָרפן איבערן וואַסער, זען זיך אַרויס אַלטע מויערן, ווי פון באַפּעסטיקטע שטעט, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. דער גאַנצער אינעווייניק איז איינגעטיפט, נאָר זיי אַליין זענען נאָך פון אויבן. פון די פיר זייטן גייט כסדר איבער ברויזיק דער געגאָס. אַרום די אַרויסזעענדיקע מויערן ציען זיך, עלאַסטיש, ווי לאַנגע ווייזערס — זיך באַוועגנדיקע קלעצער, וואָס ווילן זיך באַהאַלטן. טייל פון די שווימענדיקע, שוין אָן די פּיראַמידעס אויף זיך, האָט געצויגן זיך אַראָפּצולאָזן אויף אונטן מיט די פּיס, זיי שטרעקן, אָנרירן מיט די פינגער די זומפּיקייט; זיי פאַרזעצן — שטייענדיק אויף די שפּיצן, אין דעם גרונט. עס האָט געדאַכט, אַז זיי ווילן ביז איבערן האַלדז זיין פאַרוויקלט מיטן וואַסער; אויבן וועט זיך בלעזלען אַרום זייערע גופים. זיי וועלן אַרויסשטרעקן די קעפּ. ווען זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, האָבן זיי דערפילט, ווי די אויערן־לעפלעך טונקען זיך טיפער; שטייענדיק, שווימען זיי אין דער לופט; עס פּליסט זיי אין די מיילער. אויך די נאָזלעכער פילן זיך אָן מיטן גרינעם וואַסער; זיי שמעקן עס אין זיך מיט טריפנדיקער געזאַלצנקייט; די גיסנדיקייט רייסט זיי אויף דעם האַלדז; זיי שלינגען אַראָפּ. עס עסט זיך איין אויך אין די אויגן. אַלץ אינעווייניק איז צעעפנט — אָט צום אויסברעכן. דער ברוסט־קאַסטן הייבט זיך; צום אויבן טאַפּן זיך די פינגער.

די אָנקומענדיקע האָבן שפּעטער אויפן באַרגשפּיץ דערזען באַוואַקסענע ברואים, ווי מענטשן־מאַלפּעס. אַרום זייערע פּיס קריכן ווייסע געשטאַלטן, קליינע. אַלע קוקן זיי, ווי אַרויפגעראַטעוועטע, אין דעם אַנטקעגן. ער דערנענטערט און דער־ווייטערט זיך. אַלץ בוקט זיך דאָרט אין וואַסער, און ציט זיך צוריק. די שווימענדיקע הייזער, וואָס שטייען אויף איין אָרט, זענען ווי אָן הענט־און פּיס־סטאָפּעס, נאָר בלויז מיט אַ פּנים און אַרויסגעזעצטע אויגן. זיי שפּיגלען זיך, בלינדע, ווי אין מעטאַלענע, זיך בייגנדיקע, פליסיקייטן; געבויגן, קניען זיי. דאָ און דאָרט שפּרינגען נאָך געשטאַלטן, ווי אויסגעשפּיגענע פון מיילער — פון קרומע פענצטער־אָפענקייטן.

זיי האָבן געוווּסט, די אויבן אויף די שפּיצן, אַז דאָרט פֿאַרגייען איצט די לעצטע נאָענטע זייערע. זיי נידערן אַלע אין די אָפּגרונטן. אויף ווי־ווייט אַרום קאָכט ער, דער ים, ווי אַ קעסל; ער זידט, פֿאַרצוקט אַלץ. גאָר ווייט איז ער שטיל, ווי אײַנגע־דרימלט, אַלץ פֿאַרדייעט. אויף זײַן הויט קווען דאָרט גלאַנציקע שופּן; צו מאָל איז ער, ווי פֿאַרלייגט אויף זיך מיט פליסנדיקע וואַסער־שינדעלעך; זיי שווימען גלאַנציק — ריי נאָך ריי; כסדר טויכן אויף רעדלעך, ווי פיש וואָלטן אַרויסגעעפֿנט זייערע מײַלער — צי נאָכן גייענדיקן רעגן, צי גאָר זענען זיי גרייט צו זײַן קברים: אָנגעפּילטע, ווי איבערגעצויגענע בייטלען, וועלן זיי באַלד אַראָפּ אין די אָפּגרונטן.

די אַרויפגעקלעטערטע האָבן געזען, אַז די וואַסערן אַרום זיי שטײַגן; פֿון אַלע זײַטן קומען זיי זיך צוזאַמען, הייבן זיך צו די בערג; לויפֿן אַרום זיי, ווילן זיי פֿאַרדעקן, זיך איבערציִען און אויסגלײַכן זיך אויבן. דאָ און דאָרט, אַרום, זעען זיך נאָך אַרויס שפּיצן איבערן וואַסער, ווי קליינע ים־אינדזלעך, אויף וועלכע עס איז פֿאַרזעצט אַ הויכער בוים. מיט די דלאָניעס האָבן זיי זיך געריסן איבער די שפּיצןביימער. פֿון אויבן האָבן זיי געזען, ווי דאָס וואַסער, מיטן קאָפּ אויף אונטן, קומט זיי נאָך. זיי זענען אַרויף אויף די צווייגן — אײדער דאָס וואַסער גרייכט זיי. זיי האָבן געוואָלט זיך דערמאָנען אין די היימען און משפחות, וואָס דאָס וואַסער האָט זיי פֿאַרשלעפּט אין מיטן די ימים. זיי זענען אַזוי ווייט. פֿון שאַרעווען, זענען טייל אײַנגעשלאָפֿן — מיט די פיס אַראָפּ פֿון די צווייגן. אין דרימל האָבן זיך געוויזן פֿאַר זיי, ווי אויף אַן אינעווייניקסטן פילם, בולט, אומצאָליקע פּרטים פֿון זייער יוגנט — קלייניקייטן וועלכע זענען שוין פֿון לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן. זיי האָבן איצט זיך אויפגעמישט, ווי אונטער אַ דיק גלאָז — גרעסער ווי אין קאָפּ. אַנדערע האָבן געציטערט פֿאַר קעלט. זיי האָבן זיך אַרומגעוויקלט מיט די צווייגן און בלעטער. קינדער האָבן זיך געשפּילט, געטאַנצט אַראָפּ און אַרויף, זיך געדרייט אַרום די ביימער, געריסן אויבן ניס; זיי געקנאַקט צווישן די ציינדלעך. פֿאַרנאַכט האָבן אַלע זיך געלאָזט אײַנוויגן פֿון דער צופֿאַלנדיקער פֿינצטערניש. זיי האָבן מורא געקריגן, זיי וועלן אין דער שוואַרצקייט פֿאַרטרינקען ווערן.

עס זענען דאָ אויך געווען טייל פֿון די זקנים — געטראָגענע אויף הענט, ווי קינדער. די פּלייצעס — ברייט; קייַלעכדיק־געבויגן ווי בערג, משופּעדיקע, וואָס רוקן זיך אַוועק. די איברים זייערע — שוין פֿון לאַנג אַן מאַכט, לויז. איצט האָט דער כּוח מיט אַ מאָל צו זיי צוריקגעקערט. זיי זענען געלאָפֿן אויף יונגע, אַדערדיק־געקנוילטע פיס, פֿאַרשטייניקטע. אויך דער זכרון ביי זיי — ווידער אָנגעשפּיצט.

פאַרגעסנקייטן, ווי פון אונטער טיפע שיכטן, שוין לאַנג פאַרשיטע — פריש. דער־מאָנט האָבן זיי זיך, אַז ווען זיי זענען געווען קינדער, האָבן זיי געהערט פון זיידעס און עלטער־זיידעס, און יענע — פון די פריערדיקע דורות, אַז אַ מאָל, אין די אורצייטן, האָט די ערד דאָ באַווינט אַ פאָלק, וואָס האָט אים פאַראייניקט, דעם אונטן מיט דעם אויבן, אַראָפּגעריסן די הימלען, געפּילט אויף זיך גאָטס אויג פון אָנהייב ביזן סוף יאָר; געגאַנגען זענען זיי ווי עדות; געוואָלט איינפירן איין הערשאַפט אומעטום. די אַרומיקע איינוווינער האָבן אָבער נישט געקאָנט זיין אָפּגע־דעקט; עס לייכט אין די אויגן. זיי האָבן זיי פאַרשטעלט מיט די הענט. מיט יאָרן צוריק האָט מען געקלונגען מיט גלאָקן, גערופן די תּושבים אויפצושטיין. דאָס געוויין פון די קינדער האָט קיינער נישט פאַרנומען, ווען מען האָט זיי אַלע אָפּגערייניקט פון דער ערד. בלויז די גרונטפעסטיקייטן האָבן עס איינגעזאַפּט. אַלץ אויבן געבליבן איז צוגעדעקט, פאַרטרוקנט.

געמיינט האָבן איצט די זקנים, אַז נישט געוואָרן איינגעדאַרט איז זי, די ערד, בלויז אויבן פאַרצויגן מיט אַ הייטל. טיף אונטן, אין די שיכטן, האָט די נאַסקייט כסדר געעיוירט, אַלץ דורכגעזאַפּט. נישט געשפּירט האָט מען; זיי באַווינט, די אויבערפלאַכן. איצט צעפאַלן זיך אַלע פונדאַמענטן. מיר נידערן מיט זיי.

וואָס אַ מאָל איז איצט אויף די צווייגן געוואָרן ענגער — אַ געדיכטעניש. פייגל פון די אַרומען זענען זיך אָנגעפלויגן, באַזעצט די צווייגן; עופות פון אַלע קאָלירן און דזשאַביקעס — אויסגעדאַרט, די פעדערן נאַס און אויסגעקראַכן. אויך בעסטן גאָר הויך, געדיכט; נאַקעטע שוועלבעלעך, וואָס קאָנען נאָך נישט פליען. אין דער געדיכטקייט, ווייסט מען נישט וועלכע עס איז די מאַמע. צוליב דער ענגשאַפט און עת צרה — אַנטלויפן זיי נישט. אַלע צוזאַמען באַדעקן זיי זיך און עסן די בלעטער. גאַנצע נעכט זינגען זיי, קוויטשנדיק, די פייגל. צוליב מידקייט און שווערקייט אין די פליגל — קאָנען זיי זיי נישט הייבן. מענטשן געדענקען: צו ערשט האָבן זיי נאָך איינגעשניטן, די לופט, די פליגל; באַדעקט די הימלען; געפלויגן יעדער פאַר זיך, באַזונדער. צו זוכן משפּחות; שוואַרץ געמאַכט איבער די קעפּ, ווי אַראָפּגעלאָזט וואָלטן זיך פלאַכטעס פון אויבן. איצט האָבן זיי מיט די פיסלעך — פון די צווייגן זיך נישט גערירט. ווען נישט זייער הייזעריקלעך געזאַנג, וואָלט מען נישט געוווּסט, אַז זיי קנוילן זיך צווישן די בלעטער. צו מאָל האָט אַ צווייג זיך איינגעבראָכן; מיט אַ געזעץ, צוזאַמען מיט זיי, אַראָפּגעפאַלן שווער. פון דער ערד האָבן פייגל, מיט אַ געקוויטש, מיט אַ מאָל, זיך געהויבן. אין די נעכט האָבן פון אויבן זיך געטראָגן קולות. אין דער נידער, אונטן, האָבן קעץ און אַנדערע חיות, פאַרדעקט די נאַסע

גראָז; אויסגעדאַרטע, האָבן אין דער פּינצטער געבלאַשקעט זייערע אויגן. זיי האָבן געלויערט אין פאַרשטעקכצן. אין די אינדערפריען, אין דער אויפגעגאַנגענער ליכטיקייט, איז דער אינדזל, אין זיין גאַנצער לענג, געווען געשפּרייט, ווי מיט געפלעקט־וואָסערדיקע טעפּיכער. נאָקעטע צי צאַפּלענדיקע, שוועלבעלעך האָבן מיט זיך אָנגעפילט די שטחים. אויך גרויסע טויטע עופות און פייגל מיט פאַרגלייזטע אויגן און אויסגעפּליקטע שמאָל־לאַנגע העלדזלעך, האָבן אויף ווי־ווייט אַרויס־געסטאַרטשעט. די קעץ, אין גאַנצע מענגעס, זענען, ווי וואַנזיניקע, אַרומגעלאָפן, מיט פעדערן און גופימלעך — פאַרשטשערעטע צווישן די, ווי חלפימלעך, ציין. אין ווינקלען האָבן זיי, אַרויפשטעלנדיק אַ פּיסל אויף די נאָך וואַרעמע צעפּליקטע לייבלעך — פאָמעלעך זיי אַריינגעגריזשעט. אויך די מענטשן, וואָס זענען פון מאָל צו מאָל אַראָפּ אויף דער צעווייקטער ערד, זענען געטראָטן אין אויסגעשפּרייטע רויט־העלע קאַלוזשעלעך, געשפּרייזט אויף האַלב־פאַרצוקטע איברימלעך. מיט די פּיס האָבן זיי איבער זיי געטאָפּט.

געווען אַ סברה, אַז דאָס דראָפּן זיך גאַנצע נעכט די קעץ שטיל אַרויף אויף דיביימער־שטאַמען, זיי קלעטערן ווייך — לויטן געהער, צו די זינגנדיקע קולות, וואָס גרייכן; זיי באַלעקן זיך שוין פון דער זאַפטיקייט אויבן. זייערע סאַמעטנדיקע פּיסלעך ווערן צוגעצויגן און זיי פאַרלייגן זיי איבער די נעסטן, אָדער פליגל. אָפט מאָל פאַלן זיי אַליין אַראָפּ, די דרימלענדיקע פייגל, און צעקאַלעטשעטע, נעמט זיי אַרום די פאַרבלענדונג. זיי קאָנען נישט אַנטלויפן.

נאָך דעם האָבן די ביימער ביז אין דער העלפט געצומען שטעקן אין וואַסער; נישט געווען מער קיין אָרט צו רירן זיך, וווהין זיך אויפצוהייבן. אויך די פיס שטעקן שוין אַראָפּ אין ים. מען מוז אַרויפהייבן די הענט זיך אָנצוהאַלטן. זיי האָבן געוווסט, אַז מען מוז זיך אונטערגעבן; אַלע מוזן זיי, פאַרגיין, ווערן אָפּגעמעקט, צוזאַמען מיט אַלץ וואָס ווידמעט אַרום. נאָך אַ ביסל, וועט זיך איינשטילן; ווי די גראָזן וועלן זיי אַראָפּ, ווערן פאַרפלייצט מיטן וואָסער. אַזוי איז די גזירה.

דאָס וואָסער האָט איצט שנעל זיך געהויבן; צוגעדעקט די נעסטן; אויסגע־שווענקט זיי; דערגרייכט די העלדזער. דער אָנגעכלאַי האָט אויפגעשפּאַרט די מיילער, אַריינגעפלאָסן — נישט צו פאַרדייען.

אין משך פון טאָג האָט ער זיך אַריבערגעהויבן, דער מבול; זיך אויסגעגלייכט איבער אַלץ. טיף אונטן זענען געבליבן די בערג־שפּיצן. דאָס וואָסער איז אַריבער די ביימער־קרוינען, די געוויקסן, קעפּ. אַלץ האָט זיך געטונקען. די זשאַלוזעס פון אויבן — צערוקט, נישט געווען וואָס זאָל איינהאַלטן דעם כליאָפּ; פאַרשטאָפּן זי,

די גיסעניש. ער העכערט זיך, דער וואַסער־פּלאַך, ציט אַרויף צו די וואָלקענעס. קיין מאָל וועט שוין נישט אויפהערן. וואַסער־זיילן לאָזן זיך אַראָפּ, שטעלן זיך. יעדער טראָפּן איז ווי אַ קאָפּ. אַלץ פאַרזעצט זיך מיט כּוח. אויך פון אונטן, פון צעעפנטע תהומען, זעט אויס, פליסט כסדר; גאַנצע שיכטן הייבן זיי אונטער, די אייבערשטע וואַסערן; שטופּן זיי אַרויף ווי מיט אַ ריזיקער וואַסער־פּלייצע. די טויזנטער עראָפּלאַנען, ווי זיי וואָלטן איצט געפלויגן גאָר נידעריק, האַרט איבערן וואַסער; איילן, שנעל אַנצוקומען. אַלץ דרייט זיך אין אַ קאַראַהאָד — מיט אַ ברום פון אַלע ווייטקייטן. עס דעקט זיך, לויפט אַוועק ווי ווינטן, און קומט צוריק. כסדר ווערן אויפגעוואָרפן קערפּערס — מיט גרימאַסעס אויפן פּנים; די מיילער — בולבן אַרויס, אַפּט ווי עמעצער וואָלט מיט אַ האַנט פאַרשטעלט זייער לעצטן אויפגעשריי. בייכער — אַנגעפּלוישט, ווי שוואַנגער. עס שווימט אַן אַ זקן — איין אויג פאַרטרערט. ווי אַ ליכט־לעכל אַרום אַ קנייטל — איז עס איבערפילט מיט טריפנדי־קער פליסיקייט, הייסער. איבער דעם, ווי אַ בלאַס פלעמל — זיין שמאָלער קאָפּ; ער לעשט זיך. אַ ביסל ווייטער, ליגנדיק — אַ גוף ווי אַ שווערע סטאַטוע. פון אַלע עפענונגען רינט פון אים אָפּ — טראָפּן נאָך טראָפּן. דאָס וואַסער טראָגט אַ פרוי, אַ שוואַנגעריקע. איר בויך אַרויס, בולט ווי אַ קישן. ערגעץ דרייט דאָס וואַסער גיך אַ גופל פון אַ קינד — מיט איין בעקל אַרויף. אַרום איז ער פול, דער ים, מיט שווימענדיקע פייגל — אַ טייל פאַרזעצט אין מעטאַלענעם שפּיגל — מיט די פיסלעך; דאָס פעדערדיק־צעווייקטע גופל — אויבן. דאָס קעפּל — געבויגן אינעווייניק. איצט שווימען זיי איבער דעם געשטראָם, געשפּרייט ווי נאָסע בינטלעך פעדערן, אַנגעהויפטע. דערנעבן איבערגעדרייטע בייכלעך פון קעצלעך מיט קעפּ צעגריזשעטע. קורצע פיסלעך פאַרלייגט אויבן. דאָס וואַסער דרייט פּלוצעם אַ גרויסע חיה, אַן אויפגעשוואָלענע, ווי אַ לייב; אירע ברוינע האָר — קלעפּיק, אַן דער אויפגעשטעלטקייט פון יעדע באַזונדער; דער קאָפּ מיט די ציין — פאַרשטשי־רעט; די באַקן — פאַרקוועטשט ווי אין מיטן לאַכן. זי שווימט צווישן די פייגל — מיט די פיס, אומגעלומפּערטע; זיי ציען אַראָפּ. אויך טויטערהייט וואַרפט זי אַן אַן איינגעהאַלטנקייט אויפן וואַסער. עס רוקט שטיל זיך אַוועק, שווימט וואַס ווייטער פון דער גרין־בלאַנקענדיקער איינגעשטייפטקייט. אַלץ אַרום פאַרשוועכט. ער אַליין, דער ים, נעמט איצט אויף זיך אַן גאַטס געשטאַלט. אין זיין געשווים, מיט דעם שטורעם, רופט ער וועגן דעם אויס.

שוין יאָרן ווי ער גייט אַזוי, דער רעגן — ער הערט נישט אויף. גאָר נישט, אַ חוצן וואַסער, אַטעמט מער. זיי שוויצן, די טראָפּנס, ווי צעעפנטע. צו מאָל הייבט

זיך איבערן פלאַך, ווי אַ קופּאָל, אַ פּאָרע וואָס צעשפּרייט זיך. זי הענגט אַזוי, נישט צעדריוולט, איבער די וואַסערן. עס איז זומער אוןווינטער. ווי שיכטן, לייגן זיי זיך איינער איבערן אַנדערן. צו מאָל, אין די פּאַרנאַכטן, זענען די וואַסערן לווילעך; זיי שניידן פון קעלט אין די פּאַרטאָגן. אויך אין די טיפעניש גייט דורך אַ ציטער. אויבן טראָגט זיך אַ וואַרעמקייט. אַ מאָל — פּאַרקערט. אין די ווינטערס, גליווערט פון אויבן אַ הייטל, ווי אַ שויב איבער אַן אַקוואַריום — אַריינצוקוקן. טייל מאָל פּאַרנעמט זיך אַ ווייס פרעסטל, שאַרסטקע אַרויסגעהויבן. נישטאָ קיין פּיס וואָס זאָל זי אויסשלייפן, די איינגעסטאַיטקייט. אויך די נעכט זענען ווייסע. ער ציט זיך לאַנג, דער ווינטער. אין די ווייטקייטן — איינגעגליווערטע שיפן. אויך דער סדר פון די צייטן איז אויסגעמישט. אָט אין מיטן — אַ האַרבסט. ווי פּלוצעם, עס וואָלט נישט געווען קיין באַלעבאָס, וואַרפן זיך אויף די וואַסערן; יעדער טייל — אַרויס פון געשפּאַן; בידערט אין די תהומים און הייבט זיך בערגיק אַליין. עס מישן זיך אָפּגעריסן, נישט געצוימט, שטראָמען. קאָלירן טויכן אויף ביז אויבן. ווייסע שוימען קאָכן זיך. אָט מישן זיך אויף פון אונטן שוואַרצע, ווי טינט, כוואַליעס. אַ גרויסער לעפל הייבט אַרויס אַ צונטער רויטקייט, ווי פון צעלאָזטע לצים, צי פון בלוט, וואָס נעמט שטראָמען פון די גרונט־געמויזעכצן. זיי לויפן אויף, באַזונדער, די קאָלירן — אַרויף און אַראָפּ. אָט זענען זיי געזעצט, ווי שוואַרצע מאַרמאָר־שיכטן, און אָט גאָר ווייס, ווי געזעצטע מילך. עס פּייפט אויסגעצויגן, ווי אַריבער צום תוהו ובוהו וואָס גייט אויף ווידער; וויל זיך מיט אים באַהעפטן — אַרויס פון די גרענעצן, פּאַראייניקן דעם אויבן מיטן אונטן. פּלוצעם, טעג ווען אַלץ שטילט זיך איין. ער גליווערט אין מיטן, ווי אויף אַ באַפעל, דער ים, ביז אַראָפּ אין די דנאָען. צו מאָל ווערט ער ווי גרוי דורכזעאיק גלאָז — דיקס. אַלץ איינגעהאַלטן, קאָנסט אַריינקוקן. עס זעט זיך ביז די אינעווייניקייטן. די פּאַרגליווערטע אין דער מיט מענטשן צי גראָזן — זענען לאַנגע איינגעשטייפטע ראָצן. אָט טריפט ער ווידער, דער רעגן, לייכט מיט איינצלנע טראָפּנס. עס צעגייען זיך איבערן וואַסער, ווי בויגנס, רעדלעך אין רעדלעך. מיט אַ מאָל נעמט ער זיך הייבן, דער ים, מיט זיין ווייסער שוים, ווי ער וואָלט געוועלט, איבערגעלאָפּן. באַלד וועלן זיי, די וואַסערן, גרייכן, אַנרירן די הימלען. גאַרנישט וועט מער זיין צווישןביידע. פון ערגעץ אין דער זייט גיט אַ קום אַ ליכט און רייסט זיך אַריין, שיידט פונאַנדער. עס פּאַרלייגן זיך אין צווישן זונשטראַלן, קורצע, ווי אָפּגעהאַקטע זיילן — געשפּרייטע ווי אין אַ געבוי. אַ מאָל שטעלן זיי זיך איבערן וואַסער, ווי דיק־געשניצטע פּיס, קורצע. זיי צעפליסן זיך, די שטראַלן, רויט. אָט קנוילן זיי זיך קיילעכיק, ווי צעלויכטענע באַלעמס פּאַר קינדער־פּיס, פּאַרהוילענע. און אַ מאָל, גאָר אין די פּאַרנאַכטן, ווערן זיי פּלוצעם צו קורצע

יאַרצייט־פּלעמלעך, וואָס שטעקן טיף אין וואַסער. באַלד וועלן זיי פאַרקאַפּטשן שוואַרץ, ווי קוימענס קורצע, די הימלען. דערווייל שפּיגלען זיי זיך קרום — אינע־ווייניק אין די כוואַליעס וואָס פאַרגיסן זיי. אין דעם טריפנדיקן אָוונט־רעגן, וואָס גייט, זעען זיי אויס, די פלעמלעך, אויבן, ווי קורצע יידן־בערדלעך, אַרויס פון אונטער די ערדן. אין ווייטערדיקע טעג מערקן זיך פלוצעם אומצאָליקע פרישע גופים, וואָס שווימען מילד איבערן וואַסער. אין זייער פאַרהאַרטעוועטקייט זען טייל אויס, ווי גומי־געשטאַלטן, וואָס קאָנען מער נישט אַראָפּפאַלן. אַנדערע, אָן לייב אויף זיך, שווימען אויסגעצויגן, ווי פיש־סקעלעטן. שיפן, וואָס דער געדיכטער שטראָם האָט זיי אַראָפּגעשטופּט אין תהום, טויכן אויף, דרייען זיך ווי נאַסע פּאַפּירן, אַרויפדערלאַנגטע; וויגן זיך, ווי קינדער־שיפלעך אין אַן אומענדלעך פלאַך וואַ־סערל. דאָ און דאָרט הייבן זיך אַרויס געשלענגלטע וואַסער־בערגלעך, ווי קברים, אַנגעדראָלענע. דאָס זענען פיש, איבערגעצויגן שליימיק, וואָס האָבן זיך פאַרמערט. נידעריק, אין די גראָזיקע געמויזעכצן, ווו אַלץ זינקט גרין, ווימלען זיי, און פון צייט צו צייט ווערן זיי אַרומגעכאַפּט פון אַ בענקשאַפט נאָכן פעסטן באַריר פון יבשה. זיי שטעקן זיך אַרויס, גייען אויף פון די טיפקייטן, ווי געדיכטע כמאַרעס, ציען אין די מרחקים. נישטאָ מער קיין ברעגעס. זיי איילן שנעל, מיט דער בענק־שאַפט, און — ווייסן נישט נאָך וואָס. איצט יאָגן זיי זיך נאָך אַ בעליק, וואָס שווימט, ווי אַן איבערבלייבעניש — צו אַ פאַרהוילענעם ציל. זיי ווילן אין אים זיך אַנשטויסן מיטן קאָפּ, מיט דער גוף־זייטיקייט. די גליטשיקייט האָט פון לאַנג זיי אַרומגענומען, ווי אַ הויט — די גופים און די קעפּ; פאַרגלייזט זייערע אויגן. זיי שווימען־נאָך, זאַטע, אָן אַ ליידיקייט אין זיך. שוין אויך אָן בענקשאַפטן. פוילע לאָזן זיי אַרויס פון די נאָזלעכער, די וואַסער־רעדלעך. זיי שווימען אין זיי, פאַרטעמפּטע. דער קאָפּ אָנגעפּלוישט מיט פעטסקייט. אַזוי — צייטן. אויך ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ, דערגרייכט זי, די זון, די וואַסער־טיפקייטן. אירע שטראַלן שלאָגן און פאַרבלענדן די קעפּ. פון לאַנג האָבן זיי פאַרגעסן אַז פיש זענען באַדראָט; הונגעריקע און גרעסערע קאָנען זיי איינשלינגען. זיי שווימען זיכער אויך אויסער די ווימלענישן — דער ים איז גרויס און ברייט און אומעטום. זיי דרייען זיך האַלב־איינגעדרימלטע. די וואַסערן ציטערן איצט מער נישט אויף. זיי וויגן זיך בלויז אין די אייבערפלאַכן, ווי געשפּרייטע פאַנגנעצן. שוין יאָרן — אין זייער מויל אַ ביטערניש, ווי פון צעגאַנגענעם סם.

נאָר פון צייט צו צייט, ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ דער רעגן, דער געגאָס פאַר־שטאַרקט זיך, קומען זיי אַרויף און שטעקן אונטער די מיילער. עס נידערט אין זיי. זיי הייבן זיך — באַהאַפּטן צו ווערן צום אויבן; ווערן שיכור און דורכגע־

לייטערט פון דער שפע וואָס געדענקט זיי. אויף ס'ניי דערפילן זיי די געהוילעניש אין זיך; עס באַפאַלט זיי אַ יונגע לויזקייט, און פאַרכליניעטע, אין דערוואַרטעניש אויף אַ יענער זייט, ווילן זיי זיך אַפרייסן און מתפלל זיין. עס דאַכט זיי, אַז עמעצער שטייט אין די וואָלקנס איבער זיי, מיט אַ גרויסער ווענטקע און גרייט זיך פאַנגען. זיין נעץ איז אָבער צעדריוולט, די רעגנס זענען אירע לאַנגע צויטנס, וואָס הענגען אַראָפּ ביז טיף אין די וואַסערן. אַלץ פאַלט שווער און ער האַלט זי, די ווענטקע. קיין מאָל וועלן זיי נישט קומען אין איר. די אַנגעכלאַיעטקייט פאַרמישט זיי דעם קאָפּ; זיי קניען האַפענונגסלאָז ביז די טיפענישן און בענקען צוריק; שווערע פאַלן זיי אין דער נידער.

דאָס איז געווען שוין אין די ווייטע צייטן, ווען עס האָט ווידער אַ מאָל ווי אויפגעשיינט די זון: אין דעם ענגן פלאַך אויבן, צווישן נעפּל און וואַסער, וואָס האָט כסדר אים איינגעצויגן, דעם אינצווישן — האָט פלוצעם ווידער זיך באַוויזן אַ שמאַלער ליכט־שאַרף, וואָס האָט פאַרבלענדט. עס איז געווען ברייט און דיק, דאָס ליכט, ווי פאַרחתמעט, איינגעזאַמלט, ביז איצט; אַנגעברייט אויבן, ווי אין אַ פאַרמאַכטער שאַצקאַמער, אַ זייטיקער. נישט אַנדערש, נאָר די ווענט־פאַרהוילעניש אַרום האָבן אַדורכגעווייקטע, אָדער דורכגעגליטע — ווי אַ שאָל זיך אָפּגעוויקלט; לויז זענען זיי אַראָפּגעפאַלן. דאָס ליכט — רוי, נאַקעט־צעגלאַנצט, צעבריט אַרום — ביז די סטאָפּעס. דער אַרום — איינגעשרומפּן; נאָענט, אויסצושטרעקן צו אים אַ האַנט, אָדער אַ בליק וואָס איז טיף — האָט מער נישט הינטער זיך קיין אויג־ווענטל. אַלע בליקן ביז די סוֹפן זענען אויסגעטרוקנט; בלינד, אָפּגעשטעלט. אויך די וואַסערן — ווי פון אייביקער היץ — מער נישט נאָס. זיי פליסן טיף אָן פייכטקייט. זי איז אָפּגעטאָן. עס ברענט, דאָס אָפּגעשיילטע ליכט, טיף אין אומצאָליקע קאָלירן. צו מאָל ווערט עס ווי אַ שאַרף פון אַ געטלעך אויג, וואָס דרינגט אַלץ דורך. אין די שליימיקע דנאָען ליגן געשטאַלטן דורכגעלויכטן גליטשיק־פאַרגלייזט; פאַרמומיעט — ווי אויף אייביק, די פיס — פאַראַנקערט. אויך די געוויקסן פון אונטן לייכטן דורכזעאיק — אין די זיך טוישנדיקע כסדר, געדיכטע קאָלירן. אויבן, האַרט איבער דער נידעריקער הענגענדיקייט, שפּיגלען זיי זיך אָפּ זייטיק, דורכן וואַסער ווי אין אַ לאַנג־סערפיקן געגלאַנץ. עס הענגט אויך אין דער הייך איבער זיי אַ פיל־קאָליריקער בויגן, ווי אַ בייטש, צי ווידער ווי אַ פאַנגנדיקע ווענטקע, וואָס זאַמלט אין זיך איין די טיפקייטן ביז אַראָפּ. ער איז דער בויגן, אין זיין צעלויכטענער צעשטראַלטקייט, אַ צעמעקטער, אַן איבערגעשטראָכענער, ווי פון צעגאַנגענעם ליכט — אין זיין פאַס־ראַנדיקער לענג: טייל מאָל, ווי אַן איינגעצויגענער: קורץ,

בלאָס — דיקער אין די עקן. מיט אַ ווײדל, טונקט ער זיך טיף אין די וואַסערן. מען האָט נישט געוווּסט, צי דורך דער צײַט איז זײַן עק אַזוי זיך צעוואַקסן אַראָפּ. דאָרט ערגעץ אין די טיפֿענישן איז ער צוגעבונדן צו ים־פֿעלדזן — אײנס מיט זיי; אויבן, הויך איבערן ים, פֿלאַטערט ער ווי אַ לאַטאַוויעץ, אַ פֿלישלאַנג, פֿאַר קינדער — בלאָס אין דער צעזילבערטקייט, וואָס צעגיסט זיך, אָדער — איז ער אַרויסגעהאָנגען, ווי אַן פֿאָן — פֿאַר די גרויסע אין די דנאָען. מען האָט זיך נישט געכאַפּט — צי פֿאַר די זונקנדיקע ערשט נישט לאַנג, אין דעם מבול אונטן, וואָס דאָס וואַסער דעקט זיי איבער, עס ציט זיך ווי אַ גיסנדיק ליילעך איבער זיי, צי גאָר פֿאַר די וואָס מען האָט שוין פֿון לאַנג געמאַכט נידערן, אַראָפּגעלאָזט — אין די אונטערשטע שיכטן און זיי זענען נישט געווען — די ערד האָט זיי אײַנגעשלונגען, און ערשט איצט טויכן זיי אויף פֿון די צעפֿאַלענע פֿלאַכן.

**ביכער פון זעלביקן מחבר:**

אונ אין דיין בלוט זאַלסטו לעבן — 1949

בדמיך חיי (עברית) — 1961

מיט בלינדע טריט איבער דער ערד — 1968

בצעדים סומים על פני האדמה (עברית) — 1976